4 קינדער (איין יינגל און דריי מיידלאך) קיין ארץ־ישראל לערנען אין דער גימנאַזיע „הרצליה".

צווישן נישט יידן וויל איך דערמאנען צום גוטן דעם פעלדשער פראקאפענקא, וואָס איז געווען אַ גרויסער מומחה אין מעדיצין, און צוליב זיין גוטקייט און הארציקייט איז ער געווען באליבט ביי אַלעמען. תמיד איז ער געווען גרייט העלפן יעדן נויט־באַדערפטיקן, נישט רעכנענדיק זיך מיט זיין אָפּשטאַם.

און זאָל אויך דערמאַנט ווערן צום גוטן דער גלח טרענטאיוסקי, פונם קלויסטער אין נייעם מארק. א טייערער מענטש איז געווען טרענטאווסקי, וואָס האָט אויף אַן אמת מקיים געווען דעם געבאָט פון מענטשן ליבע. מיט זיינע מעשים און פייערדיקע דרשות אין קלויסטער האָט ער מער ווי איינמאָל פארמיטן עקסצעסן געגן דער יידישער באפעלקערונג אין דובאסאר.



אויפשטעלנדיק א מצבה דער יידישער קהילה אין דובאסאר, געפין איך אלס הייליקן הוב ווידמען א פאָר שורות דעם שטעטל יאגארליק — אונזער נאָענטסטן שכן. קליין איז געווען יאגארליק, אָבער פול מיט יידיש לעבן און יידישן תוכן. עס וועט קלינגען ווי אַ לעגענדע אז איך וועל דערציילן, אַז נאָך אין ערשטן צענדליק פון דעם יאָרהונדערט האָט כמעט גאַנץ יאגארליק גערעדט העברעאיש. דעם דאָזיקן פאַקט האָט יאגארליק געהאָט צו פארדאנקען איר תושב גד לייב רכב, וואָס זיין ליבע צו ציון און דער העברע־



משה און גאָלדע גראַנאָווסקי און זייערע קינדער. זיי זיינען שפּורלאָז פאַרשוווּנדן.
משה וגולדה גרנובסקי וילדיהם. נעלמו ולא נודעו עקבותיהם.

אישער שפּראַך איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט זיין גאַנץ לעבן געווידמעט צו פאַרשפּרייטן די העברעאישע שפּראַך צווישן יאַגאָרליקער אײַנוואוינער, בעיקר צווישן דער יוגנט. אין יאָר 1906 איז ער עולה געווען קיין ארץ־ישראל און מיט דעם געדינט אלס ביישפּיל פאַר פילע פון זיינע חברים און תּלמידים.

האָרעפּאַשנע און ערליכע מענטשן זיינען געווען די יאַגאָרליקער יידן. אויף זייער שטעטל האָבן זיי געקוקט ווי אויף א טראַנזיט־סטאַציע אויפן וועג קיין ארץ־ישראל. אדאַנק זייער ליבע צום לאַנד פון די אבות האָבן פיל פון זיי זוכה געווען זיך צו באַזעצן און לעבן אין ארץ־ישראל. צווישן אַנדערע וויל איך דערמאָנען דוד פוחיס ז״ל, אַ מענטש פון דער צווייטער עליה, וואָס האָט זיך מיט די נעגל איינגעגראָבן אין דער ערד פון מוטערלאַנד, זייענדיק צווישן די גרינדער פון עין־גנים, וואו ער האָט געוואוינט ביז צום לעצטן טאָג פון זיין לעבן. אין דער באַפרייאונגס מלחמה האָט זיין זון יצחק, אַ לערער און אַ דיכטער, מקריב געווען זיין יונג לעבן אויפן מזבח פונם פאָטערלאַנד.

אויך יאַגאָרליק, צוזאַמען מיט אַנדערע שטעט און שטעטלאַך אין מזרח אייראָפּע, איז פאַרשניטן געוואָרן ווען דער צורר היהודים האָט אַראָפּגעלאָזן די האַק איבערן קאָפּ פון די יידישע קהילות.



דאָס זיינען די זכרונות וואָס ס'איז מיר געלונגען צו פאַרצייכנען און זיי אָפּראַטעווען פון פאַרגעסנקייט. אין פיל שלאָפלאָזע נעכט לויפן פאַרביי פאַר מיין גייסטיג אויג בילדער און געשטאַלטן פון דער פאַרגאַנגענהייט און פונדאַסניי לעב איך איבער די געשעענישן, גלייך ווי זיי וואָלטן היינט פאָרגעקומען. אזוי האָט געלעבט און אקטואירט, זיך געפרייט און געוויינט אין פון פילע קהילות, געצויגן דעם פאָדים פון טראַדיציע און צוגעלייגט אַ ציגל צו דער אַלטער פעסטונג פון ישראלס הויז אין גלות רוסלאַנד. ביז עס איז געקומען דער צורר, דער שטן, און האָט פאַרשניטן דאָס געדעכעניש פון דער דובאָסאַרער קהילה אין דער נאַציפיצירטער אייראָפּע. אין איין טאָג זיינען אומ־געבראַכט געוואָרן 18,500 יידן, קדושים וטהורים פון דובאָסאַר און סביבה. הי״ד.

י. דוניבסקי ז״ל

# מה שהיה...

נר לחותני וחותנתי
שמואל ונחמה חרטון
מדובוסרי, זכרם לברכה

חלפו ששים שנה ויותר מאז יצאתי את דובוסרי, ובכל זאת עזים קוויה בזכרוני, כאילו רק אתמול עזבתיה. עיר קטנה היתה דובוסרי, עתיקת ימים, שוכנת על חוף הדניסטר המתפתל בשטפו כנחש. ואם העיר עצמה לא היתה יפה, ברך אותה אלוהים בסביבה מקסימה, שכן דובוסרי שובצה בתוך נוף מלא הוד, בין יערות ומישורים שהפכו את המקום למעין גן-עדן זוטא.

מלבד הנוף שסבב אותה לא הצטיינה דובוסרי בחיצוניותה מעשרות עיירות אחרות בדרומה של רוסיה. בתיה היו קטנים ונמוכים מבחוץ וצנועים מבפנים. גגותיהם היו מכוסים רעפי עץ, שזקנה בת דורות היתה מרחפת עליהם. רחובותיה (להוציא את הרחוב הראשי) לא כבישים היו להם ולא מדרכות, בקיץ העלו אבק מיתמר בעבור בהם עגלה, ובסתיו היו מבוססים בהם בבוץ וברפש.

כזה היה מראה של דובוסרי בעיני זר במבט ראשון, אך לא כן ראוה תושביה ואלה שהכירוה מקרוב. הרבה חן ויופי פנימי היו גנוזים בדובוסרי היהודית ובצדק ניתן היה לומר עליה: אל תסתכל בקנקן אלא במה שיש בו. ובקנקנה של דובוסרי היה מה לראות.

שיחק לה מזלה של עיר קטנה זו והיא שובצה בסביבה ברוכת-אל. שדות סביבתה, כרמיה ובוסתניה שפעו ברכת אלוהים ותושביה היהודיים של דובוסרי פיתחו סחר רב-מידות שהגיע למרחקים. אמנם עשירים מופלגים לא היו בדובוסרי, אבל רוב תושביה היו אמידים ומצאו את פרנסתם בשפע. ובידוע, אם הפרנסה מצוייה אין עינו של איש צרה בחברו ואין הקנאה שלטת ביחסי אדם. אין תימה כי החיים בדובוסרי זרמו בשקט ובשלווה ואיש לא ירד לחיי חברו. איש איש היה טרוד בעבודתו ובמקצועו. והרבה מקורות פרנסה היו בעיר ואלה החשובים שבהם:

**מסחר התבואה** היה רב ונפוץ ורוב תושבי העיר התפרנסו ממנו. ספינות ורפסודות טעונות תבואה היו מפליגות מדובסרי על פני הדניסטר לים השחור, לאודיסה — נמלה הגדול של רוסיה הדרומית. בין סוחרי התבואה של עירנו היו אחדים בעלי שם ומעמד כגון: יוסף זאב כץ, שמואל יצחק ניסנבוים ויצחק לופולובר.

השני בחשיבותו היה **ענף היין**. כרמים רבים היו בסביבתנו ובהגיע עונת הבציר ודריכת היין, נתמלאו החצרות, ולעתים גם הרחובות, אלפי חביות יין שהובאו לעיר בעוד היין תוסס. תכונה רבה היתה בעיר בעת שהיין הובא אליה. אנשים היו נכנסים ובאים, זה לשם קניה או מכירה, זה לשם טעימה בלבד והגדת „מבינות״ על טעמו וחריפותו של

היין לאחר תסיסתו. רבים מתושבי העיר מצאו פרנסתם בענף זה, כי היין היה נמכר גם בסיטונאות, גם לבתי מרזח ומסעדות במקום.

מקום נכבד בכלכלת העיר והסביבה נועד לענף הטבק, שסיפק תעסוקה ופרנסה לאנשים רבים. כידוע דורש הטבק עמל כפיים ומומחיות משתילתו ועד למכירתו. הרבה שלבים עובר הטבק עדי היותו מוכן לעישון. לכל שלב נדרשת התמחות — לגידול, לייבוש, למיון ולאריזה. רק לאחר שהטבק מסודר וארוז לפי טיבו ואיכותו מוכן הוא למכירה. דובוסרי היה מרכז לטבק וממרחקים היו באים קונים וסוכנים לבתי-חרושת לסיגריות. מפורסם ביותר היה המחסן לטבק „לפרם", שבראשו עמד בן עירנו חיים פינקלשטיין.

ענף חשוב נוסף היו עורות כבשים. העורות ניקנו בעודם לחים, ייבשו ועיבדו אותם ובצורתם הטבעית או כפרוות חורף היו נשלחים לבלטי, למכירה בימי השוק השנתי הגדול.

פרט לארבעת הענפים הללו היו מצויים בדובוסרי, כמו בכל עיר בישראל, חנויות ובתי־מלאכה לרוב, שמשפחות רבות התפרנסו מהם בכבוד. היו חנויות למכולת ולדברי סדקית, להלבשה ולהנעלה, לכלי בית ולכלי עבודה. רוב החנויות היו מרוכזות בשוק והבוץ העמוק עד לברכים, שבו היו מבוססים בימות הגשמים, לא מנע מיהודים ומלא יהודים לשאת ולתת במרץ ובהתלהבות. הרבה בעלי־מלאכה היו בעירנו — נגרים ונפחים, חבתנים ופחחים, חייטים וסנדלרים, כובענים ופרוונים וכיוצא בהם, לשמש את הסביבה הגדולה, את הכפריים והעירוניים, שכולם יחד סיפקו פרנסה זה לזה.

טרדות הפרנסה לא מנעו מרבים מתושבי העיר לעסוק בצרכי ציבור, שהסתעפו לתחומים שונים. מירב האוכלוסיה היהודית היתה שומרת דת ומסורת ורבים לא מצאו סתירה בין שמירת מצוות והקניית השכלה וחינוך מודרניים לבניהם. בין המשפחות הנודעות שתורה והשכלה דרו בכפיפה אחת, רואה אני צורך לציין את אייזיק רשקובסקי, את שמואל חרטון, כ"ץ ובמיוחד את ר' יוסף פילר, שבין בניו ונכדיו הרבים היו משכילים ובעלי השקפות מודרניות.

בין תושבי עירנו היו אנשים מסורים לעניני תרבות ולפעולה הציונית, שבראשית המאה הזאת כבשה לבבות רבים, וביחוד בין הנוער. זוכרני את האסיפות שהתקיימו בשבתות בביתו של ידידי המנוח מרדכי רוזנברג, בהן היינו קוראים ודנים בעניני ספרות ושאלות הזמן בלהט רב. אמנם לפי מושגינו היום היתה הרבה תמימות בדברינו ובהשקפותינו, אבל אז, בנסיבות של יהודי רוסיה בראשית המאה, נודעה חשיבות רבה לנושאים שעמדו במרכז דיונינו. אני רואה חובה לציין שמותיהם של אחדים שפעילותם היתה מורגשת ביחוד בציבור היהודי בעירנו, והם: מרדכי רוזנברג, פנחס בסין, ליפא סירוסקי, יצחק בידר זכרם לברכה, ויוסף פרץ ויסוקי, תושב ותיק בארצנו.

* * *

סובב סובב גלגל החיים. זכרונות מחיי הכלל והפרט רודפים זה אחרי זה. יקרים וחביבים הם לי, הרי הם חלק מחיינו. לפתע עמד הגלגל. החיים נפסקים. בא הקץ לזכרונות. סופה חזקה שנשאה עמה הרג וכליון פקדה את עמנו. יד השטן היתה בקהילותינו בתפוצות והיא מחתה ועקרה אותן מן השורש. גדולה המכה והפצעים לא הגלידו. כי מה שהיה שוב לא יהיה. נותקה השרשרת.

י. דונאיעווסקי ז״ל

# וואס איז געווען

דעם ליכטיקן אָנדענק פון מיין שווער און שוויגער,
שמואל און נחמה כארטאן ז״ל.

מער ווי זעכציק יאר זיינען פאַרלאָפן זייט דעם טאָג וואָס איך האָב פארלאָזן דובאסאר, און דאָך זיינען די שטריכן פון דעם שטעטל שארף איינגעקריצט אין מיין זכרון גלייך ווי ערשט נעכטן וואלט איך עס געהאט פארלאָזן. א קליינע אלטע שטאָט איז געווען דובאסאר, אויפן ברעג פון דניעסטער וואָס שלענגלט זיך אין זיין לויף. אמת, די שטאָט אליין איז נישט געווען שיין, דערפאר אָבער האט זי גאט געבענטשט מיט א ממש באצויבערנדיקער סביבה. דובאסאר ליגט ווי איינגעראמט אין א וואונדער שיינעם פייזאזש, צווישן וועלדער און פלאכלאנד, וואס האבן געמאכט פון דער געגנט א מין גן־עדן התחתון.

אחוץ דעם שיינעם פייזאזש וואָס רינגלט ארום די שטאָט איז אויסערליך דובאסאר נישט געווען אנדערש פון צענדליקער אנדערע יידישע שטעטלעך אין דרום רוסלאנד. קליין און נידעריק זיינען געווען אירע הייזקעס פונדרויסן, און באשיידן־צניעות׳דיק פון אינעווייניק. על פי רוב זיינען די דעכער געווען באדעקט מיט הילצערנע שינדלען, וואס א דורות לאנגע זיקנה האט געשוועבט איבער זיי. אירע גאסן (אחוץ דער הויפט־גאס) זיינען נישט געווען געפלאסטערט און אפילו קיין טראטוארן נישט געהאט. זומער, ווען עס פלעגט אדורכפארן א וואגן פלעגט ער אויפהויבן וואלקנס שטויב, און אין הערבסט פלעגט מען אין זיי בראדזשען אין זומפיקע בלאָטעס.

אזוי האָט אויסגעזען דובאסאר אופן ערשטן בליק אין די אויגן פון א פרעמדן. אנדערש אָבער האָט זי אויסגעזען אין די אויגן פון אירע איינוואוינער און די וואָס האָבן זי געקענט פונדערנאענט. פיל חן און אינערליכע שיינקייט זיינען געלעגן באהאלטן אין דער יידישער דובאסאר. אויף איר האָט מען געקענט מיט רעכט אנווענדן דעם מאמר חז״ל „אל תסתכל בקנקן אלא במה שיש בו״. און אין קרוג פון דובאסאר איז געווען וואָס צו זען.

די דאָזיקע קליינע שטאָט האָט געהאט א מזל און דער בורא האט זי איינגעראמט אין א גאט געבענטשטער סביבה, וואָס פון אירע פעלדער און גערטנער האָט זיך געטראָגן גאטס שפע און די דובאסארער יידישע באפעלקערונג האָט אנטוויקלט א ברייט פארצווייגטן מסחר, וואָס האָט זיך צוטראגן איבער ווייטע שטרעקעס פון דער גרויסער רוסלאנד. אמת, קיין גרויסע גבירים זיינען נישט געווען אין דובאסאר, אָבער דער רוב אירע איינוואוינער זיינען געווען פארמעגליך און האבן געהאט פרנסה בשפע. און דאָרט וואו עס איז דא פרנסה פארגינט איינער דעם צווייטן און די קנאה האָט נישט קיין שליטה. עס איז דערפאר

נישט קיין וואונדער וואָס אין דובאסאר איז דאָס לעבן געפלאסן רואיק און שלוה׳דיק און מענטשען זיינען זיך נישט געקראכן איינער דעם צווייטן אין גרגרת אריין. יעדער איינער איז געווען פארנומען מיט זיין ארבעט און באשעפטיקונג און מען האט נישט געדארפט פירן צווישן זיך קיין שארפע קאנקורענץ, ווייל פרנסה קוואלן זיינען געווען בשפע. איך וועל דא אויסרעכנען די וויכטיקסטע :

ד ע ר ת ב ו א ה מ ס ח ר איז געווען ווייט פארשפרייט אין אונזער שטאָט און דער רוב יידן האָבן פון אים געצויגן חיונה. שיפן און בארזשעס אנגעלאדענע מיט תבואה פלעגן ארויסשווימען פון דובאסאר אויפן דניעסטר צום שווארצן ים — צום גרויסן דרום רוסישן פארט אדעס. צווישן די גרויסע תבואה סוחרים פון אונזער שטאָט האָבן זיך גערעכנט יוסף זאב כ״ץ, שמואל יצחק ניסענבוים און יצחק לופאלאווער.

דער צווייטער וויכטיקער פרנסה צווייג איז געווען דער ו ו י י ן ה א נ ד ל. פיל ווייגערטנער זיינען געווען אין אונזער געגנט, או אז עס האט זיך אנגעפאנגען די צייט פון אראָפנעמען די טרויבן און טרעטן דעם וויין, פלעגן די הויפן און צומאָל אויך די גאַסן, פארפלייצט ווערן מיט טויזנטער פעסער וויין וואס פלעגן געבראכט ווערן קיין דובאסאר געפינענדיק זיך אין צושטאנד פון יוירונג. לעבעדיק פלעג ווערן ביי אונז אין שטאט בעת עס זיינען געבראכט געווארן די פעסער וויין. מענטשן פלעגן אריין און ארויסגיין אין די וויין־סקלאדן, ווער כדי צו קויפן און פארקויפן, ווער כדי טועם צו זיין און זאגן מבינות אויפן וויין. פיל דובאסארער יידן האָבן געצויגן חיונה פונם וויינהאנדל, ווייל דעם וויין פון אונזער סביבה פלעג מען פארקויפן סיי הורט סיי אין די שענקען און רעסטאראנען.

א בכבודיק פלאץ אין דובאסארער עקאָנאָמיק און אומגעגנט האָט פארנומען די ט א ב א ק־ א י נ ד ו ס ט ר י ע, וואָס האָט געגעבן באשעפטיקונג א גרויסן טייל פון דער באפעלקערונג. ווי באקאנט פאָדערט די טאבאק אינדוסטריע פיל פיזישע ארבעט און פאך־קענטעניש פון זיין פארפלאנצונג ביז צום פארקויף. פיל עטאפן גייט דורך דער טאבאק ביז ער איז גרייט אוועקצוגיין מיטן רויך. און יעדער עטאפ ווי דאס וואקסן, טריקענען, סאָרטירן און פאקן פאָדערט פאַך־קענטניש. ערשט נאָכדעם ווי דער טאבאק איז סאָרטירט און איינגעפאקט לויט זיין סאָרט און קוואליטעט, איז ער גרייט צום פאַרקויף. דובאסאר איז געווען א צענטר פון טאבאק אינדוסטריע און פון ווייטנס פלעגן קומען קונים און פארטרעטער פון ציגארעטן פאבריקן צו קויפן ביי אונז טאבאק. אמבארימסטן איז געווען דער גרויסער טאבאק־סקלאד „לא־פערם״, וואָס האָט אָנגעפירט חיים פינקלשטיין פון פעטערבורג.

נאך א וויכטיקער פרנסה צווייג איז געווען דער מסחר מיט ש א פ ע נ ע פ ע ל. די פעלן פלעגן געקויפט ווערן ווען זיי זיינען געווען פייכט ; דאן פלעג מען זיי טריקענען און אויסארבעטן, און אין זייער נאטירליכן אויסזען אדער אין דער פארם פון שאפענע פעלצן פלעגן זיי אוועקגעשיקט ווערן קיין באלטע צום גרויסן יערליכן יאריד.

אויסער די אויבנדערמאנטע פיר הויפט צווייגן זיינען געווען אין דובאסאר, ווי אין אלע אנדערע יידישע שטעט און שטעטלאך, פיל קלייטן און ווארשטאטן, וואָס האָבן געגעבן פרנסה פיל יידישע משפחות. עס זיינען געווען שפייז־קראמען, גאלאנטעריע געשעפטן, קלייטן פון געפעס און ארבעטס מכשירים א. א. דער רוב קלייטן האבן זיך קאנצענטרירט

אין מארק און די טיפע בלאָטע ביז צו די קניען אין רעגן טעג האט נישט געשטערט יידן און נישט יידן צו האנדלען מיט ענערגיע און ברען. אין אונזער שטאט זיינען אויך געווען פיל בעלי־מלאכות: סטאליערס און שמידן, באדנערס או בלעכערס, שניידערס און שוסטערס, היטלמאכער און קירזשנערס א. א., וואס האבן באדינט די גרויסע אומגעגנט, די פויערים אין די שטאטישע, וואָס אלע צוזאמען האבן געצויגן חיונה איינער פון אנדערן.

די זארג פאר פרנסה האט נישט געשטערט פיל פון די דובאסארער יידן זיך אפגעבן מיט קהל ענינים, וואָס האָבן זיך אויסגעשפרייט אויף פיל געביטן. דער רוב באפעלקערונג איז געווען טראדיציאָנעל און אָפגעהיט יידישקייט. פיל האָבן נישט געזען קיין סתירה צווישן אפהיטן יידישקייט און געבן די קינדער וועלטלעכע בילדונג. צווישן די משפחות וואו תורה און אלגעמיינע בילדונג האבן געהערט בשלום וויל איך ספעציעל דערמאנען אייזיק ראשקאווסקי, שמואל כארטאן, כ״ץ, און באזונדער ר׳ יוסף פילער, וואס צווישן זיינע זין און אייניקלאך זיינען געווען משכילים און מענטשן מיט מאדערנע אנשויאונגען.



**משפחה יאנקעלעוויטש. שטייען פון רעכטס צו לינקס: ניסן יאנקעלעוויטש און פרוי (דערטרונקען מיט דער שיף סטרומא). שטייען פון לינקס: עזריאל יאנקעלעוויטש (געשטארבן אין ישראל) לעבן אים זיין טאכטער עטל (דערטרונקען מיט דער שיף סטרומא).**

**משפחת ינקלביין. עומדים מימין לשמאל: ניסן ינקלביין ואשתו (טבעו באניה סטרומה). עומדים משמאל: עזריאל ינקלביין (מת בארץ ישראל), על ידו בתו עטל (טבעה באניה סטרומה).**

אונזער שטאט האט פארמאגט א רייע עסקנים וועלכע האבן זיך מיט ברען אפגעגעבן מיט קולטור אַרבעט און ציוניסטישער טעטיקייט וואָס האָט אין אָנפאַנג פון דעם יאָר־הונדערט פארכאפט באדייטנדע טיילן פון דער יידישער באפעלקערונג, באזונדערס די יוגנט. ווי לעבעדיק שטייען פאר מיינע אויגן די שבת פארזאמלונגען אין הויז פון מיין פארשטאָרבענעם פריינד מרדכי ראָזענבערג, וואו מיר פלעגן דורכפירן פּאָרלעזונגען און פירן דיסקוסיעס אויף ליטערארישע און אקטועלע טעמס. לויט אונזערע הייַנטיקע באגריפן וועלן אפשר אויסזען יענע פלאמיקע דיסקוסיעס נאַאיוו־קינדעריש, מען טאָר אָבער נישט פארגעסן אז אין די באַדינגונגען אין וועלכע עס האָבן געלעבט די רוסישע יידן אין ערשטן צענדליק פון דעם יאָרהונדערט, זיינען יענע טעמען געווען פון גרויסער וויכטיקייט. איך וויל דערמאנען די נעמען פון א פאר פערזאָנען, וואָס זייער אקטיוויטעט האָט זיך באזונדער געלאזט מערקן אין דער יידישער דובאסארער געזעלשאפט און אויסגעאיבט אויף איר א השפעה, ווי: מרדכי ראָזענבערג, פנחס באסין, ליפע סיראצקי, יצחק בידער און יוסף פרץ וויסאקי.



עס דרייט זיך דאָס ראָד פון לעבן. זכרונות פון כלל און פרט טויכן אויף פון דער פארגאנגענהייט און יאָגן איינע די אַנדערע. טייער און ליב זיינען זיי מיר. זיי זיינען א טייל פון מיין לעבן. פלוצים רייסט זיך איבער דאָס זכרונות בילד. א גרויסער שטורם וואָס טראָגט מיט זיך מאָרד און אומקום האָט ארומגעכאפט דאָס הויז פון ישראל. דעם שטנ׳ס האַנט האָט זיך אַראָפגעלאָזט אויף די יידישע קהילות אין איירָאפּע און האָט זיי אַפּגעמעקט און ארויסגעריסן מיטן וואָרצל. גרויס איז דער בראָך און די וואונדן זיינען אומהיילבאר, ווייל דאָס וואָס איז געווען איז מער נישטא. איבערגעריסן האָט זיך די קייט.

אגר' ברוך בסין

# זכרונות מן העבר

**בית סבא**

זה יובל שנים שיום יום עוטה אותי אורה של ארץ־ישראל, מולדתנו הנצחית — האור שאליו יצאה נפשי ועליו חלמתי משנות ילדותי. אפס, לא מזוהרה של ארץ-ישראל בלבד ניזונה נפשי, שכן די כי אעצום לרגע קט עיני ואעבור בכנפי הדמיון לעיירתי דובוסרי מלפני חמשים וששים שנה, כדי שאורות אחרים, אורות הילדות יבהיקו ויעלו לפני וירוו את נפשי כגשם ברכה. וראה זה פלא, ככל שהזמן מתרחק ואני מזדקן, עולים כוחם וזוהרם של אותם אורות ורישומם מתחזק והולך.

מכונס בתוך עצמי הריני קורא דרור לדמיוני וזכרונות עלופי געגועים עזים מחזירים אותי אל ילדותי וראשית נעורי, אל דובוסרי הקסומה, אל נוף טבעה הזוהר בכל צבעי הקשת, אשר על רקעו צמח ועלה הנוף האנושי, בתוכו גדלתי וספגתי רשמי וחוויותי הראשונים.

על חוף הדניסטר, בגבולות עיר קטנה בת 10.000 נפש, צמח וגדל נוף אנושי מגוון ומורכב, עולם קטן, אשר כטיפת מים בים הגדול השתקף בו עולם ומלואו. מעגלות מעגלות היתה בנויה דובוסרי, מעגל בתוך מעגל. במרכז, בלבה של העיר, חי עולם יהודי שוקק ותוסס, ציבור סגור ורב-גוונים, שצורת חייו וסדריו היו חתומים בכעין אוטונומיה פנימית רבת שנים, ומחוצה לו, כקליפה, סובב אותו עולם זר, נוצרי, ספק עויין, ספק אדיש. ואם כי בחיי יום יום נגעו זה בזה שני העולמות ובתחומים רבים גם פירנסו זה את זה, הרי לעצמו של דבר היה המגע חיצוני בלבד, מגע ללא תהודה נפשית, וכל אחד משני העולמות חי את חייו הפנימיים ברשות היחיד שלו.

כאי בודד בתוך ים רחב, כבתוך חומה בצורה למחצה חיה העדה היהודית. אפקיה היו צרים ומוגבלים, אבל הנשמה היתרה שריחפה מעליה ואפפה אותה העמיקה את חייה ושיוותה להם חן וחסד ויופי רוחני, שקרן מתוכה על סביביה.

* * *

שפר גורלי ובילדותי זכיתי ליהנות מאורה של המסורת היהודית הטובה ולהתבשם מריחה, מאותה מסורת שופעת חן ותוכן, שנמסרה מדור לדור ונשמרה בבית הורי־זקני, יוסל וחיה פילר ע"ה, הורי אמי, באהבה ובקפדנות והאצילה מרוחה על בית הורי ועל בני דורי. יוסל פילר, שנועד לו מקום כבוד בקהילה היהודית בדובוסרי, חסיד נלהב היה ויחד

עם זאת גם איש משכיל ומודרני. (לעומתו היה אבי-זקני מצד אבי מתנגד וקנאי). כאיש רב-פעלים ונכסים לא נמנע מלקבוע עתים לתורה ובו נתקיימה הברכה של תורה וגדולה במקום אחד. הלשון הרוסית היתה שגורה על פיו (בילדותו אף סיים בית-ספר יסודי-ממלכתי) ויום יום היה קורא עתון רוסי לדעת על הנעשה בעולם הרחב. שעותיו היו מחולקות לפי סדר קפדני וכל דבר נעשה בעתו. הוא השכים לקום ולרגל עסקיו המרובים היה מתפלל תפילת שחרית ביחידות בבית, ואילו בשבתות ובחגים היה מתפלל בציבור



**יוסף וחיה פילר, סבא וסבתא של ברוך בסין**

**יוסף און חיה פילער, ברוך באסינס זיידע און באבע**

בבית־הכנסת שלו, שלו משום שעבר לו בירושה מאביו ר׳ דוד יענקל ז״ל.

לרגל עסקיו המרובים ( אני עצמי זוכר תשעה עסקים שלו ועסק אחד של סבתא יכולם הוקמו ביזמתו הוא) היה מרבה להיות בימות החול בדרכים, אבל בשבתות ובמועדים הקפיד תמיד להיות בבית. במשך שנים היה חבר במועצת העיריה (אגב, היהודי היחידי) ובהמשך לקו זה, שהפך מסורת, כעבור שנים רבות סמוך למהפכה נבחרה אמי לעיריה וביזמתה היא ושל עוד יהודי חבר העיריה — ליפה סירודסקי — נוסדה בדובוסרי גימנסיה יהודית, שתחת השלטון הסובייטי השתלטו עליה היבסקים.

בית ר׳ יוסל פילר היה בית ועד לאנשי שם בדובוסרי — חבריו וידידיו של סבי,

אשר לעתים קרובות היו מתכנסים בביתו בשעות אחרי הצהרים לשיחת רעים על כוס יין. אתחיל בר׳ יוסל דובאנר שכנו. ביתו של יוסף דובאנר עמד מול בית אבי זקני. בשלוש רגלים ובימים נוראים היה ר׳ יוסל עובר לפני התיבה בבית־הכנסת הארעי שבחצרו, שהיו מתפללים בו רק בימי חג. הוא היה אביו של ר׳ חיים פינקלשטיין, הציוני המשכיל המכובד בדובוסרי, שהיה בא־כוח בית החרושת לטבק „לפרם״. כן היו מבאי ביתו שמואל נובוסווט, שמואל כריטון, חותנו של ר׳ ישעיהו דוניאבסקי ז״ל שנפטר בשיבה טובה לפני זמן קצר בחיפה, ועוד 2—3 ידידים שהיו מבאי ביתו הקבועים של אבי זקני. זוכרני בעת שהתכנסה החבורה הזאת היה סבא קורא לפקידו ר׳ שמואל הבורוסטיאן ואומר לו: „שמיעל, צאפ״ (שמואל, פתח את הברז) ולא יותר. שמואל היה ממונה על היקב הגדול של סבא. בלי אומר ודברים היה שמואל יורד למרתף וחוזר עם יין בסרבי משובח. שעה ארוכה היתה החבריה מבלה בשיחה נעימה על כוס יין מתובלת באגוזים, שאף בהם סחר אבי זקני.

כמסופר היה ר׳ יוסל פילר גם חסיד גם איש מודרני. לשתי תכונות אלה יש להוסיף תכונה שלישית: הוא ניחון בחוש פידגוגי. אמי ע״ה היתה מספרת לנו על אביה — כאשר ילדיו היו קטנים (היו לו ארבעה בנים ושש בנות) היה אוסף אותם בבוקר לפני שהלכו לבית־הספר, ומספר להם נפלאות הרמב״ם, שכידוע היה לא רק איש הלכה ופילוסוף גדול, אלא גם רופא מפורסם, ואגדות רבות נרקמו מסביב למעשיו הנפלאים בשדה הרפואה, ועל בני עליה יהודים אחרים, כדי לעורר בלבם רגשי חיבה והוקרה לגדולי ישראל.

אשר לי זכורים לי ביחוד החגים היהודיים שנחוגו בבית סבא ברוב פאר ולפי כל גינוני המסורת היהודית.

כאשר אני מסתכל כיום ריטרוספקטיבית, אחרי למעלה מיובל שנים על בית סבא, הריני רואה שהוא היה מזיגה של שני עולמות — הישן והחדש. סבא וסבתא היו אדוקים במצוות והיו זהירים במצווה קלה כבחמורה ויחד עם זאת היתה אזנם כרויה גם לצלילי הזמן החדש. וראה זה פלא, בביתם חיו שני העולמות בשלום ולא התנגשו ביניהם, כפי שהיה שכיח בהרבה בתים אחרים. ביתם היה פתוח לרווחה לאורחים קשישים, בני הדור הזקן, ולנוער — חברי נכדיהם שחלק מהם גדול בביתם לאחר שנרצחו הוריהם. ולא עוד אלא בין מבקרי ביתם נימנו גם לא יהודים.

בהעלותי זכרונות מבית סבא רואה אני צורך להזכיר שתי חתונות שנערכו בביתו, המפיצות אור על הקשרים הרחבים שקיים ר׳ יוסל פילר עם חוגים שונים של החברה היהודית והנוצרית. החתונה האחת היתה של בתו, הדודה פיינברון (אמה של הפרופ׳ נעמי פיינברון), אשר נפטרה לפני שנתיים בתל-אביב, והשניה של נכדתו היתומה שגדלה בביתו. שתי החתונות נערכו בפאר וברוב עם ובין הקרואים היו משמנה וסלתה של הקהילה היהודית ומחשובי הנוצרים, אשר קפדנותו בשמירת המסורת היהודית לא מנעה מהם כל עיקר לחבב ולהעריץ אותו.

כנאמר, לא ראה סבי סתירה בין חסידות ואדיקות בדת לבין השכלה כללית. אזנו היתה ערה לרוח הזמן, ולשנים מבניו, לבן ולבת הצעירים ביותר, היקנה מקצועות חפשיים. הבן למד הנדסה במינכן ובפטרבורג ועסק במקצועו, והבת היתה רופאת-שינים. גם שתים מנכדותיו רכשו בסיועו השכלה גבוהה.

השתדלתי בטורים אלה לתאר את בית סבי ר׳ יוסל פילר, משום שבעירנו דובוסרי



**משפחת פנחס ולאה בסין ועוד בנות יוסף פילר (אביה של לאה בסין) וילדיהן ובעליהן. עומדים משמאל לימין: ברכה שוחט, עמנואל פינברון, שרה בסין, רבקה שוחט, מרים פילר, רוזה פרלשטין, ליובה פילר, ר. פינברון. יושבים משמאל לימין: טילה פינברון, פנחס בסין, לאה אשתו, חנה פינברון, רחל פינברון, אהרן פינברון. לרגליהם ועל ברכיהם: ר. פינברון, הינדה בסין, בלה פינברון, מירון פינברון, שולמית פינברון.**

לא היה זה בית יוצא דופן והאוירה ששררה בו היתה האוירה הכללית של דובוסרי היהודית. במשתלה זו גדלו ונתחנכו בני דור הורי ורוב בני דורי. מאוירה זו, שהיתה רוויה ערכים יהודיים וכלליים, הושפענו — מי פחות ומי יותר. נשמנו אותה והיא נספגה בדמנו ותרמה לא מעט לעיצוב דמותנו. לה אנו חייבים הרבה כיהודים נאמנים לעמם וכבני הדור החדש שידע למזג מסורת אבות עם ערכים כלל אנושיים.

אין אני יכול לסיים רשימה זו על „בית סבא" מבלי להזכיר את הורי אבי ז"ל, שלמרבה הצער אין ביכולתי להרבות דברים עליהם, משום שהם גרו בבלטה, שם גם נולד אבי. בהפליגי לזכרונות הילדות עולים בזכרוני שני ביקורים שלהם בבית הורי בדובוסרי. סבא ר' משה בסין היה אדוק מאוד ואני זוכר שבעת שהותו בבית הורי היה קם בלילות ל„תיקון חצות". מעשה זה עשה עלי רושם עז. פעם הביא לי במתנה בגד עליון חורפי מצבע חום ומגבעת מקטיפה. תמיד היה מנבא עלי, כי כשאגדל אהיה רב בישראל. כנראה שזאת היתה משאת נפשו. אין אני יודע אם עלי להצטער שלא נהייתי רב בישראל, בכל

אופן לא הייתי ראוי לשמש באיצטלה זו. גם המגע עם הורי־זקני מצד אבי השאיר אצלי רגש חם וזכרם שאני נושא בלבי יקר לי מאוד מאוד.

**דובוסרי בשנות נעורי**

אם כי רוב שנות לימודי התיכוניים (מגיל 11 עד 18) עברו עלי בקישינוב, שם למדתי בבית ספר תיכון ריאלי, הרי חרותים בזכרוני כבצפורן שמיר דוקא מאורעות שארעו באותה תקופה בדובוסרי. כי זאת לדעת, דובוסרי על אף היותה עיר קטנה חיתה היא לא פחות מערים גדולות באינטנסיביות רבה את המאורעות הגדולים שהתרחשו ברוסיה בעשור הראשון למאה הנוכחית, כגון: המלחמה עם יפאן, המהפכה הראשונה בשנת 1905, הפרעות ביהודים שבאו בעקבותיה, וכן את גל הליברליזם שפשט בארץ הגדולה אחרי הריאקציה וההתעוררות החברתית והלאומית שפקדה את המרכז היהודי הגדול בעולם, בן ששת המיליונים.

רצה הגורל והמאורע הטראגי החשוב ביותר בתולדות יהדות רוסיה בראשית המאה, אשר לפי היסטוריונים שונים שימש נקודת מיפנה בהיסטוריה היהודית החדישה — הפוגרום בקישינוב בשנת 1903 — שרשיו הראשונים נעוצים בגנו של אבי זקני, ר׳ יוסף פילר, שעל שפת הדניסטר, אשר בו מצאו ילד נוצרי מת, ריבלנקה, והוא שימש עילה לעלילת דם על הקהילה היהודית בדובוסרי. הדבר מצלצל כמעט כפרדוכס: העלילה על יהודי דובוסרי שרצחו ילד נוצרי כדי להשתמש בדמו לפסח התגלגלה עד לפוגרום ביהודי קישינוב, ואילו יהודי דובוסרי, „הפושעים הישירים", ניצלו משחיטה תודות לעוז רוחם של בניה, שהתארגנו חיש מהר בהגנה עצמית, אשר עמדה כחומה בצורה בפני ההמונים המוסתים. הנוער המשיך בזה את מסורת ההגנה העצמית משנות השמונים של המאה שעברה, כאשר גל של פרעות התפשט על פני דרום רוסיה ובערים שונות עמדו היהודים בשער והדפו בגבורה את התקפות הפורעים.

למותר לומר שעקב עלילת הדם הפכה הקהילה היהודית בדובוסרי למרכז ההתענינות של הציבור הרחב, הרוסי והיהודי, לרבות הממשלה הצארית. אנשי ציבור מפורסמים, משפטנים גדולים, וכן צוררי ישראל, בראשו של סובורין, עורך העתון הריאקציוני והאנטישמי „נוביה ורמיה", ביקרו בעירנו והרבו בחקירת הענין. כן לא טמנו ידם בצלחת גם אנשי ציבור ובני עליה יהודיים, שעשו הכל כדי לחשוף את האמת ולגולל את העלילה המחפירה מעל היהודים. גם ח.נ. ביאליק והמורה הידוע פסח אברבוך ביקרו בדובוסרי בענין זה. וכאן רואה אני צורך לציין, שהעסקנים הצעירים מבני עירנו, בראש וראשונה יעקב פלדמן ז״ל ודודל חכמוביץ, עשו ימים ולילות לגילוי האמת ולא נחו ולא שקטו, דרשו וחקרו וגבו עדויות ואספו חומר בדבר הרצח והעלילה. לנגד עיני עומד חי המחזה בעת שח.נ. ביאליק ואברבוך ישבו בביתנו ודודל חכמוביץ הגיש לביאליק דו״ח מפורט על החקירה שנעשתה בענין עלילת הדם.

במשך שנה שלימה חיינו באוירה של פוגרום וחרב העלילה היתה תלויה מעל לראשינו, עד שהממשלה הצארית — שכוחה רב היה בארגון פוגרומים ובהסתה פרועה נגד היהודים, וגם בבלימתם והפסקתם לאחר שהשתמשה בהם לצרכיה הפוליטיים — החליטה לשים קץ לאוירה העכורה ושיגרה לדובוסרי חוקר רוסי יודע יידיש, אשר הצליח בזמן

קצר לגלות את האשם במות הילד ריבלנקה. הילד שהיה בן יחיד להורים אמידים נתיתם מהוריו, ודודו שנפשו השקה בירושה רצח את הילד במו ידיו והשליך אותו לגנו של סבי. הרוצח בא על ענשו והקהילה היהודית בדובוסרי טוהרה מהעלילה המחפירה.

* * *

1905, שנת המהפכה הרוסית הראשונה. אנחנו, הנוער היהודי הלומד שנגרף ע״י גלי המהפכה, תקוות ורודות רבות נגוזו ונתבדו עם הפרעות שבאו בעקבותיה. בפגרת הקיץ הגדולה שהיתי כרגיל בבית הורי בדובוסרי והריני זוכר את האוירה המתוחה בה היתה שרויה העיר היהודית. הגויים שגרו בפרברי העיר ובכפרים הסמוכים חרקו שן, אך לא העזו לבוא אל תוך העיר מפחד ההגנה היהודית. הפעם לבשה ההגנה צורה מאורגנת יותר. היתה מיליציה יהודית מזויינת בנשק חם, באקדחים וברובים ואף פלוגת פרשים היתה בה. אנשי המיליציה קיבלו שכר ומזונות מהארגון האזרחי, שבראשו עמד ועד ההגנה.

ביחוד היתה המיליציה ערה בלילות. זכורני אפיזודה מאותם הימים, שהשאירה בי רושם עמוק. אבי ז״ל היה חבר פעיל בועד ההגנה ולילה לילה היה חוזר הביתה בשעה מאוחרת, אחר חצות. לילה אחד בושש לבוא. שעון הקיר צלצל שתים ואבי טרם חזר. צלצל שלוש ואין שומעים בדומית הליל צעדיו של אבא. אמי ז״ל ואנחנו הילדים היינו ערים כל הלילה ודאגה מכרסמת בלבנו מה עלה לו לאבא שבושש לבוא. עם בקיעת השחר שמענו דהרת סוסים ואבא נכנס עייף ויגע. מסתבר שאל מיפקדת ההגנה, שהיה לה ש.ב. שלה, הגיעה ידיעה חשאית שבאותו לילה מתכוננת כנופיה גדולה של פורעים לתקוף לפתע את העיר ולערוך פוגרום באוכלוסיה היהודית. הכנופיה צריכה היתה להגיע על כלי שיט על הדניסטר. מיפקדת ההגנה היתה דרוכה ופלוגת הפרשים המזוינת עמדה כל הלילה על המשמר על שפת הנהר. ואכן בשעה מאוחרת אחרי חצות השגיחו השומרים בכלי שיט שהתקרבו והלכו אל הגדה. משהיו הפורעים במרחק של כמה עשרות מטרים פנה אליהם מפקד הפלוגה וייעץ להם להסתלק כלעומת שבאו. ראש הכנופיה, בראותו שגורם האפתעה ניטל ממנו, ציווה לאנשיו לשוט הלאה...

* * *

היחסים בין ועד ההגנה והמשטרה המקומית, שאף יהודי לא היה בה, היו בדרך כלל הגונים. המשטרה ידעה להעריך את אומץ רוחם של הבחורים היהודיים והיא לא הפריעה להם להיות מאורגנים במיליציה להגנה מפני פורעים מוסתים. פעם אחת קרה מקרה והיחסים נשתבשו ודוקא באשמת כמה בחורים שלנו. רוב חברי המיליציה היו מפשוטי העם, קצבים, עגלונים וכיוצא באלה, שבכל ימות השנה היו רגילים למריבות ולקטטות, שלא אחת נסתיימו במכות רצח. רבים מבחורים אלה ששו אלי קרב וציפו בכליון עינים להתמודדות עם החוליגנים, כדי ללמדם לקח ולהראות להם נחת זרועם של בחורים יהודיים, שיודעים לעמוד על כבודם. לילה אחד לא יכלו להתאפק יותר והתחילו להשתולל בחוצות ולירות באויר. בעיר קמה בהלה וגם המשטרה הוזעקה. בחורי המיליציה טענו כי הם ירו כדי להפחיד קבוצת פורעים שביקשו להסתנן לתוך העיר.



התמונה לקוחה מתעודת הספר הזהב של הקרן הקיימת והזורע הוא איש דובוסרי, אהרן הורוויץ ז״ל, שעלה לארץ בשנת 1900.

דאָס בילד איז פֿון ספר הזהב דיפלאָם פון קרן קימת. דאָס איז אהרן הורוויץ ז״ל פון דובאָסאר וואָס האָט עולה געווען קיין ארץ ישראל אין יאָר 1900.

ועד ההגנה חייב היה לעמול קשה לטשטש את הענין והתקרית נסתיימה בנזיפה חמורה שקיבל ממפקד המשטרה.

בהקשר לפרשיות הגבורה של יהודי דובוסרי שמעתי אגדה (ויש להניח שטמון בה

גרעין של אמת) מפי יוצאי דובוסרי מאמריקה, שבאו לארץ לטקס הנצחת זכר קדושי עירנו שהושמדו בשואה. סיפרו אנשי עירנו האמריקאיים כי גונבה אליהם שמועה מעבר למסך הברזל על מעשה יוצא מגדר הרגיל בעירנו בעת פלישת צבאות היטלר לרוסיה. משנכנס חיל החלוץ הנאצי לדובוסרי תקפוהו היהודים והרגו ששים מהם. לאחר מכן, כשהגרמנים השתלטו על העיר והסביבה, תפסו את כל יהודי דובוסרי והסביבה והוציאו אותם להורג מחוץ לעיר. יש בסיפור זה, יהיה הגרעין ההיסטורי שלו אשר יהיה, משום המשך למסורת היהודית־הדובוסרית לעמוד בשער נגד האויב גם בתנאים שהסיכויים להצלחה אפסיים.



וכאשר אני נזכר בימי נעורי בדובוסרי, רואה אני חובה נעימה להעלות על נס את תקופת התחיה הציונית והעברית והאנשים אשר עמדו בראשה, שרבה היתה השפעתם על הדור הצעיר. כבר הזכרתי את ח. נ. ביאליק ופסח אברבוך שביקרו בעירנו. עלי להוסיף בין היתר עסקנים וסופרים כשיינקין, חיים פיאלקוב מ„החברה להפצת השכלה", יעקב רבינוביץ, יוסף ויתקין, מראשי מפלגת הפועל הצעיר בארץ, ד"ר יהושע בוכמיל וחיים גרינברג. ואחרון אחרון, המורה יגולניצר (גולני) שישב בדובוסרי שנים אחדות וניהל בה בית־ ספר עברי. הוא היה בין המארגנים הראשיים של ההגנה אצלנו ובהשפעתו נוסדה אצלנו אגודה רבת פעלים של „צעירי ציון". זכתה עירנו שחיים גרינברג ויגולניצר חיברו אצלנו את הפרוגרמה הראשונה של צעירי־ציון, הידועה בשם „הפרוגרמה הדובוסרית". ב-1907 עלה יגולניצר לארץ-ישראל ובזה שימש דוגמה לרבים מצעירי דובוסרי שהלכו בעקבותיו.

אגר. **ברוך באסין**

# זכרונות פון דער פארגאנגענהייט

## דעם זיידנס הויז

שוין מער ווי 50 יאָר ווי טאָג איין טאָג אויס פארפלייצט מיך דאָס ליכט פון ארץ־ישראל — אונזער אייביק היימלאנד — אַ ליכט וועגן וועלכן איך האָב געחלומ'ט און מיין נשמה האָט געלעכצט נאָך אים זייט מיינע פריע קינדער־יאָרן. און דאָך איז געגוג איך זאָל אויף א ווייל פאַרמאַכן די אויגן און מיין דמיון זאָל מיך אויף זיינע פליגל אריבערטראָגן אין מיין שטעטל דובאסאר מיט 50 און 60 יאָר צוריק, און אנדערע ליכטער פון מיין קינדהייט זאָלן אויפטויכן און אנזעטיקן מיין זעל ווי מיט א מזל־ברכה'דיקן שפריי־רעגן. עס איז ממש צו באוואונדערן: מיט יעדן יאָר וואָס איך ווער עלטער שיינען זיי, די

ליכטער, שטאַרקער און בלישטשענדיקער און זייער ווירקונג אויף מיין געמיט ווערט שאַרפער און דורכדרינגענדיקער.

אַריינגעטאָן אין זיך לאָז איך פריי מיין פאַנטאַזיע און זכרונות איינגעהילט אין שטאַרקע בענקענישן פירן מיך צוריק צו מיינע קינדער און פריע יוגנט־יאָרן, צו דער כישוף'דיקער דובאָסאַר, צו איר מיט אַלע פאַרבן פון רעגנבויגן בלענדענדיקער נאַטור, וואָס אויף איר קאַנווע איז אויפגעשפּראָצט און אויפגעגאַנגען אַ סביבה, אין וועלכער איך בין אויפגעוואַקסן און איינגעזאַפּט מיינע ערשטע איינדרוקן און איבערלעבענישן.

אויף די ברעגן פון דניעסטער, אין די גרעניצן פון אַ קליינער שטאָט, וואָס האָט בסך הכל געציילט 10.000 נפשות, האָט אויפגעשפּראָצט און זיך צעוואַקסן אַ פאַרבנרייכע סביבה, אַ קליינע וועלט וואָס ווי אַ טראָפּן אין ים האָט זיך אין איר אָפּגעשפּיגלט דער גאַנצער ארום. ווי אַ רינג אין אַ רינג האָט זיך אויסגעשפּרייט דובאָסאַר. אין צענטער, אין האַרץ פון דער שטאָט, האָט געלעבט אַ יידישע ברויזנדיקע וועלט, אַ אין זיך פאַרשלאָסענע קאָלירפולע געמיינדע, וואָס איר שטייגער און מנהגים זיינען געווען איינגעקלאַמערט אין אַ ראַם פון הונדערט־יעריקער אינערליכער אויטאָנאָמיע. אויסער איר האָט ווי אַ שאָל זי ארומגענומען אַן אַנדער וועלט, אַ קריסטליך פּרעמדע, וואָס צומאָלס איז זי געווען צו איר פיינדליך, צומאָלס גלייכגילטיק. און ווען אפילו אין טאָג־טעגליכן לעבן האָבן זיך די צוויי וועלטן באַרירט און אויף פאַרשידענע געביטן זיך געגנזייטיק מפרנס געווען, איז דאָך זייער באַרירונג געבליבן אַן אויסערליכע, אָן אַן אינערליכן נשמה אָפּקלאַנג. בקיצור, ביידע האָבן איינע נעבן דער אַנדערער זיך אויסגעלעבט יעדע איינע אין איר אייגענעם רשות היחיד.

ווי אַן איינזאַמער אינזל אין גרויסן ים, האַלב איינגעשלאָסן ווי אין אַ באַפעסטיק־טער מויער, האָט געלעבט די יידישע עדה. שמאָל און באַגרעניצט זיינען געווען אירע האָריזאָנטן, די נשמה יתירה, אָבער, וואָס האָט געשוועבט איבער איר און געלעבט אין איר, האָט פאַרטיפט און באַרייכערט איר לעבן, זי באַזעלט מיט חן און גנאַד און גייסטיקע שיינקייט, וואָס האָט באַשטראַלט איר גאַנצן ארום.

✶ ✶ ✶

צו מיין גליק האָב איך זוכה געווען אין מיינע קינדער יאָרן זיך אָנטרינקען מיט דעם ליכט פון דער יידישער טראַדיציע און פאַר'שיכור'ט ווערן פון איר אַראָמאַט, פון אָט דער רייכער און זאַפטיקער טראַדיציע וואָס איין דור האָט זי איבערגעגעבן דעם צווייטן, און מיין זיידע און באָבע — יאָסל און חיה פּילער ע"ה — מיין מוטערס עלטערן — האָבן זי אָפּגעהיטן מיט ליבע און אייפער און אויסגעשטראַלט איר ליכט אויף מיין עלטערנס הויז און אויף מיין דור.

יאָסל פּילער, פון די שענסטע באַלעבאַטים אין דובאָסאַר, איז געווען אַ פאַרברענטער חסיד און דאָס האָט אים נישט געשטערט אויך צו זיין אַ משכיל און אַ ליבעראַל־מאָדערנער מענטש. (דאַקעגן מיין זיידעס פון טאַטנס צד איז געווען אַ קנאי און אַ מתנגד). טראָצדעם וואָס ער איז געווען זייער אַ פאַרנומענער מענטש אַדאַנק זיינע פילע געשעפטן, האָט ער תמיד זיך געמאַכט צייט עוסק צו זיין אין לערנען. ער האָט גוט באַהערשט דאָס רוסישע לשון (ער האָט אַלס קינד געענדיקט אַ מלוכה־שע פאָלקסשול)

און פלעגט יעדן טאָג לייענען א רוסישע צייטונג צו וויסן וואָס עס טוט זיך אין דער גרויסער וועלט. ער האָט ליב געהאט אָרדנונג. דעם טאָג האָט ער צוטיילט לויט א שטרענגן סדר און יעדע ארבעט איז געטאָן געוואָרן אין איר באַשטימטער צייט. ער פלעג אויפשטיין גאנץ פרי און צוליב זיינע פילע עסקים פלעג ער שחרית דאווענען ביחידות אין שטוב. שבתים און ימים־טובים פלעג ער דאווענען בציבור אין זיין אייגענער שול, אין דער שול וואָס ער האָט געירש׳נט פון זיין פאטער ר׳ דוד יענקל ז״ל. צוליב זיינע פילע געשעפטן (איך אליין געדענק ניין געשעפטן זיינע, אחוץ איינס וואָס עס האָט אָנגעפירט די באבע) פלעג ער כמעט די גאנצע וואָך זיך געפינען אונטערוועגס; אויף שבת און יום־טוב, אָבער, פלעג ער מקפיד זיין תמיד צו זיין אינדערהיים. במשך פיל יאָרן איז ער געווען א מיטגליד אין שטאָט־ראט (אגב, דער איינציקער ייד). מיט יאָרן שפּעטער, שוין האַרט פאַר דער רעוואָלוציע, איז מיין מוטער ע״ה אויסגעוויילט געוואָרן אויפן דאָזיקן אַמט, און אויף איר איניציאטיוו און מיט דער הילף פונם ראטמאן ליפע סיראדסקי איז געגרינדעט געוואָרן אין דובאסאר א יידישע גימנאזיע. אונטער דער סאוויעטישער הערשאפט זיינען די יעווסעקעס געוואָרן די באלעבאטים פון דער גימנאַזיע און ארויפגעצוואונגען אויף איר זייער גייסט.

יאסל פילערס הויז איז געווען א בית־ועד פאר חשובע יידן אין דובאסאר — מיין זיידנס פריינד און חברים, וואס פלעגן אפט אין די נאכמיטאג שעה׳ן זיך צוזאמענקומען צו א חברישן שמועס ביי א גלעזל וויין. איך וועל אָנפאַנגען מיט יאָסל דובאנער, וואָס האָט געוואוינט קעגן מיין זיידן. ימים נוראים און פסח, שבועות און סוכות, פלעג ער דאווענען פארן עמוד אין דער פראָוויזאָרישער שיל וואָס איז געווען אין זיין הויף. ער איז געווען ר׳ חיים פינקלשטיינס פאטער, א ייד א משכיל, א ציוניסט, אן אנגעזעענער באלעבאס אין דובאסאר, דער פאַרטרעטער פון דער גרויסער טאבאק־פאבריק „לאפערם״. צווישן אַנדערע פלעג אריינקומען שמואל נאוואסעווט, שמואל כאריטאן, ר׳ ישעיה דונאיעווסקיס איידעם, וואָס איז ערשט נישט לאנג נפטר געוואָרן אין טיפן עלטער אין חיפה, א.א. אז די חברותא פלעג זיך צוזאמענקומען פלעג דער זיידע רופן זיין פריקאשטשיק ר׳ שמואל כאראבאסטיאן און אים א זאָג טאָן: „שמיעל, צאפּ!״. שמואל, וואָס איז געווען דער אויפזעער איבערן זיידנס וויינקעלער, פלעג נישט זאָגנדיק קיין וואָרט אַראָפּגיין אין קעלער אריין און ארויפברענגען א פּאָר פלעשער גוטן בעסאראבער וויין. א פּאָר שעה פלעג זיצן די חברותא און בנעימות׳דיק שמועסן ביי א גלעזל וויין פארבראקט מיט ניס, וואָס דאָס איז אויך געווען איינס פון מיין זיידנס געשעפטן.

מיין זיידע ר׳ יאסל פילער איז אויך געווען באזעלט מיט א טיפן פּעדאגאָגישן חוש. מיין מוטער פלעג דערציילן, אז בעת זי איז געווען א קינד פלעג ער אינדערפרי, פארן גיין אין שולע, צוזאמענרופן די קינדער (ער האָט געהאט 4 זין און 6 טעכטער) און זיי דערציילן וואונדער געשיכטן פונם רמב״ם, וואָס איז, ווי באוואוסט, אויך געווען א גרויסער דאָקטאָר און א סך לעגענדעס האָט דאָס פאָלק געוועבט ארום דעם, און מעשיות פון אנדערע גדולי ישראל, כדי איינצופלאנצן אין זייערע הערצער ליבע און אכטונג צו יידישע פערזענליכקייטן.

פון מיינע קינדער יאָרן זיינען באזונדערס איינגעקריצט אין מיין זכרון די יידישע

ימים טובים, וואָס פלעגן אין מיין זיידנס הויז געפייערט ווערן מיט גרויס גלאַנץ, לויט אַלע דקדוקים פון דער יידישער טראַדיציע.

באַטראַכטנדיק רעטראָספּעקטיוו, דורך אַ דיסטאַנץ פון העכער 50 יאָר, מיין זיידנס הויז, זע איך ווי ווייט עס איז געווען אַ סינטעז פון צוויי וועלטן — דער אַלטער און דער נייער. מיין זיידע און באָבע זיינען געווען פרומע מענטשן, שטריינג אָפּגעהיט מצוות און דינים, און צו דער זעלבער צייט האָבן זיי אויך געהאַט אַן אָפן אויער צו הערן די קלאַנגען פון דער נייער צייט. עס איז צו באַוואונדערן ווי אין זייער הויז האָבן ביידע וועלטן געלעבט בשלום, נישט ווי אין פיל אַנדערע הייזער וואו זיי האָבן זיך צוזאַמענגעשטויסן. זייער הויז איז געווען אָפן פאַר עלטערע מענטשן און פאַר יוגנט — די אייניקלאַכס חברים, וואָס נאָכדעם ווי זייערע עלטערן זיינען דערמאָרדעט געוואָרן, האָבן זיי זיך אויפגעצויגן ביים זיידן. נישט נאָר יידן, אויך קריסטן, וואָס מיין זיידע האָט מיט זיי אָנגעהאַלטן פריינדשאַפט, פלעגן זיין איינגייער אין זיין הויז.

אויפברענגענדיק זכרונות וועגן מיין זיידנס הויז, געפין איך פאַר נויטיק צו דערמאָנען צוויי חתונות וואָס זיינען געפּראַוועט געוואָרן אין זיין הויז, וואָס וואַרפן אַ ליכט וועגן די ברייטע פאַרבינדונגען וואָס ר׳ יאָסל פּילער האָט געהאַט מיט פאַרשידענע קרייזן פון דער יידישער און קריסטליכער געזעלשאַפט. איין חתונה איז געווען פון זיין טאָכטער, די מומע פיינבראָן (די מוטער פון פּראָפ. נעמי פיינבראָן), וואָס איז פאַר צוויי יאָר געשטאָרבן אין תל־אביב; און די צווייטע — פון זיין אייניקל, די עלסטע יתומה וואָס איז אויפגעוואַקסן אין זיידנס הויז. ביידע חתונות זיינען געפּראַוועט געוואָרן מיט גרויס גלאַנץ און צווישן די געסט זיינען געווען די שענסטע און חשובסטע באַלעבאַטים פון דער יידישע קהילה און פון דער קריסטליכער באַפעלקערונג, וואָס זיין שטרענג אָפּהיטן יידישקייט האָט זיי בכלל נישט געשטערט אים שעצן און אַכטן.

ווי שוין געזאָגט, האָט מיין זיידע נישט געזען קיין סתירה צווישן חסידות און שטרענג אָפּגעהיטענער יידישקייט און וועלטליכער בילדונג. צוויי פון זיינע קינדער אַ זון און אַ טאָכטער (די יונגסטע) האָט ער געגעבן העכערע בילדונג. דער זון האָט געלערנט אינזשיניעריע אין מינכען און פּעטערבורג און זיך באַזעצט ביי זיין פּראָפעסיע, און די טאָכטער האָט געענדיקט אַלס דענטיסטקע. אויך צוויי פון זיינע אייניקלעך האָט ער דערמעגליכט דערוואָרבן העכערע בילדונג.

מיט די דאָזיקע שורות בין איך אויסן געווען צו מאָלן מיין זיידנס הויז, וועלנדיק אונטערשטרייכן דערמיט אַז ר׳ יאָסל פּילערס הויז איז בכלל נישט געווען קיין אויסנאַם אין אונזער שטאָט, און דער גייסט וואָס האָט דאָרט געהערשט איז געווען דער אַלגעמיינער גייסט פון דער יידישער דובאָסאַר. אין דעם דאָזיקן גאָרטן זיינען אויסגעוואַקסן און זיך דערצויגן דער דור פון מיינע עלטערן און מיין אייגענער דור. אין דער דאָזיקער אַטמאָספערע, וואָס איז געווען דורכגעדרונגען מיט יידישע און אַלגעמיין מענטשליכע ווערטן, האָבן מיר געאָטעמט און איינגעזאַפּט אין אונזער בלוט מידות, שטרעבונגען און האָפנונגען. איר זיינען מיר אַסך שולדיק סיי אַלס געטרייע יידן, סיי אַלס מאָדערנע

מענטשן. אדאנק איר האָבן מיר געפונען דעם סינטעז צווישן טראַדיציאָנעלער יידישקייט און אַלגעמיין מענטשליכע ווערטן.

אויפברענגענדיק זכרונות וועגן מיין „זיידנס הויז" וויל איך ווידמען א פּאָר שורות מיין פאטערס עלטערן, וואָס צו מיין גרויס באדויערן האָב איך וועגן זיי נישט קיין סך זכרונות, מחמת זיי האָבן געוואוינט אין באלטע, וואו עס איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן מיין פאטער ע"ה. פון מיינע קינדער־יאָרן געדענק איך צוויי מאָל וואָס מיין זיידע ר' משה באסין האָט באזוכט מיינע עלטערנס הויז אין דובאסאר.

מיין זיידע ר' משה איז געווען זייער א פרומער ייד און אינמיטן דער נאכט פלעג ער אויפשטיין צו „תיקון־חצות". איך געדענק ווען איך האָב דאָס ערשטע מאָל זיך אויפגעכאַפּט אין מיטן נאַכט און דערזען דעם אַלטן זיידן זיצן אויף אַ פוס־בענקעלע ביי א חלב'ן ליכטל, זאגנדיק מיט א טרויריקן ניגון די קינות וועגן חורבן ירושלים, האָט דאָס בילד אויף מיר געמאכט אַן אויסערגעוויינליכן רושם. איינמאָל געדענק איך האָט ער מיר געבראכט א מתנה א ווינטערדיק אויבער־מלבוש פון ברוינעם שטאָף און א סאמעטענעם קאפעליוש. ער פלעג תמיד זאגן אז ער האָפט איך וועל אויסוואקסן א רב. ווייזט אויס אז דאָס איז געווען זיין אינטימער באגער. איך ווייס נישט צו איך דאַרף זיך מצער זיין וואָס כ'בין נישט קיין רב, ווייזט אויס אז איך בין נישט ראוי געווען דערצו. מיין זיידנס וואונטש איז נישט מקויים געוואָרן, אָבער דער אָנדענק וואָס ער און די באבע האָבן איבערגעלאָזן אין מיין זכרון ברענגט אין מיר אויף, ווען איך דערמאָן זיך אָן זיי, א ווארים הארציק געפיל. אויך זייער געדאכט איז מיר זייער טייער.

## דובאסאר פון מיינע יוגנט־יאָרן

טראָצדעם וואָס דעם רוב פון מיינע גימנאזיע יאָרן (צווישן 11 און 18) האָב איך פארבראכט אין קישינעוו, וואו איך האָב געלערנט אין דער רעאלער מיטל־שול, האָבן זיך דוקא שארף איינגעקריצט אין מיין זכרון די געשעענישן פון יענער תקופה וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דובאָסאר. איך גלויב אַז די סיבה דערפון איז וואָס דובאָסאר אַלס קליינע שטאָט האָט איבערגעלעבט און דורכגעפיבערט די גרויסע געשעענישן פון יענער צייט, ווי די רוסיש־יאפּאנישע מלחמה, די רעוואָלוציע פון 1905, די פּאָגראָמען, ווי אויך די כוואַליעס פון ליבעראַליזם וואָס האָט פארפלייצט דאָס ריזן לאנד נאָך די יאָרן פון רעאקציע, און צום סוף די נאציאָנאלע און סאָציאלע דערוואכונג וואָס האָט ארומגעכאפּט דאָס 6 מיליאָניקע רוסישע יידנטום, מיט נישט וויניקער אינטענסיווקייט ווי די גרויסע צענטערן מיט א פיל גרעסערער באפעלקערונג.

עס האָט זיך ארויסגעוויזן אַז דאָס יינגל וואָס איז געווען דער איינציקער יורש פון געשעעניש וואָס האָט געטראָפן דעם רוסישן יידנטום אין אָנפאנג פון דעם יאָרהונדערט, אַ געשעעניש וואָס פאַרשידענע היסטאָריקער ווילן אין איר זען א ווענדפּונקט אין דער נייעסטער יידישער געשיכטע — דער קישינעווער פּאָגראָם אין 1903 — האָט שטעקן

אירע וואַרצלען אין מיין זיידן יאסל פילערס גאָרטן וואָס אויפן ברעג פון דניעסטר, וואו מען האָט געפונען טויט דאָס קריסטליך יינגל ר׳באלענקא, אַן „אנטדעקונג" וואָס איז בליץ־שנעל געוואָרן אַ מאָטיוו פאר אַ בלוט בלבול אויף דער דובאסארער יידישער קהילה.

עס קלינגט ווי א פאראדאָקס: דער בלבול אז דובאסארער יידן האָבן דערמאָרדעט א קריסטליך יינגל פאר ריטועלע צוועקן איז געווען א דירעקטער גורם פארן קישענעווער פאָגראָם, און דוקא די דובאסארער יידן, די „דירעקטע פארברעכער", האָבן אויסגעמיטן די שחיטה וואָס האָט זיך אויף זיי געגרייט א דאנק דעם מוט פון אירע העלדישע זין וואָס האָבן זיך בליצשנעל אָרגאַניזירט אין אַ זעלבסטשוץ, אָנוואָרפנדיק אַן אימה אויף די אויפגעהעצטע פאָגראָמשטשיקעס. די יידישע יוגנט אין דובאסאר האָט זיך ארויסגעוויזן אַלס ווירדיקער יורש פון דער יידישער זעלבסטשוץ אין די 80־קער יאָרן פון פארגאנגענעם יאָרהונדערט, וואָס האָט ווירדיק און מיט גבורה אפגעשלאָגן די פאָגראָמען וואָס האָבן דאן אַרומגעכאַפּט דרום־רוסלאנד.

דער עלילת דם האָט איבערנאכט פארוואנדלט דובאסאר אין צענטר פון דער געזעלשאפטליכער אויפמערקזאמקייט, סיי יידישער, סיי אלגעמיינער, נישט אויסשליסנדיק די העכסטע רעגירונגס קרייזן. בארימטע געזעלשאפטליכע טוער, גרויסע יוריסטן, ווי אויך שונאי ישראל מיא סאבארינען, דעם רעדאקטאָר פון דער רעאקציאָנער־יידן־פרעסערישער צייטונג „נאוואיא ווערעמיא" אן דער שפיץ, האָבן באזוכט אונזער שטאָט אויסצופאָרשן דעם בלוט בלבול. פארשטייט זיך אז אויך יידישע פערזענליכקייטן און טוער האָבן נישט געשוויגן און געטאָן אלץ אויפצודעקן דעם אמת און ריינוואשן דובאסארער יידן פון דעם שענדליכן בלבול. אויך אונזערע אייגענע דובאסארער טוער, אן שפיץ פון יעקב פעלדמאן און דוד׳ל חאכאמאוויטש, האָבן אוועקגעגעבן טעג און נעכט אויפצודעקן דעם אמת; זיי האָבן געגישטערט און געפאָרשט, אָפגענומען עדות ביי צענליקער מענטשן, געזאמלט פיל מאטעריאל וועגן מארד און בלבול און פיל בייגעטראָגן אויפצודעקן דעם אמת. ווי לעבעדיק שטייט פאר מיינע אויגן דאָס בילד בשעת ח. נ. ביאליק און דער לערער אווערבוך זיינען געזעסן ביי מיינע עלטערן אין שטוב (זיי זיינען ספעציעל געקומען וועגן עלילת דם) און דוד׳ל חאכאמאוויטש האָט איבער־געגעבן ביאליקן אין האנט אן אויספירליכן געשריבענעם באריכט וועגן דער אויספאָר־שונג וואָס די לאָקאלע עסקנים האָבן דורכגעפירט וועגן דעם בלבול.

א גאנץ יאָר האָבן מיר געלעבט אין א פאָגראָם־אטמאָספער און ווי א דאמאקלעס שווערד איז דער עלילת־דם געהאָנגען איבער אונזער קאָפּ, ביז די צארישע רעגירונג, וואָס איז געווען זייער געשיקט צו אראנזשירן פאָגראָמען און אָרגאַניזירן ווילדע העץ־קאמפאניעס געגן יידן און זיי אויך אָפּשטעלן נאָכן באנוצן זיך מיט זיי פאר אירע פאַליטישע צוועקן, האָט סוף־סוף באשלאָסן אָפּריייניקן די פארפעסטעטע לופט און האָט געשיקט קיין דובאסאר אן אויספאָרשער וואָס האָט געקענט יידיש, און אין א קורצער צייט האָט ער באוויזן אויפצודעקן דעם שולדיקן אין מאָרד פון יינגל ריבאלענקא.

עס האָט זיך פארגלוסט דעם גורל אַ שפּיל טאָן און די פילבארסטע טראגישע זיינע פאַרשטאָרבענע רייכע עלטערן, איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך זיין פעטער, וואָס האָט

געהאָפט צו ווערן דער יורש פונם פארמעגן, און כדי אָפּצוּווענדן דעם חשד פון זיך, האָט ער אונטערגעוואָרפן דעם טויטן קערפער אין מיין זיידנס גאָרטן. דעם רוצח האָט מען גלייך אַרעסטירט און פארמשפט און די יידן אין דובאסאר האָבן פריי אָפּגעעטעמט און זייער נאָמען איז ריינגעוואשן געוואָרן פון שרעקליכן בלבול.

1905. דאָס יאָר פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע. מיר, די שטודירנדיקע יידישע יוגנט, וואָס איז ענטוזיאסטיש פארכאפט געוואָרן דורכן שטורם פון דער רעוואָלוציע, האָבן איבערגעלעבט ביטערע ענטוישונגען און פיל ראזעווע האָפנונגען זיינען צערונען געוואָרן אין דער פּאָגראָם כוואליע וואָס האָט ארומגעכאפּט דאָס גרויסע לאנד נאָכן דורכפאל פון דער רעוואָלוציע. די זומער־פעריען האָב איך, ווי געוויינליך, פאַרבראַכט אין מיינע עלטערנס הויז אין דובאסאר און ביז היינט איז פריש אין מיין זכרון די געשפאנטע אַטמאָספערע אין וועלכער עס האָט געלעבט יענעם זומער די דובאסארער יידישע באפעלקערונג.

די גויים פון די פאַרשטעט און ארומיקע דערפער האָבן געקריצט מיט די ציין, אָבער זיי האָבן נישט געוואגט זיך באווייזן אין שטאָט אויס מורא פאר דער יידישער זעלבסט־שוץ. דאָסמאָל איז די זעלבסטשוץ בכלל געווען גוט אָרגאניזירט. זי האָט אויפגעשטעלט אַ יידישע מיליץ וואָס איז געווען באַוואָפנט מיט הייס געווער, מיט רעוואָלווערן און ביקסן. די זעלבסטשוץ האָט אויך געהאַט אַ רייטער גאָנדע. די מיליץ האָט אויך באקומען געהאַלט און שפייז פון דעם בירגער קאָמיטעט, וואָס האָט זיך געפונען אונטערן קאָנטראָל פון דער הגנה קאָמאנדע.

די הויפט־אויפגאַבע פון דער מיליץ איז געווען האַלטן אַ וואַך אויג אין די נעכט. פון יענער צייט געדענק איך אן עפּיזאָד וואָס האָט אויף מיר איבערגעלאָזט א טיפן רושם. מיין פאטער ע״ה איז געווען אן אקטיווער מיטגליד אין דער זעלבסטשוץ קאָמאַנדע און יעדע נאַכט פלעג ער אהיימקומען נאָך חצות. איין נאַכט האָט ער זיך פאַרזאָמט מער ווי געוויינליך. דער וואַנט־זייגער האָט געשלאָגן צוויי און ער איז נאָך נישטאָ; ער האָט געשלאָגן דריי און ער איז נאָך אַלץ נישטאָ. מיין מוטער ע״ה און מיר די קינדער זיינען געווען וואַך די גאַנצע נאַכט און נישט געוואוסט וואָס איבערצוטראכטן. ערשט מיט די ערשטע זון־שטראַלן האָבן מיר געהערט דאָס קלאַפּן פון די פערד קאפּיטעס און דער טאַטע האָט זיך אריינגעשלייכט אין שטוב אריין א טויט מידער.

וואָס איז געווען די סיבה פון זיין שפּעטן אהיימקומען? צו דער שפּיאָנאזש אָפּטיילונג פון דער זעלבסטשוץ איז דערגאנגען א ידיעה, אַז אַ גרויסע באַנדע פּאָגראָמשטשיקעס האָט זיך געגרייט יענע נאַכט אָנפאַלן אויף דובאסאר און פּאָגראָמירן די יידישע באַפעל־קערונג. זיי האָבן געזאָלט אָנקומען פון דער צווייטער זייט דניעסטר. די זעלבסטשוץ קאָמאַנדע איז געווען געשפּאַנט און די באוואָפנטע רייטער אָפּטיילונג איז געשטאַנען די גאַנצע נאַכט אויף דער וואַך ביים דניעסטר. די ידיעה האָט זיך ארויסגעוויזן אַלס ריכטיקע און אַ שעה נאָך חצות האָבן די היטער באַמערקט אויפן טייך באַרקעס וואָס האָבן זיך דערנענטערט צו אונזער ברעג. האָט דער קאָמאַנדאַנט פון דער רייטער אָפּטיילונג צו זיי אריבערגעשריען און זיי גע׳עצה׳ט זיך אָפּטראָגן פונוואַנען זיי זיינען

געקומען. דער אָנפירער פון דער באַנדע, זעענדיק אז די יידישע זעלבסטשוץ איז גרייט, האָט באַפוילן זיינע לייט שווימען ווייטער...

אין אַלגעמיין זיינען די באַציאונגען צווישן דער אָנפירערשאַפט פון דער זעלבסט־שוץ און דער ארטיקער פּאָליציי געווען קאָרעקטע. די פּאָליציי האָט אָפּגעשאַצט דעם מוט און דעם מסירת־נפש פון די יידישע בחורים און האָט נישט געשטערט דער מיליץ אין איר אויפגאַבע צו באַשיצן די יידישע באַפעלקערונג פון אויפגעהעצטע כוליגאַנעס. איינמאָל האָט געטראָפן אַ מעשה, וואָס האָט אויף אַ שטיקל צייט קאַליע געמאַכט די באַציאונגען. שולדיק אין דעם זיינען געווען דוקא אַ פּאָר מיליץ מיטגלידער, וואָס זיינען אין דער מערהייט באשטאנען פון פּראָסטע יונגען, קצבים, בעלי־עגלה׳ס א. ז. וו. דאָס זיינען געווען חבר׳ה וואָס אַ גאַנץ יאָר זיינען זיי געווען געוואוינט זיך ארומצוקריגן און אַרומשלאָגן, און נישט איינמאָל פלעגן זייערע קריגערייען זיך פאַרענדיקן מיט מכות רצח. פיל פון די דאָזיקע בחורים האָבן געוואָרט מיט בענקשאַפט אויף א געלעגנ־הייט זיך צו פאַרמעסטן מיט די כוליגאַנעס און זיי געבן אַ לעקציע וואָס יידישע בחורים קענען באַווייזן ווען עס גייט אין פאַרטיידיקן דעם יידישן כבוד און יידיש לעבן און פאַרמעגן.

איינמאָל אַ נאַכט האָבן זיך א פּאָר פון זיי מער נישט געקענט איינהאַלטן, האָבן זיך צעווילדעוועט און עטלעכע מאָל אויסגעשאָסן אין דער לופט. אין שטאָט איז געוואָרן אַ פּאַניק און אויך די פּאָליציי איז געשטעלט געוואָרן אויף די פיס. די מיליציאָנערן האָבן געטענה׳ט, אז זיי האָבן געשאָסן כדי אָפּצושרעקן אַ באַנדע כוליגאַנעס, וואָס האָט זיך געזוכט ארייננצושמוגלען אין שטאָט. דער הגנה קאָמיטעט האָט געדאַרפט פיל האָרעווען ביז עס איז געלונגען צו פארווישן דעם ענין און דער אינצידענט האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ שאַרפן פאָרוואורף וואָס דער הגנה קאָמענדאנט האָט באקומען פון פּאָליציי־שעף.

אין פארבינדונג מיט דער גבירה טראַדיציע פון דובאסארער יידן, האָב איך געהערט פאָלגענדע געשיכטע פון דובאסארער לאנדסלייט אין אַמעריקע, וואָס זיינען געקומען קיין ישראל צו דער פלאַנצונג פון וואַלד צום אנדענק פון די קדושים פון אונזער שטאָט, וואָס זיינען אומגעקומען דורך די נאַציס. זיי האָבן דערציילט אז צו זיי איז דערגאַנגען אַ קלאַנג פון יענער זייט „אייזערנעם פאָרהאנג״, אז בעת היטלערס הארדעס האָבן אינוואדירט רוסלאנד און דער אוואנגארד פון די נאַצישע חיילות איז אריין קיין דובאסאר, האָבן זיי ארומגערינגלט די ארטיקע יידן און געהרגעט 60 דייטשע סאָלדאַטן. שפּעטער ווען די דייטשן האָבן באהערשט די שטאָט און די סביבה, האָבן זיי צוזאמענגעטריבן אַלע דובאסארער יידן און פון דער נאענטער סביבה אויף אַ פּלאַץ אויסער דער שטאָט און זיי אויסגעשאָסן. די דאָזיקע געשיכטע, וואָס ווי עס ווייזט אויס איז פאַראן אין איר אַ קערן פון היסטאָרישן אמת, איז א המשך פון דער דובאסארער יידישער טראַדיציע זיך אקעגנשטעלן דעם שונא, מעגן די אויסזיכטן אויף דערפאָלג זיין נישטיקע.

✶ ✶ ✶

אויפברענגענדיק זכרונות פון מיינע יוגנט יאָרן אין דובאסאר, געפין איך פאר נויטיק צו דערמאנען די וואונדערבארע צייט פון דער ציוניסטישער רענעסאנס אין אונזער שטאָט און די מענטשן וואָס זיינען געשטאנען אן דער שפיץ פון אונזער אויפלעבונגס באוועגונג, וואָס האָבן אויסגעאיבט א שטארקן איינפלוס אויף דעם יונגן דור. איך האָב שוין פריער דערמאנט ח. נ. ביאליק און פסח אווערבוכס באזוך אין אונזער שטאָט. איך וויל צוגעבן נאָך אייניקע נעמען פון עסקנים און שרייבער וואָס האָבן אונז באַזוכט און אונז מהנה געווען מיט זייער באלרנדיק וואָרט. צווישן אַנדערע וויל איך דערמאנען דעם לערער יאגאלניצער (גולני), וואָס איז געזעסן אין דובאסאר צוויי יאָר אַלס דירעקטאָר פון דער העברעאישער שולע. ער איז געווען צווישן די



אַ גרופע ציוניסטן אין דובאסאר פאַר דער ערשטער וועלט מלחמה. פון רעכטס צו לינקס — ערשטע שורה: לעמל שמואל דיינ׳ס (רובין), זעליג בערקאוויטש, אברהם קויפמאן, משה פעלדמאַן, יואל גורעוויטש, יוסף מאנשניאגר. מיטלסטע שורה: יוסף צעלניק, ישראל גרינשפאַן, יוסף וויסאקי. דריטע שורה: לייבל וויינבערג, יעקב מרגלית, אליעזר טשערניק.

קבוצת ציונים בדובוסרי לפני מלחמת העולם הראשונה. מימין לשמאל — שורה ראשונה: למל רובין, בנו של ר׳ שמואל דיין, זליג ברקוביץ, אברהם קופמן, משה פלדמן, יואל גורביץ, יוסף מנשנייגר. בשורה האמצעית: יוסף צלניק, ישראל גרינשפן, יוסף ויסוקי (רם). בשורה השלישית: ליבל וינברג, יעקב מרגלית, אליעזר צ׳רניק.

הויפּט־אָרגאַניזירער פון דער זעלבסטשוץ אין דובאסאר און אויף זיין איניציאַטיוו האָט זיך געגרינדעט אין אונזער שטאָט א צעירי־ציון פאַריין, וואָס איז געווען זייער טעטיק. אונזער שטאָט האָט געהאט די זכיה, אז חיים גרינבערג און יאגאלניצער האָבן זייענדיק אין דובאסאר פארפאסט די ערשטע צעירי־ציון פראָגראַם, באַקאַנט אונטערן נאָמען „די דובאָסאַרער פראָגראַם". אין יאָר 1907 האָט יאגאָלניצער זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל און געדינט מיט דעם אַלס ביישפיל פאר פיל דובאסארער יוגנטליכע, וואָס האָבן אים נאָכגעפאָלגט.

יוסף רם (ויסוקי) ז"ל

# הריאקציה ברוסיה ועלילת הדם בדובוסרי

באביב 1902 נרצח ע"י סוציאליסטים־ריבולוציונרים המיניסטר לעניני פנים סיפיאגין, ותחתיו נתמנה פלבה, שהיה ידוע בעריצותו ובמלחמתו האכזרית נגד תנועת השיחרור ברוסיה הצארית.

סמוך לאותו מאורע, בינואר 1903, מצאו בגן של יהודי, תושב דובוסרי, גופה של נער רוסי בשם ריבלנקו, שנדקר למוות. עתון ה„מאה השחורה" בבסרביה, „בסרבץ", שהופיע בקישינוב ונתמך ע"י הממשלה, קפץ על ה„מציאה" ויום יום היה מפרסם מאמרי שטנה והסתה נגד היהודים, מתוך הטענה כי היהודים רצחו את הילד למטרות ריטואליות עם התקרב חג הפסח שלהם, שבידוע **משתמשים בו בדם נוצרים לאפיית המצות**. העתון גם הסית בגלוי לנקום את דם הנער הנוצרי השפוך ולערוך פוגרומים ביהודים.

התושבים הנוצריים בדובוסרי, וביחוד הכפריים אשר מעבר לדניסטר, הושפעו מרעל השטנה ובעיר וסביבתה עמדה אוירה של פוגרום נגד היהודים. חוצפת המסיתים והמוסתים גברה והלכה מיום ליום ואיומיהם לעשות נקמה ביהודים הובעו בריש-גלי, מאחר שהיו בטוחים כי השלטונות תומכים בהם ויוכלו להוציא את זממם באין מפריע.

חרדה תקפה את יהודי העיר נוכח ההסתה הפרועה והסערה שעמדה להתחולל בכל יום. אלא שהיהודים לא ישבו באפס מעשה וביזמת הציונים הצעירים ותחת פיקודם, התארגנה חיש מהר הגנה עצמית להשיב מלחמה שערה, אם יתחשק להם לפורעים לתקוף את האוכלוסיה היהודית. לקריאתה של מפקדת ההגנה נענו אנשים מגילים שונים וכולם היו מוכנים ודרוכים לקראת הבאות.

בוקר אחד, שבועות אחדים לפני חג הפסח, הורגשה בשעות המוקדמות תנועה בלתי רגילה אצל תושבי העיר הנוצריים, שהלכו וקרבו לעבר הדניסטר לקדם את האכרים אשר מעבר לנהר, שבאו להשתתף בפרעות שנקבעו לאותו יום.

חברי ההגנה, מזוינים בנשק חם ובכלים שונים התפרסו לפלוגות פלוגות ותפסו עמדות במבואות העיר בדרך לדניסטר, וגם שמו מארב לפורעים.

כשהפורעים התחילו להתקרב אל העיר ולהתפרץ לתוכה, הדהדה באויר יריה אחת — אות ההגנה לתקוף אותם מעברים. משראו הפורעים כי העיר מוגנת והיהודים מחכים להם מזוינים וערוכים לקרב, הפכו את פניהם וחזרו על עקבותיהם אל הדניסטר.

כך שמה ההגנה העצמית בדובוסרי לאל את מזימות הפורעים ומסיתיהם. מאז נחה העיר ושקטה מפחד פרעות במשך שנים רבות, שכן הד ההגנה היהודית בדובוסרי וגבורתה נשמעו ברחבי רוסיה, וכנופית פורעים שנזדמן לה לעבור בסביבות דובוסרי העדיפה לפסוח על העיר...

יוסף וויסאקי (רם) ז״ל

# די רעאקציע אין רוסלאנד און דער בלוט בלבול אין דובאסאר

אין פרילינג 1902 האָבן סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן אָפּגערוימט דעם רוסישן אינערן־מיניסטער סופיאגין און אויף זיין פּלאַץ האָט נאָמינירט דער צאר ניקאָליי דער צווייטער דעם גראַף פּלעווע, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין טיראַנישקייט און אומרחמנות׳דיקן קאַמף געגן דער פרייהייטס באַוועגונג אין צאַרישן רוסלאַנד.

נאָענט צו יענער געשעעניש, אין חודש ינואר 1903, האָט מען געפונען אין גאָרטן פון א דובאסאַרער יידישן תושב די לייכע פון דעם רוסישן יינגל ריבאלענקא, וואָס איז דערשטאָכן געוואָרן אויף טויט. „בעסאַראַבעץ״, דער אָרגאַן פון דער „שוואַרצער מאה״ אין בעסאַראַביע, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין קישענעוו, און איז געשטיצט געוואָרן פון דער רעגירונג, האָט זיך אָנגעכאַפּט אן דער „מציאה״ און טאָג טעגליך איז די צייטונג געווען פול מיט יידן העצערישע אַרטיקלען, טענה׳נדיק אז יידן האָבן דערמאָרדעט דאָס יינגל צוליב ריטועלע צוועקן, היות עס דערנענטערט זיך דער יום־טוב פסח, וואָס ווי באַוואוסט באַנוצן זיך יידן מיט קריסטליך בלוט ביים באַקן זייערע מצות. די צייטונג איז געגעאַנגען נאָך ווייטער און האָט אָפן געהעצט נקמה צו נעמען פאַר דעם פאַרגאָסענעם קריסטליכן בלוט דורך מאַכן פּאָגראָמען אויף יידן.

די קריסטליכע באַפעלקערונג פון דובאסאַר און אומגעגנט, איבערהויפּט די דאָרפס־איינוואוינער פון דער אַנדערער זייט דניעסטער, זיינען באַאיינפלוסט געוואָרן פון דער העץ־פּראָפּאַגאַנדע און אין דובאסאַר און סביבה האָט זיך געשטאַרקט פון טאָג צו טאָג די פּאָגראָם־שטימונג. די חוצפה פון די העצער און אויפגעהעצטע איז געווען אין לשער, און עפנטליך, אָן מורא, פלעגן זיי דראָען די יידישע באַפעלקערונג מיט נקמה פאַרן „פאַרגאָסענעם קריסטליכן בלוט״. זיי זיינען געווען זיכער אז די רעגירונגס

באהערדן זיינען מיט זיי און קיינער וועט זיי נישט שטערן אויסצופירן זייער טייוולאנישן פּלאַן.

אַ זאָרג האָט ארומגעכאפּט די יידישע באפעלקערונג דערוואַרטנדיק יעדן טאָג דעם אויסברוך פונם שטורם. דאָס מיינט אבער נישט צו זאָגן אז די יידן אין דובאסאר זיינען געזעסן מיט פארלייגטע הענט און געוואַרט פאסיוו אויף די פּאָגראָמשטשיקעס. אונטער דער איניציאַטיוו פון דער ציוניסטישער יוגנט און אונטער איר אָנפירערשאַפט איז בליץ שנעל אָרגאַניזירט געוואָרן א זעלבסט־שוץ אָפּצושלאָגן יעדע אטאקע, אויב די פּאָגראָמשטשיקעס וועט זיך פארגלוסטן אָנצוגרייפן די יידישע באפעלקערונג. אויף דער ווענדונג פון דער זעלבסט־שוץ קאָמאנדע האָבן זיך אָפּגערופן יידישע מענער פון פארשידענעם עלטער, און אַלע זיינען געווען גרייט און געשפּאַנט אקעגן די עקסצעסן וואָס האָבן געקענט אויסברעכן יעדן טאָג.

אַ געוויסן טאָג, אַ פּאָר וואָכן פאַר פסח, האָט זיך באמערקט אין די פריע פרימאָרגן שעהן אַן אומגעוויינליכע פארדעכטיקע באוועגונג צווישן דער קריסטליכער באפעלקערונג וואָס האָט געצויגן אין דער ריכטונג פונם טייך. זיי זיינען אקעגנגעגאַנגען די פויערים וועלכע האָבן געדאַרפט אָנקומען פון יענער זייט דניעסטער, אנטיילצונעמען אין פּאָגראָם וואָס האָט געדאַרפט אויסברעכן אין אונזער שטאָט יענעם טאָג.

די הגנה מיטגלידער, באוואפנט מיט הייס געווער און מיט אנדערע קאמפס מכשירים האָבן זיך צושפּרייט און פאַרנומען גרופּעס־וויַיז פּאָזיציעס ביים איינגאַנג פון דער שטאָט אין דער ריכטונג פון דניעסטער.

ווען די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צו דער שטאָט כדי זיך ארייַנצורייסן אין די יידישע געגנטן, האָט אָפּגעהילכט אין דער לופט איין איינציקער שאָס. דאָס איז געווען דער סיגנאַל פון דער זעלבסט־שוץ אָנצוגרייפן דעם שונא פון אַלע זייטן. אַז די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן דערזען אַז די שטאָט איז פארטיידיקט און די יידן גרייטן זיך זיי צו מאכן א הייסע אויפנאמע, האָבן זיי זיך בארעכנט, גענומען די פיס אויף די פּלייצעס און זיך אומגעקערט צום דניעסטער.

יענעם טאָג איז קיין פּאָגראָם אין דובאסאר נישט פּאָרגעקומען. נישט יענעם טאָג און נישט די אנדערע טעג. דער שם פון דער דובאסארער יידישער זעלבסט־שוץ האָט זיך ברייט פארשפּרייט איבער גאַנץ רוסלאַנד און יעדעס מאָל ווען א באנדיטן באנדע איז אויסגעקומען צו זיין אין דובאסארער סביבה, פלעגן זיי תמיד זוכן אויסצומיידן די שטאָט, כדי זיך נישט בעגעגנען מיט די דובאסארער יידישע העלדישע בחורים.

ל. רובין

# פרטים נוספים בדבר עלילת הדם בדובוסרי

פצעי הנער הנרצח, שאת גוויתו מצאו בבוסתנו של יהודי על שפת הדניסטר, היו בו סימנים של רצח ל„צרכים דתיים" — הוכחה, כביכול, שהיהודים רצחוהו כדי להשתמש בדמו לצרכיהם הדתיים. בעל הבוסתן נעצר ועמו עוד יהודים אחדים, שלרגל עיסוקם בשפת הנהר נראו לעתים קרובות בקרבת אותו מקום. לאחר התערבות נמרצת של גורמים שונים שוחררו זמנית.

למחרת, פירסם החוליגן האנטישמי הנודע קרושבן בעתונו „בסרבץ", שהופיע בקישינוב, מאמר הסתה נגד היהודים ובו הוא קרא לאוכלוסיה הנוצרית בדובוסרי לנקום את דם הילד הנוצרי מידי יהודי העיירה. יהודים אחדים מתושבי העיירה ערכו על דעת עצמם חקירה בדבר, שהובילה לעקבותיו של הרוצח האמיתי. הזעיקו את השלטונות בחרסון, בירת המחוז, ולדובוסרי הגיע המושל עצמו בלווית ועדת חקירה לחקור את הדבר במקום. משלחת יהודית בראש שני הדיינים, ר' ירוחם ור' שמואל (זה האחרון אביו של כותב הטורים האלה) יצאה להקביל את פני המושל ופמליתו בשני ספרי-תורה.

למחרת נקראו שני הדיינים למושל לשם מתן הצהרות בענין הנדון. עבודה לא קלה נועדה להם לבאר למושל את צו התורה „רק הדם לא תאכלו... כי הדם הוא הנפש" (דברים י"ב). כן הסבירו לו, שעל פי ההלכה היהודית חייב כל בשר השרייה ומליחה, כדי להוציא ממנו טיפת הדם האחרונה, אחרת אין הוא כשר לאכילה, וכן ענינים אחרים הקשורים לנושא. כן נמסרו לועדת החקירה כל הפרטים שגילתה החקירה הפרטית היהודית בדבר הרוצח האמיתי. השיחה התנהלה ברוח ידידותית וכתוצאה ממנה נשלח שוטר-חרש מחופש כפועל לכפר בו חי הרוצח. הבלש עבד בכפר כפועל ימים אחדים וגילה את האמת. את הילד רצח דודו, כדי לרשת אותו.

בזה נגמר כאילו הענין, ברם, ההסתה לא נפסקה ואוירת השטנה התפשטה והלכה. כדי לקדם את פני הרעה התארגנה בדובוסרי הגנה עצמית, שיומם ולילה עמדה על המשמר. שמע ההגנה הגיע לפורעים והם לא העזו לתקוף את יהודי דובוסרי.

קרושבן ופורישקביץ, ציר הדומה מבסרביה, המשיכו בהסתתם, שתוצאתה היה הפוגרום בקישינוב באביב 1903.

ל. רובין (ב. איירעס)

# נאַך פּרטים וועגן דובאָסאַרער בלוט בילבול

פרי פרילינג 1903 האָט מען אין גאָרטן פון א יידישן אייגנטימערביים טייך דניעסטר געפונען א דערמאָרדעט קריסטליך יינגל. די וואונדן פונם דערמאָרדעטן האָבן געהאַט סימנים פון אַ ריטועלן מאָרד. דאָס איז געווען גענוג אז בליצנשנעל זאָל זיך פארשפרייטן אַ קלאַנג, אז יידן זאָלן אים האָבן דערמאָרדעט פאר ריטועלע צוועקן. מען האָט אַרעסטירט דעם אייגנטימער פון גאָרטן אין נאָך א פּאָר יידן, וואָס צוליב זייער באשעפטיקונג פלעגן זיי זיך אָפט געפינען ביים ברעג טייך. נאָך אן ענעריגשער אינטערוועגץ זיינען זיי צייטווייליק פרייגעלאָזן געוואָרן.

אויפן צווייטן טאָג האָט דער כוליגאן קרושעוואן אין זיין פּאָגראָם בלעטל „בעסאראבעץ״, וואָס איז אריוסגעגאנגען אין קישענעוו, אויפגעפּאָדערט די קריסטליכע באפעלקערונג נקמה צו נעמען פארן פארגאסענעם קריסטליכן בלוט. א פּאָר יידן, דובאסארער איינוואוינער, האָבן אויף זייער אייגענער אחריות גענומען אויספאָרשן דעם ענין און אנטדעקט די שפורן וואָס האָבן געפירט צום אמת'ן מערדער. מען האָט גלייך אלארמירט קיין כערסאן, די הויפּט־שטאָט פון דער גובערניע, און דער גובערנאטאָר אליין איז אַראָפּגעקומען קיין דובאסאר מיט אן אויספאָרשונגס קאָמיסיע אויסצופאָרשן דעם ענין אויפן אָרט. א יידישע דעלעגאציע בראש מיט די דיינים ר' ירוחם און ר' שמואל ז"ל (דער פאָטער פונם שרייבער פון די שורות) האָבן באגעגנט דעם גובערנאטאָר מיט זיין סוויטע מיט צוויי ספרי־תורה. צומאָרגנס זיינען די דיינים גערופן געוואָרן צום גובערנאטאָר צו געבן דערקלערונגען.

די דיי־נים האָבן איינגעקנעלט מיטן גוברנאטאָר דעם לאו „רק הדם לא תאכלו... כי הדם הוא הנפש" (דברים י"ב) און אים דאביי אויפגעקלערט, אז לויטן יידישן דין דארף מען יעדעס פלייש זאלצן און ווייקן איידער מען געברויכט עס, כדי עס זאָל זיין אינגאנצן ריין פון בלוט. דאָס אליין איז א באוויז ווי ווייט יידן זיינען מקפיד נישט צו באנוצן קיין בלוט. זיי האָבן אים אויך אויפגעקלערט פארשידענע אנדערע אספעקטן פארבונדענע מיט די דינים פון שחיטה און מליחה.

די זעאונג איז געווען א ביז גאָר פריינטלעכע. אויך די פּרטים פון דער פריוואטער אויספאָרשונג זיינען איבערגעגעבן געוואָרן דער קאָמיסיע.

א געהיים אַגענט, פון זיי געשיקט, האָט זיך פארשטעלט פאר א פשוטן ארבעטער, אוועק אין דאָרף וואו עס האָבן געפירט די שפורן. ער האָט דאָרט געארבעט א פּאָר טעג און אויסגעפונען דעם ריכטיקן מערדער. עס האָט זיך ארויסגעוויזן אז דאָס יינגל האָט

דערמאָרדעט זיינער א פעטער, וואָס האָט געוואָרפן אן אויג אויף זיין ירושה. אזוי ארום איז דער ענין גרינטליך אויפגעקלערט געוואָרן.

דאָס האָט נישט געשטערט אז די פאָגראָם שטימונג זאָל מיט יעדן טאָג שטארקער ווערן און די יידישע באפעלקערונג האָט איבערגעלעבט פחדימדיקע טעג. די יידישע יוגנט האָט אָרגאניזירט א זעלבסטשוץ, וואָס האָט בייטאָג און ביינאכט געוואכט אויף סטראַטעגישע פונקטן. יידישע רייטערס זיינען געווען גרייט אונטערצוצינדן די דערפער, וואָס פון זיי האָבן געזאָלט קומען די פאָגראָמשטשיקעס. די דאָזיקע „העלדן" האָבן זיך דערשראָקן און נישט געוואגט דורכצופירן זייער טייוולאָנישן פלאַן.

דאָס שמוציקע בלעטל אין קישינעוו און דער צורר היהודים, דער דומע דעפּוטאַט פורישקעוויטש, האָבן אויסגעגאָסן זייער צאָרן אויף די קישינעווער יידן. די יידישע קצבים און בעלי מלאכות האָבן געפּרואווט שטעלן אַ ווידערשטאַנד, זיי זיינען אָבער אנטוואפנט געוואָרן דורך דער פּאָליציי און מיליטער, וועלכע האָבן באגלייט די פּאָגראָמשטשיקעס צו קענען פריי דורכפירן זייער בלוטיקע ארבעט.

א. י. גולני ז"ל

# שנותי בדובוסרי

... בשנת תרס"ה גברה המלחמה בין ציוני־ציון וחסידי אוגנדה. ברוסיה הדרומית הופיעו מטעם ציוני-ציון התעמלנים ד"ר מוסינזון וד"ר חיים בוגרשוב ז"ל. ד"ר מוסינזון עבר בבסרביה במסע נצחון והסעיר המונים במדברותיו. באורגיוב נדמו כל מתנגדיו החריפים ביותר. הנצחון בהמוני העם היה כביר. בקישינוב, במערכות צעירי-ציון, עלה כוכבו של חיים גרינברג. התנועה החלה מתפשטת ולובשת צורה מרוממת של תנועת עמלים, הקרובה ברוחה ל-ס.ר. הרוסית. אז נועצנו צעירי אורגייב והחלטנו לעשות את התעמולה בכוחות עצמנו. סובבנו בעיירות ובמושבות להפצת רעיוננו.

תוך הנסיעות הללו הגעתי גם לעיירה דובוסרי, השוכנת לחוף הדניסטר, ושם השתקעתי למשך שנתיים. בעיירה זו השקעתי מרץ רב והגעתי בה לשיא פעולתי הציונית בגולה.

עיירה זו היתה מיושבת יהודים סוחרים לא עשירים, אבל מבוססים, מגדלי טבק, פועלים במקצוע זה ועובדים בספינות הנהר. כולם היו ידועים כאנשי-כוח ובעלי־אגרוף, שהפילו חיתתם על כל הלא־יהודים שבסביבה. הם היו אנשים פשוטים, תמימים באמונתם, יהודים גאים, אם כי לא אדוקים ביותר.

בעיירה היתה תנועה ציונית כללית, שהחליטה לפתוח בי"ס ציוני מאושר ע"י הממשלה, בשם „תלמוד-תורה". עסקני העיר חיפשו אחרי מנהל למוסד זה ורצו שיהיה ציוני. זה היה בזמן שנקראתי לדובוסרי לנהל תעמולה ולהשיב מלחמה לקבוצה קטנה של

צעירים קרובים לס.ד. ול,,בונד". במשך שנים—שלושה ערבים של ויכוחים סוערים הצלחתי להתגבר על מתנגדי ובמקום נוסדה אגודה של ,,צעירי-ציון", שנספחו אליה רוב צעירי המקום וגם אחדים ממתנגדי הציונות. בהיוודע לעומדים בראש הציונים כי בעל תעודת־מורה אני, הציעו לי לעמוד בראש ביה"ס העומד להיווסד.

אצלי גמלה אז ההחלטה לעלות ארצה ורציתי לאגור מעט כסף להוצאות הדרך. קיבלתי את ההצעה ולאחר שנתקבל אישור הממשלה פתחתי את בית-הספר. מלבד רוסית למדו בו עברית, תנ"ך ולימודים עבריים אחרים. הלימודים העבריים התנהלו עפ"י השיטה ,,עברית בעברית" והשפה העברית היתה למדוברת בפי התלמידים. אחרי שסידרתי את עניני ביה"ס שיקעתי עצמי בעבודה ציונית נמרצת.

ארגנתי את הנוער לקבוצות ללימוד הציונות — יסודותיה והתפתחותה. השיעורים התקיימו פעמים אחדות בשבוע; בשבתות קיימנו אסיפות כלליות לבירורים. בחורף נערכו האסיפות בבית-הכנסת הציוני ובימות הקיץ היינו מתאספים מחוץ לעיר, בצל חורשות עצי-אגוז. בין השאר קראנו מן העתונות על חיי היהודים ומאורעות הזמן וכן בספרות הציונית. גם נאומים נישאו. בראש הפעולה עמד ועד נבחר. עם חבריו נימנו עסקנים ציוניים צעירים ואני נחשבתי למנהיג התנועה. לאחר שבמשך חדשים אחדים ניהלנו עבודה תרבותית־לאומית במרץ רב, החלטנו אחרי שיקולים יסודיים להצטרף לתנועת צעירי-ציון. לשם זה פנינו למרכז בקישינוב, ששלח אלינו את הח' חיים גרינברג, והוא אז כבן 19. במשך שבוע ימים ניהל גרינברג תעמולה רחבה בין ההמונים בבתי־הכנסת הגדולים ובאולמים. בעת שהותו בדובוסרי ניסח בהשתתפותי את התכנית של ,,צעירי ציון", בת 16 הסעיפים, כמדומני היחידה שנדפסה או. התכנית נתקבלה באסיפה כללית ונתפרסמה ברוסית בשבועון ,,כרוניקת-החיים העבריים", מס' 4, מיום 31 לינואר 1906. אחרי קבלת התכנית הוספתי לבאר את סעיפיה השונים, כדי לעשותם מובנים לכל החברים.

גם לעיירה הקטנטונת יגורליק נסעתי להסביר ולבאר את התכנית וגם שם הצטרפה אלינו האגודה הציונית, שנוסדה במקום. בקיץ אותה שנה ובשנה שלאחריה נסעתי בחדשי החופש בכל העיירות אשר לאורך חופי הדניסטר בבסרביה והאגודות הציוניות אשר בהן נספחו לתנועת צ"צ, לפי התכנית הדובוסרית. פרט לעבודה התרבותית הנמרצת טיפחנו גם פעולה ציונית-מעשית לטובת הקהק"ל, הפצת שקלים וכו'. פעולות אלה תפסו את המקום החשוב ביותר בעסקנותי התרבותית והציונית.

**הגנה עצמית וכינוסים ציוניים**

בסתיו 1905, בפרוץ הפרעות בעיירות רבות בדרום רוסיה, לקחה אגודתנו חלק מכריע בארגון ההגנה העצמית. נבחרתי לועד ההגנה יחד עם פנחס בסין ושאול סוחוי, אחד מגיבורי העיירה, ניהלנו את ההגנה ביד רמה. היה לנו נשק רב ומשמרות מסודרים. מרכז ההגנה היה בבית־הכנסת. שם, בארון־הקודש, ע"י ספרי־התורה, החזקנו את הנשק. משמרותינו סבבו בחוצות העיר והפרשים שלנו שימשו מקשרים בין נקודה לנקודה. תודות להגנה האמיצה והמסודרת לא קרה דבר בדובוסרי. אכרי הכפרים פחדו לבוא העירה. מן הראוי לציין כי אגודת ס.ר. מקישינוב שלחה לנו חברים אחדים, שריגלו עבורנו בתוך האוכלוסיה הרוסית. מפיהם נודע לנו מכל הנעשה בין האכרים בכפרים. הייתי האחראי גם

לרכישת נשק, אני ועוד אחד סובבנו בסכנת נפשות בערים קישינוב, טריספול ובנדרי ואספנו כמות הגונה של רובים, אקדחים ותחמושת. ברכבות שנסענו היינו שני יהודים בין המון גויים נרגז ומוסת.

בקיץ 1906 הוזמנתי עפ"י המלצת מרכז צ"צ בקישינוב לועידה ציונית חשובה, שנקראה על-ידי מ. אוסישקין באודיסה. בחנוכה תרס"ז נשלחתי מטעם האגודה הדובוסרית לועידה הציונית המפורסמת בהלסינגפורס (הלסינקי, בירת פינלנד). בשתי הועידות הופיעו צירי צ"צ כחטיבה מאורגנת. הסיעה שלנו היתה מורכבת מהח"ח: יוסף שפרינצק, חיים גרינברג, יעקב אפטר, ישראל דראכלר, חיים וייסאודלר, אריה פלדמן ואני.

אחרי עבודה ציונית פוריה במשך כשנתיים החלטתי לעזוב את משרתי הטובה, את




קבוצת צעירי ציון בדובוסרי בשנת 1906. עומדים מימין לשמאל: יוסף ויסוקי־רם, יוסף גרינבלט, חיים קורנפלד, צבי רוזנצביט, ברוך בסין, צ׳רניבסקי, יוסף פיינשיל (בן עמי). יושבים באמצע: גב׳ ברנשטין, בורים שפיר, לאה בסין, יצחק יגולניצר (גולני), רבקה שוחט, משה פגים. בשורה למטה: שרה בסין, הינדה בסין, זיידל ספקטור.

א גרופע צעירי ציון אין דובאסאר אין יאָר 1906. עס שטייען פון רעכטס צו לינקס: יוסף ויסאקי־רם, יוסף גרינבלאט. חיים קאָרנפעלד, צבי ראָזענצוויט, ברוך באסין, טשערניעווסקי יוסף פיינשיל (בן עמי). עס זיצן אינדערמיט: פרוי בערנשטיין, באָרים שאפיר, לאה באסין, יצחק יאגאלניצר, רבקה שוחט ,משה פאגים. זיצן אונטן: שרה באסין, הינדע באסין, זיידל ספעקטאָר.

החברים שהתקשרתי אליהם ולעלות ארצה. חברים אחרים החליטו אף הם לעלות ורבים מהם הם כעת אכרים במושבות ופועלים בעיר.

בקיץ תרס״ז נבחרתי ע״י האגודה הדובוסרית וע״י ציוני אורגייב (שהייתי מבקר שם לעתים קרובות בבית הורי שם הייתי משתתף גם בפעולה ציונית) כציר לקונגרס הציוני השמיני שהתקיים בהאג. גם בקונגרס הציוני הופיעו חברינו כסיעה בשם תנועת צ״צ שהתקשרה עם צירי „הפועל־הצעיר" בא״י, ועם תנועת „התחיה". שם גם גמל הרעיון לקיים כינוס של כל אירגוני הנוער הציוני.

עם תום הקונגרס הציוני נסעתי לדובוסרי למסור דו״ח ולהפרד מחברי בתנועה. באסיפת פרידה חגיגית רשמו אותי חברי ב„ספר הזהב" של הקהק״ל. זה היה שכרי על עבודתי הציונית בדובוסרי. באותה שנה עליתי ארצה.

**א. י. גולני (יאגאלניצער)** ז״ל

# מיינע דובאסארער יארן

... אין יאָר תרס״ה (1905) האָט זיך פאַרשטאַרקט דער קאַמף צווישן די ציוני־ציון און די אוגאַנדיסטן. ד״ר בן־ציון מאָסענזאָן און ד״ר חיים באָגראַשאָוו האָבן אין נאָמען פון די ציוני־ציון באַזוכט דרום רוסלאַנד, און אין בעסאַראַביע איז דר. מאָסענזאָנס באַזוך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טריאומף צוג. אין אָרגייעוו האָט ער שטיל געמאַכט אונזערע שאַרפסטע געגנער. דער זיג פון די ציוני־ציון איז געווען אַ פולער. אין קישינעוו, אין די צעירי־ציון קרייזן, האָט אויפגעלויכטן אַ יונגער שטערן — חיים גרינבערג. די צעירי־ציון באַוועגונג איז זיך צעוואַקסן אננעמענדיק דעם כאַראַקטער פון אַ האַרעפאַשנער פאָלקס־באַוועגונג, נאָענט אידעאיש צו די רוסישע סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן. אין יענער צייט האָבן מיר, אַ גרופּע צעירי־ציון אין אָרגייעוו, אויף אַ באַראַטונג אָנגענומען אַ באַשלוס אַנפאַנגען פאַרשפּרייטן דעם געדאַנק פון דער באַוועגונג מיט אייגענע כוחות. מיר האָבן באַזוכט פיל שטעטלאַך און יידישע קאָלאָניעס (אין כערסאָנער גובערניע) ברענגענדיק פאַר דער יוגנט דאָס וואָרט פון דער באַוועגונג.

אין איינער פון די דאָזיקע נסיעות בין איך אָנגעקומען אין שטעטל דובאָסאַר ביים דניעסטער, און זיך דאָרט באַזעצט אויף צוויי יאָר. פיל ענערגיע און אַרבעט האָב איך אריינגעלייגט אין דעם שטעטל, דערגרייכנדיק דאָרטן צום הויכפּונקט פון מיין ציוניסטישער טעטיקייט אין גלות.

די יידישע באַפעלקערונג פון דובאָסאַר איז באַשטאַנען פון נישט קיין רייכע, אָבער איינגעפונדעוועטע סוחרים, טאַבאַק פּלאַנטאַטאָרס, טאַבאַק אַרבעטער, פאַרשידענע בעלי־מלאכות און אַרבעטער אויף די שיפן וואָס זיינען געגאַנגען איבערן דניעסטער. דובאָסאַרער יידן האָבן געשמט אַלס גיבורים, וואָס האָבן אָנגעוואָרפן אַ מורא אויף דער

נישט יידישער באַפעלקערונג פון דער גאַנצער סביבה. פראָסטע מענטשן זיינען זיי געווען, נאַאיווע אין זייער גלויבן, שטאָלצע יידן, נישט קיין איבריק פרומע.

אין דעם דאָזיקן שטעטל איז געווען אַ ציוניסטישער פאַריין, וואָס האָט באַשלאָסן גרינדן אַ ציוניסטישע שולע, אַנערקענט דורך דער רעגירונג, אונטער דעם נאָמען „תלמוד תורה". די שטאָט עסקנים האָבן געזוכט אַ דירעקטאָר פאַר דער שולע, וואָס זיי האָבן געהאַלטן ביים עפענען, וואָס זאָל אויך זיין אַ ציוניסט. פונקט אין יענער צייט בין איך געשיקט געוואָרן קיין דובאסאר אָנצופירן ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע און אָפּשלאָגן די אַטאַקעס פון אַ גרופּע יונגע לייט, נאָענטע צו דער רוסישער ס. ד. פּאַרטיי און „בונד". אין פאַרלויף פון 2—3 אָוונטן פון שטורמישע דעבאַטן איז מיר געלונגען גובר זיין די געגנער פון ציוניזם און ביי דער געלעגנהייט האָב איך געגרינדעט אַ צעירי־ציון פאַריין, אין וועלכן עס האָבן זיך אָנגעשלאָסן דער רוב יוגנטליכע פון שטעטל און אפילו אייניקע געוועזענע געגנער פון ציוניזם. ווען די אָנפירנדיקע ציוניסטן פון דובאסאר האָבן זיך דערוואוסט אַז איך בין אַ דיפּלאָמירטער לערער, האָבן זיי מיר אָנגעבאָטן זיך שטעלן אָן שפּיץ פון דער שולע וואָס זיי האָבן געהאַלטן ביים גרינדן.

אין יענער צייט איז שוין ביי מיר רייף געוואָרן דער געדאַנק עולה זיין קיין ארץ־ישראל און איך בין געווען פאַראינטערעסירט אָפּצושפּאָרן אַביסל געלט פאַר הוצאות הדרך. איך האָב אָנגענומען דעם אָנבאָט, און נאָכדעם ווי עס איז אָנגעקומען די באַשטע־טיקונג פון דער רעגירונג, האָב איך געעפנט די שולע. אויסער רוסיש האָט מען דאָרט געלערנט העברעאיש, תנ"ך און אַנדערע יידישע לימודים. די לימודים האָבן זיך געפירט לויט דער שיטה „עברית בעברית", און נאָך אַ קורצער צייט איז העברעאיש געוואָרן אין מויל פון די תלמידים אַ לעבעדיקע גערעדטע שפּראַך.

נאָכן אָרגאַניזירן די שולע האָב איך זיך אַריינגעוואָרפן אין אַ ענערגישער ציוניסטישער טעטיקייט. איך האָב אָרגאַניזירט די ציוניסטישע יוגנט אין גרופּן אויף צו לערנען די יסודות פון ציוניזם. די לעקציעס פלעגן פאָרקומען אייניקע מאָל אין וואָך און אין די שבתים פלעגן מיר אָפּהאַלטן גרעסערע פאַרזאַמלונגען, וואו מיר האָבן קלאָר געמאַכט אַלגעמיינע ציוניסטישע און יידישע פּראָבלעמען. אין די ווינטער חדשים פלעגן מיר אָפּהאַלטן די פאַרזאַמלונגען אין דער ציוניסטישער שול, און זומער פלעגן מיר זיך צוזאַמענקומען אויסער דער שטאָט, אונטערן שאָטן פון ניס־וועלדלאַך. מיר פלעגן דאָרט פאַרלייענען פון די צייטונגען וועגן יידישן לעבן און צייט געשעענישן און פון ציוניסטישע בראשונרן.

נאָך אַ פּאָר חדשים אינטענסיווער ציוניסטישער אויפקלערישער אַרבעט, האָבן מיר נאָך אַ גרינטליכער באַראַטונג באַשלאָסן זיך אָנצושליסן אָן דער צעירי־ציון באַוועגונג. צוליב דעם צוועק האָבן מיר זיך געווענדעט צום צ. ק. פון צ"צ אין קישינעוו, וואָס האָט אַראָפּגעשיקט דעם יונגן, קוים 19־יעריקן טריבון חיים גרינבערג. אין פאַרלויף פון אַ וואָך צייט האָט גרינבערג געפירט אַ ברייטע אויפקלערונגס אַרבעט צווישן די יידישע מאַסן. ער איז אויפגעטראָטן אין די גרויסע שולן און אויך אין גרויסע זאַלן. בעת זיין ווייַלן אין דובאסאר האָט ער מיט מיין באַטייליקונג אָנגעשריבן די פּראָגראַם פון צעירי־ציון, וואָס איז באַשטאַנען פון 16 פּאַראַגראַפן, דוכט זיך די איינציקע אין

יענער צייט אָפּגעדרוקטע פּראָגראם. די פּראָגראם איז אָנגענומען געוואָרן אויף א גענעראל פאַרזאַמלונג און פארעפנטליכט געוואָרן אויף רוסיש אין דער וואָכנשריפט „כראָניק פון יידישן לעבן" דעם 31־טן יאנואר 1906. נאָכדעם ווי די פּראָגראם איז באשטעטיקט געוואָרן, פלעג איך אויף פארזאמלונגען אויפקלערן אירע פארשידענע טיילן פאר די חברים.

איך האָב אויך באזוכט דאָס שטעטעלע יאגאָרליק אויף צו דערקלערן און קלאָר מאכן די פּראָגראם, און די ציוניסטישע אגודה וואָס האָט זיך דאָרט געגרינדעט האָט זיך אָנגעשלאָסן אן צעירי־ציון. זומער 1906 און 1907 האָב איך אין די פעריען חדשים באזוכט אלע בעסאראבער שטעטלעך לענגאויס דעם דניעסטער, און די ציוניסטישע פאריינען וואָס האָבן דאָרט עקזיסטירט האָבן זיך אנגעשלאָסן אן דער צעירי־ציון באוועגונג לויט דער דובאסארער פּראגראם. א חוץ דער קולטור און אויפקלערונגס ארבעט האָבן מיר אויך ענטוויקלט א פארצווייגטע פראקטישע ציוניסטישע טעטיקייט, ווי ארבעט פארן קרן־קיימת, שקלים פארקויף א. א. די דאזיקע אלע ארבעטן האָבן אין יענער תקופה פארנומען דעם ערשטן פּלאַץ אין מיין ציוניסטישער און קולטור טעטיקייט.

## זעלבסט־שוץ און ציוניסטישע צוזאמענטרעפן

הערבסט 1905. מיטן אויסברוך פון די פּאָגראָמען אין די יידישע שטעטלאך אין דרום רוסלאנד, האָט אונזער פאריין פארנומען א דעצידירנדיקן טייל אינם אָרגאניזירן פון דער זעלבסטשוץ. איך בין אויסגעווײלט געוואָרן אין דער אָנפירערשאַפט פון דער זעלבסט־שוץ און צוזאמען מיט פנחס באסין און שאול סוכאי האָבן מיר אָנגעפירט די זעלבסט־שוץ מיט אַ שטאַרקער האַנט. מיר האָבן געהאַט גענוג געווער און אָרגאניזירט פּאַטראָלן וואָס האָבן געוואכט אין אַלע ווינקלען פון שטאָט. די צענטראלע פון דער זעלבסט־שוץ האָט זיך געפונען אין שול. אין ארון־קודש, נעבן די ספרי־תורה, האָבן מיר געהאלטן דאָס געווער און פון דאָרט האָבן מיר ארויסגעשיקט די פּאַטראָלן איבער דער שטאָט. מיר האָבן געהאט רייטער אויף פערד, וואָס האָבן געדינט אלס פארבינדלער צווישן די פארשידענע פארטיידיקונגס און אויסקוק פונקטן. און אין דער ווירקליכקייט, אדאנק דער העלדישער און גוט אָרגאַניזירטער זעלבסט־שוץ איז דובאסאר אויסגעהיטן געוואָרן פון א פּאָגראָם. די פּויערים פון די ארומיקע דערפער האָבן פשוט מורא געהאט צו קומען אין שטאָט אריין.

ביי דער געלעגנהייט וויל איך דערמאנען מיט אנערקענונג די ס. ר. באוועגונג אין קישינעוו, וואָס האָט אונז געשיקט אייניקע פון אירע מענטשן אויסצושפירן די ארומיקע דערפער. דורך זיי האָבן מיר געוואוסט וואָס עס גרייטן צו די פּויערים.

כדי איינצושאפן וואָס מער געווער האָב איך און מיינער א חבר באזוכט די שטעט קישינעוו, טיראספאל און בענדערי, און עס איז אונז געלונגען אײַנצוזאמלען א גרעסערע צאָל ביקסן, רעוואָלווערן און קוילן. נישט איינמאָל פארנדיק צוויי יידן אליין אויף די באנען, זיינען מיר געווען אויסגעשטעלט צו גרויסע סכנות צווישן דעם אויפגעהעצטן המון.

זומער 1906. אויף דער אָנווייזונג פון צ. ק. פון צ״צ אין קישינעוו, בין איך איינגעלאַדן געוואָרן אָנטיילצונעמען אין א וויכטיקער ציוניסטישער קאָנפערענץ, וואָס מ. אוסישקין האָט צוזאמענגערופן אין אָדעס. חנוכה 1906 האָט מיך דער דובאסארער־צ״צ פאריין געשיקט אלס דעלעגאט צו דער בארימטער ציוניסטישער קאָנפערענץ אין העלסינגפאָרס (העלסינקי—פינלאנד). אויף ביידע קאָנפערענצן זיינען די צ״צ דעלעגאטן אויפגעטראָטן אַלס אָרגאַניזירטע פראקציע. אונזער פראקציע איז געווען צוזאמענ־געשטעלט פון פאָלגענדע חברים: יוסף שפרינצאק, חיים גרינבערג, יעקב עפטער, ישראל דראכלער, חיים ווייסאודלער, אריה פעלדמאן און דער שרייבער פון די שורות.

נאָך א פרוכטבארער ציוניסטישער טעטיקייט אין פארלויף פון צוויי יאָר האָב איך באשלאָסן איבערצולאָזן מיין גוטן פּאָסטן, די חברים וואָס איך האָב זיך צו זיי שטארק צוגעבונדן און עולה זיין קיין ארץ־ישראל. אויך אנדערע דובאסארער חברים האָבן באשלאָסן עולה צו זיין און היינט זיינען פיל פון זיי פויערים אין די דערפער און ארבעטער אין די שטעט.

זומער 1907 בין איך אויסגעוויילט געוואָרן דורכן דובאסארער צ״צ פאריין און ארגייעווער ציוניסטן אלס דעלעגאט צום 8־טן ציוניסטישן קאָנגרעס וואָס איז אָפּגע־האלטן געוואָרן אין האג. אויפן קאָנגרעס האָט די צ״צ פראקציע זיך פארבונדן מיטן הפועל־הצעיר פון ארץ־ישראל און דער „התחיה״ באוועגונג. דאָרט איז אויך געבוירן געוואָרן דער געדאנק צוזאמענרופן א קאָנפערענץ פון אלע ציוניסטישע יוגנט־גרופּן.

נאָכן קאָנגרעס בין איך געפאָרן קיין דובאסאר אָפּגעבן א דין־וחשבון און זיך געזעגנען מיט די חברים פאר מיין אָפּפאָרן קיין ארץ־ישראל. אויף א פייערליכן געזעגענונגס־אָוונט, וואָס די חברים האָבן מיר איינגעאָרדנט, האָבן זיי מיך איינגעשריבן אין „ספר הזהב״ פון קק״ל. דאָס איז געווען דער בעסטער שכר פאר מיין ציוניסטישער טעטיקייט אין דובאסאר. אין יענעם יאָר האָב איך עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

א. י. גולני ז״ל

# שבת אחת ביגורליק

השנים תרס״ד—ס״ו (1904—6) היו שנות שפל בעבודה הציונית הכללית ברוסיה. התסיסה החברתית הגדולה שהגיעה לשיאה במהפכת 1905, ריתקה את מיטב הכוחות האינטלקטואליים ושל הנוער היהודי לתנועות החברתיות הרדיקליות — ס.ר. (סוציאליסטים-רבולוציונרים), ס.ד. (סוציאל־דימוקרטים) ולפילוג בזו האחרונה למנשביקים ובולשביקים, וכן לתנועה הסוציאליסטית היהודית „בונד״, שמשלו בכיפה ברחוב היהודי וקסמו לנוער שחיפש דרך חדשה. ברם, לא כל החוגים האינטלקטואליים ולא כל הנוער היהודי נלכדו בחבלי התנועות האלה, וחוגים מסויימים התחילו לחפש סינתיזה בין הרעיון הציוני והאידיאל הסוציאליסטי. כך קמה ברוסיה מפלגת פועלי-ציון וארגונים ציוניים רדיקליים אחרים, כמו „התחיה״, „השחר״ ואגודת צעירי־ציון, שנכונו

על המזיגה של ציונות וסוציאליזם עממי כגון: צ״צ שהיו קרובים מבחינה אידיאולוגית לס.ר. הרוסיים, לעומת פועלי-ציון שהגידרו את עצמם כמרכסיסטים והיו קרובים לס.ד.

בדרום רוסיה במיוחד צצו חדשים לבקרים בערים ובעיירות אגודות צעירי-ציון. מרכז התנועה היה בקישינוב (בירת בסרביה) ובראשו עמד יוסף שפרינצק, שהשפעתו היתה רבה על הנוער היהודי הלומד. הוא ריכז סביבו מיטב הנוער, ביניהם חיים גרינברג, ישראל גורפינקל (גורי), יעקב אפטר, יוסף ברץ, נחום טברסקי, חיים וויסאדלר ואחרים, שלימים נועדו להם תפקידים חשובים בבנין הארץ ובתנועה הציונית.

אחד הקוים האופייניים של צ״צ היה לעשות את הפעולה ולהפיץ את רעיון התחיה לא רק ע״י נאומים ומרצים ידועי שם, אלא לנצל כל כוח מצוי במקומות להפעלת הנוער בין החברים מן השורה. עלי הוטל תפקיד כזה בעיירה דובוסרי שעל חוף הדניסטר, שם כיהנתי אז כמנהל בי״ס עברי־רוסי.

בחורף תרס״ו (1906) הזמנתי אלינו את חיים גרינברג (אז בחור בן תשע־עשרה) ובמשך שבוע ימים ישבנו ועיבדנו תכנית בת ט״ו סעיפים, שהונחה כיסוד לאידיאולוגיה של צעירי־ציון. אותה תכנית ידועה בתולדות התנועה הציונית בשם „הפרוגרמה הדובוסרית של צעירי־ציון".

לאחר שהתכנית אושרה ע״י המרכז, הוזמנתי ע״י החבר ג.ל. רכב מהעיירה השכנה יגורליק, השוכנת אף היא על שפת הדניסטר, לבקר אצלם, להרצות על התכנית ולהביא את החברים בסודה של תנועת צעירי־ציון. בערב שבת אחד של אותו חורף באתי בלווית חברה מאגודתנו בדובוסרי ליגורליק ונתקבלנו ע״י המורה רכב, חבריו, תלמידיו ותלמידותיו.

יגורליק היתה עיירה קטנה מאוד, תושביה היהודים מעטים ורובם עוסקים במסחר זעיר ובמלאכה כרוב העיירות מסוג זה בכל תפוצות ישראל. אפס לא ככל העיירות היהודיות יגורליק, שכן צעיריה, לרבות הבנות, כמעט כולם ידעו עברית והשתדלו לדבר בה; כולם היו חדורים הכרה ציונית וכולם שותפים בהערצה יוצאת מגדר הרגיל למנהיגם־מדריכם גודל-ליב רכב, המקדיש את כל עתותיו להרביץ תורה וציונות ביניהם ודבריו בעיניהם כדברי האורים ותומים.

כל אותו ליל שבת עד לשעות המאוחרות ויום המחרת כולו — שמונה-עשרה שעות — נמשכו הויכוחים וביאורי התכנית לסעיפיה השונים. ולבסוף, אחרי ליבונים ממצים נתקבלה התכנית והאגודה הצטרפה לתנועת צעירי־ציון.

יסודותיה העיקריים של התכנית היו: לאומיות, טיפוח השפה העברית והפיכתה לשפה מדוברת, עבודה מעשית בגולה, עליה לארץ ישראל והגשמת הרעיון ע״י עבודה פיזית, וביחוד עבודה חקלאית, ארגון החיים בארץ-ישראל על יסודות חברתיים צודקים וזיקה לעולם הסוציאליסטי. מאלף הוא הסעיף האומר: רק בהיותנו בארצנו ובהיותנו פועלים או אכרים, נחליט לאיזו אסכולה סוציאליסטית נצטרף — לס.ר. או לס.ד..

לא עברו שנים רבות — שנתיים—שלוש בסך הכל — וכמעט כל חברי צ״צ ביגורליק, וגודל־ליב רכב בראשם, עלו לארץ והתרכזו בעין־גנים, מושב הפועלים הראשון בארץ, מבשר מושב־העובדים. רובם היכו שרשים בארץ והגשימו בגופם ובנפשם את תורת הציונות העובדת.




חברי האגודה הציונית ביגורליק בשנת 1906 - תרס"ו.
1- מיסין לשמאל: נחמן לרנר. אפרים ויטקוגסקי שמואל פוחיס. פייגה יאצקיר לאה ולובסקי.
אידה פוחס. בתיה מולוקשר. לבי הר-גבה. גיסיה ויטקוגסקה. מחלה הר-גדה.
דבוסי מולוקשר. רבקה פוחיס. אסתר ליבה דרגון. סויבל קגן. חיה הינדה טבצניק.
שורה-2-: יעקב פוחיס. רחל פוחיס. גד לייב רכב. זאב ליפשין. יוסי ישפה.
אברהם לייב גולדין. זלמן פוחיס.
שורה-3- טוביה מולוקשר. קיילה רכב. שאול למבריצקי. דוד פוחיס. מליה דרגון.

לא זכו תלמידי רכב להסתופף שנים רבות בצלו של מורם ורבם הנערץ, שלא האריך ימים. ועד היום נישא שמו של ג.ל. רכב בקדושה ובטהרה בפי כל חבריו ותלמידיו.

ינון זכרו לעולמים.

אייר תשי"ב

**א. י. גולני** ז"ל

# א שבת אין יאגארליק

די יאָרן 1906—1904 זיינען געווען יאָרן פון שטילשטאנד אין דער ציוניסטישער טעטיקייט אין רוסלאנד. די גרויסע סאָציאַלע יוירונג וואָס האָט דערגרייכט איר הויכ־פונקט אין דער רעוואָלוציע פון 1905, האָט פארכאפט די בעסטע אינטעלעקטועלע כוחות און די יידישע יוגנט אין די רייען פון די סאָציאַליסטישע ראדיקאלע באוועגונגען יי־

סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, סאָציאַל־דעמאָקראַטן (די לעצטע האָבן זיך געשפּאָלטן אויף מענשעוויקעס או באָלשעוויקעס) און „בונד״ וואָס האָבן געהערשט אויף דער יידישער גאַס. דאָך האָבן אויך אין יענע יאָרן זיך געפונען אינטעלעקטועלע און יוגנט קרייזן, וואָס זיינען נישט פאַרכישופט געוואָרן פון די אויבענדערמאַנטע באַוועגונגען, און אין זייער דראַנג נאָך נייע וועגן האָבן זיי גענומען זוכן א סינטעז צווישן ציוניזם און סאָציאַליזם.

פון צווישן דידאָזיקע קרייזן איז געבוירן געוואָרן אין רוסלאַנד די פּועלי־ציון פאַרטיי און אַנדערע ראַדיקאַל־ציוניסטישע קערפּערשאַפטן, ווי „התחיה״, „השחר״ און די צעירי־ציון פאַריינען. די דאָזיקע באַוועגונגען האָבן זיך באַזירט אויפן צוזאַמענגוס פון ציוניזם און פאָלקס סאָציאַליזם ביי די צעירי־ציון, וואָס זיינען אידייאיש געשטאַנען נאָענט צו די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, און פּועלי־ציון וואָס אלס מאַרקסיסטן זיינען זיי געווען נאָענט צו די סאָציאַל־דעמאָקראַטן.

אין דרום־רוסלאַנד האָבן יעדן טאָג אויפגעשפּראָצט אין די שטעט און שטעטלאַך צעירי־ציון פאַריינען, וואָס זייער צענטר האָט זיך געפונען אין קישינעוו, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון יוסף שפּרינצאַק, וואָס האָט אויסגעאיבט א גרויסע השפעה אויף דער יידישער שטודירנדיקער יוגנט. ער האָט קאָנצענטרירט אַרום דער צעירי־ציון באַוועגונג די בעסטע יוגנט כוחות, צווישן אַנדערע חיים גרינבערג, ישראל גורפינקל (גורי), יעקב עפּשטער, יוסף באַרץ, נחום טווערסקי, חיים ווייסאָודלער א. א. וועלכע האָבן שפּעטער געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָל אין דער ציוניסטישער באַוועגונג און ארץ־ישראל אויפבוי.

א כאַראַקטעריסטישער שטריך ביי די צעירי־ציון איז געווען אויסנוצן זייט ביי זייט מיט די רעדנער און רעפערענטן, וואָס פלעגן באַזוכן שטעט או שטעטלאַך, צו פאַרשפּרייטן דעם נאַציאָנאַלן אויפלעבונגס געדאַנק, אויך אַלע אָרטיקע כוחות פאַר דעם צוועק. אויך אויף מיר איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אַזאַ אויפגאַבע בעת איך האָב פאַרנומען דעם אַמט אלס דירעקטאָר פון א העברעאיש־רוסישער שולע אין שטעטל דובאָסאַר ביים דניעסטר.

ווינטער 1906 האָבן די דובאָסאַרער צעירי־ציון איינגעלאַדן חיים גרינבערג (ער איז דעמאָלט אַלט געווען ניינצן יאָר) און אין משך פון אַ וואָך צייט זיינען מיר געזעסן און אויסגעאַרבעט אַ פּראָגראַם פון 16 פּונקטן, וואָס האָט געדינט אלס יסוד פאַר דער אידעאָלאָגיע פון צעירי־ציון. די דאָזיקע פּראָגראַם איז באַקאַנט אין דער געשיכטע פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אונטערן נאָמען „די דובאָסאַרער צעירי־ציון פּראָגראַם״.

נאָכדעם ווי די פּראָגראַם איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון צעירי־ציון, האָט מיך איינגעלאַדן דער חבר ג. ל. ראַכעוו פון שכנה׳שן שטעטל יאַגאָרליק זיי צו באַזוכן, רעפערירן וועגן דער פּראָגראַם און באַווירקן די אָרטיקע חברים אַנצושליסן זיך אָן דער צעירי־ציון באַוועגונג. אין א ערב שבת פון יענעם ווינטער בין איך אין באַגלייטונג פון א חבר׳טע פון אונזער דובאָסאַרער פאַריין געקומען אויף א באַזוך קיין יאַגאָרליק.

יאגארליק איז געווען אַ פּיצעלע שטעטעלע מיט אַ קליינער יידישער באפעלקערונג, וואָס ווי אַלע אַנדערע שטעטלאך פון דעם מין האָבן זיך מפרנס געווען פון מסחר און מלאכה. מיט איין זאַך האָט זיך אָבער אויגעצייכנט יאגארליק און געווען אנדערש פון די איבעריקע שטעטלאך. איר יוגנט, אריינגערעכנט די מיידלאך, האָבן כמעט אלע געדערט העברעאיש און געווען דורכגעדרונגען פון ציוניסטישן אידעאַל, אַלע האָבן אויך פאַרערט זייער פירער און לערער גאדל לייב ראכעוו, וואָס האָט נישט געשפּאָרט קיין מי און טאָג און נאכט איינגעקנעלט מיט דער דאָרטיקער יוגנט יידיש וויסן, העברעאיש און ציוניזם.

יענעם פרייטיק צונאכטס ביז נאָך חצות, ווי אויך דעם מארגענדיקן טאָג — במשך 18 שעה — האָבן זיך געצויגן די ויכוחים און אויפקלערונגען פון דער דובאסארער פּראָגראם, וואָס איז צעגלידערט געוואָרן פּונקט נאָך פּונקט, ביז צום סוף, ווען עס האָבן זיך פאַרענדיקט אלע אויפקלערונגען, האָט דער פאַריין אין יאגרליק אָנגענומען די פּראגראם און זיך אָנגעשלאָסן אפיציעל אן דער צעירי־ציון באוועגונג.

די הויפּט־יסודות פון דער דובאסארער פּראָגראם זיינען געווען: נאציאָנאַליזם, פלעגן די העברעאישע שפּראַך און פאַרוואַנדלען זי אין אַ לעבעדיקער גערעדטער שפּראַך, פּראַקטישע ארבעט אין גלות, עליה קיין ארץ־ישראל, פאַרווירקליכונג פון אידעאַל דורך פיזישער ארבעט, איבערהויפּט פעלד ארבעט, אָרגאַניזירן די געזעלשאַפט אין ארץ־ישראל אויף גערעכטע סאָציאַלע יסודות און אָנגעהעריקייט צו דער סאָציאַליס־טישער באוועגונג. וואָס שייך סאָציאַליזם איז אין דער פּראָגראם געווען אַ פּונקט וואָס האָט געזאָגט: „נאָר זייענדיק שוין אין ארץ־ישראל אלס ארבעטער אָדער פּויערים, וועלן מיר באַשליסן צו וועלכער סאָציאַליסטישער שולע זיך אנשליסן — צו די סאָציא־ליסטן־רעוואָלוציאָנערן אָדער סאָציאַל־דעמאָקראטן".

עס זיינען נישט פאַרלאָפן קיין סך יאָרן — צוויי־דריי בסך הכל — און דער רוב יאגארליקער צעירי־ציון, אן דער שפּיץ פון חבר ראכעוו, זיינען עולה געווען קיין ארץ־ישראל און זיך קאָנצענטרירט אין מושב עין־גנים, וואָס איז געווען דער פאַרלויפער פון מושב־עובדים. דער רוב פון זיי האָבן געשלאָגן וואָרצלען אין לאנד און פאַרווירק־ליכט מיט זייער לייב און לעבן די תורה פון ארבעטנדיקן ציוניזם.

ליידער האָבן ראכעווס תלמידים נישט זוכה געווען צו זיין צוזאַמען אַ לענגערע צייט מיט זייער פאַרערטן און געליבטן לערער. ער איז איינציקע יאָר נאָך זיין קומען אין לאנד אריין געשטאָרבן. זיין נאָמען אָבער ווערט ביז היינט געטראָגן אויף זייערע ליפּן מיט גרויס ליבע און אכטונג.

ערע זיין אנדענק.

אייר תשי״ב.

משה בן יעקב ורחל לאה פעלדמאַן (חקלאי) ז״ל

# בילדער און זכרונות פון מיין שטעטל דובאסאר

אין מאָלדאוויע ביים דניעסטר, ליגט מיין שטעטל דובאסאר.
אמאל אמאל האָט מען עס גערופן דאמביסאר.
אמאָל, נאָך אין יענע אלטע צייטן,
ווען עס האָבן פון א לאנד א ווייטן —
איבער מאָלדאוויע געהערשט די טערקן,
וואו שפּאָרן פון פעסטונגען זיינען נאָך איצט צו מערקן,
אויפן בארג „קאלאנטער״ אין פעלזן איינגעשניטן.
אין קאטערינעס צייטן האָט זיך דער נאָמען געביטן.

דובאסאר... מיין שטעטל, וואו איך בין געבוירן,
דו ליגסט לעבעדיק פריש ביי מיר אין זכרון.
עס שוועבן פארביי מיר
דיינע באצויבערנדע עקזאָטישע פייזאזשן,
עס וועבן זיך וועגן דיר
חלומות און מיראזשן.
ביזט נעפלדיק איינגעהילט
אין א פארכישופטער פאנאָראמע;
ווי דורך זיידענעם טיול דורכזיכטיק
זיינען דיינע הימלען ביינאכט ווי בייטאג אזוי ליכטיק.
בארגיק, טאליק, ליגסטו רחבות׳דיק צושפּרייט,
ארומגערינגלט מיט א לאנגער געפלאכטענער קייט
פון גראדינעס, זשיעס און באשטאנעס,
וואס ווערן פון דניעסטער טייך אנגעטרונקען.
וואו עס וואקסן וויינפערלעך, אגרעסן, קאלאנעס, דרען און אזשענעס,
פרוכטן אלערליי: וויינטרויבן, דיניעס, מאנאסטירסקע ארבוזעס.
ליגסט אין א סביבה פון וועלדער, דערפער און סטעפּעס,
וואו עס וויגן זיך הויכע גאָלדענע סנאָפּעס,
מיט פעסטע יאדערדיקע זערנעס פון ווייץ און פאפשוי־קוקורוזע.

דובאסאר!... ביי דיר האָב איך די וועלט דערזען,
ביי דיר איז מיין קינדהייט אזוי זאָרגלאָז געווען;
כ׳בענק נאָך דיינע לאנגע, ברייטע גאַסן,

נאָך די קרומע, שמאָלע ליקן,
נאָך די נגידישע הויפן, הייזער מיט קארניזן באלקאנען,
וואָס זיינען מיט ביטול און גדלות געשטאנען,
איבער די שטיבלאך מיט שטרויענע דעכער,
ארום זיי ריפעס, גריבער און בלאטיקע לעכער,
וואָס האָבן ניט געטריקנט אפילו זומער.
אין שאטן פון הויכע צעצוויטעטע אקאציע בוימער
דיינע פאליסאדניקעס מיט בליענדע סירעני און לאנדיש,
דיינע בעסעדקעס פארצויגן — מיט קרוטשעני פאניטש,
וואָס האָבן מיט זייערע אראָמאטן און דופט
פארשמעקט און פאכישופט אזוי זיס די לופט.

און אויפן בארג, העט ארויס פון שטעטל האָריזאָנטן,
צווישן אויג פארכאפנדע מאליערישע לאנדשאפטן פיקאנטע,
זיינען די סילועטן פון צעפליגלטע ווינט־מילן אימפּאָזאנטע,
ווי טורמדיקע דענקמעלער וואכזאם געשטאנען,
ארום די קוואלן לויטערע וואסערן פון די פאנטאנען,
ווי וואסער־פירער און טרעגער אין דרייען געבויגן,
מיט א קאראמיסל אויף די פלייצעס די קאנען —
פלעגן איבער די הייזער דאס וואסער צוטראָגן־;
און אָנגעפילט די דישקעס, פאר א פּאָר שווייסיקע גראשן.
און ווען שטעטל האָט געשוויצט און פון היץ זיך געשטיקט,
האָט דאס וואסער הנאהדיק דעם דורשט געלאָשן,
געמונטערט א מחיה, דערפרישט או געקוויקט.
און ווען די זון האָט געבלענדעט, געבאקן, געזאטן,
איז שטעטל געלאָפן צום דניעסטר זיך באָדן,
צו איציק הערצעס קופאלניעס, שטאכעטענע מקוואות,
אין וואסער געשטאנען, געקייקלט, געזונקען.

און די בחורים און מיידלעך קאקעטקעס
האָבן איבערן דניעסטר אויף לאדקעס
מיט וויעסלעס געררודערט, זיך אריבערגעשיפט
צום בעסאראבער ברעג, ווי זיי האָבן געשטיפט
אויף די לאנקעס, ארום די דערפער פון אוסטיע און זאלאָשען
און אונטערן שאָטן פון צויבער וואלד פון אורליקאָן.

דער דניעסטר האָט אידיליש געפלאסן זיך שטיל,
ס׳האָט א ווינטל געבלאָזן, געגלעט אזוי סאמעטיק קיל.

די נאכט פאלט צו, דער הימל איז שוין פארטונקלט,
ס׳האָט אַ שטערנדל זיך צעשטראַלט און פינקלט,
ווי עס וואָלט דערמאַנען די זארגלאָזע יוגענטלעכע לייט:
געננג שוין געשטיפט, א היים גיין שוין צייט.

און פון דניעסטער דער וועג א היים אויף צוריק,
שניידט זיך דורך גערטנער, די ראָמאַנטישע לאנגע ליק.
שטיל איז די נאַכט, עס שפאלט די עכא, אן אפקלאנג,
פון האַרציקע לידער און מעלאַנכאָלישן באנג.
דאָס זינגט א פויערטע ערגעץ אין גארטן,
פרונדזע ווערדי — סקאלא מאיקא, לאמאסקאלא,
אזוי ווי גרינע בלעטער וועט זי וועלקן און ווארטן
אויפן סאָלדאט איר חתן — די בענקענדע כלה.

מיין שטעטעלע, דו פריילאכע דובאסאר!...
ווען איבער דיין שיינעם חנ׳עוודיקן בולוואר
האָט די שיינע בראווע, גאָלדענע יונגווארג, אזוי ריטמדיק סודות׳דיק
שפאצירט ארויף צו בארג,
וואָס האָט מיט זיין מיניאָטקע און צימרינג פארשמעקט,
און האָט אין זיי זיסע געפילן און טרוימען געוועקט...
פון רענסאנס געווען איז יוגנט בארוישט
מיט אידייען, מיינונגען, זיך געטוישט.
פאָלעמיזירט מיט קנאישער חריפות
אויף ניט לעגאלע אסיפות,
אין היימען געביטענע יעדע נאכט,
וואו הערשל ציוניסט האָט פאר פאָליציי באוואכט.

געווען אין דובאסאר א יוגנט א זשוואווע,
יידן גבורים, מיט דרייסט און מכבי׳שן פלאם,
האָבן זיי אלס זעלבסטשוץ בראווע
פארהיט דובאסאר און סביבה פון פאָגראָם.

פון קינדהייט געדענקט זיך דער שרעקלעכער פאָזשאר,
מיט לעבן איינגעשטעלט איז געווען גאנץ דובאסאר.
ווען אין א פראסטיקן ווינטיקן אין מיטן נאכט,
האָט אויסגעבראָכן א שריפה און א גרויסן אומגליק געבראכט.

געווען אין דובאסאר יידן נגידים, תקיפים, מיוחסים, תמימים,
חסידים, צדיקים, פאָלקס־מענטשן פרומע,
תלמידי־חכמים, למדנים, גאונים,
מיט א פאטריארכאלן הדרת פנים.
פלעגן זיי זיצן אין בית־מדרש, אין די קלויזן און שולן,
געלערנט א בלאט גמרא, עין־יעקב, געזאגט תהילים.
געווען אויך יודעי ספר און משכילים,
פארטיפטע אין א פלוגתא, אין א חקירה,
געלעזן דור דור ודורשיו, ראזסוועט און הצפירה.

כ׳געדענק א שנייאיקן, פראסטיקן זאווערוכע טאָג,
אין דובאסאר א יאָמער, א קלאָג.
נפטר געוואָרן דער זקן, דער רב, דער דיין, דער גאון,
דער למדן, הצדיק ר׳ ירוחם הכהן.
אלע הייזער און קראמן פארשלאסן,
קינד און קייט האָבן פארפולט די גאסן.
תלמידים פון חדרים און תלמוד־תורה, כיתה נאָך כיתה,
זיינען געגאנגען פאר דער מיטה.
די לוויה פראָצעסיע פול טרויער,
ביים נייעם בית־עולם זיך אפגעשטעלט ביים טויער,
ביז דעם נפטרס זון וועט פון קישינעוו קומען צופארן.
דערווייל, ביז מ׳האָט אויפגעגראָבן דעם קבר, בין איך איינגעשלאָפן.
שפעט אין דער נאכט, שוין לאַנג נאָך דער קבורה,
האָב איך פון קעלט זיך אויפגעכאפט מיט שרעק און מורא.
צווישן מתים און קברים אליין,
האָב איך אויסגעבראכן אין א שטארקן געוויין.
האָט דערהערט מיין געשריי פון בית־עולם דער היטער,
אָן א אָטעם געקומען צו לויפן, מיט אנגסט און ציטער.
ניט געוואוסט האָט ער וואָס עס איז געשען,
מיט שטוינונג און שרעק איז ער געבליבן שטיין,
ביז ער האָט מיר דערזען.
א וויינענדיקן האָט ער מיר אהיים געבראכט,
וואו טאטע־מאמע האָבן יסורים׳דיק איבערגעטראכט.
אין צווישן צייט איז דאָס שטעטל כאדראם געגאנגען,
ווער ווייסט? אפשר חלילה פון ציגיינער געפאנגען.
זינט יענעם טאָג האָבן זיך וועלטן איבערגעקערט.
דורות זיינען געקומען און דורות זיינען אוועק,
און נאָך געדענקט זיך ר׳ ירוחם דיינס לויה און די שרעק.

עס געדענקט זיך שמחת־תורה בײנאַכט צו די הקפות,
אין שולכל, אין הויף, פון קײלע חיים מרדכי׳ס,
האָבן חובבי־ציון געזונגען, געטאַנצט.
האָבן עטלעכע שײנע ײדן פון דובאָסאַר
געוואָלט עפּעס אָפּטאָן און זיך מאַכן צו נאַר,
האָבן זײ בגילופנ׳דיק זיך געלאָזן איבער נגידישע הײזער
געשמאַקע יום־טוב׳דיקע עסנס אויפצוזוכן,
וואָס נגידישע באַלעבאָסטעס האָבן פאַרבאַהאַלטן,
אויפן שלאָס פאַרהאַקט, אין אַן אָרט א קאַלטן.
האָבן זײ אויפגעבראָכן שלאָס און ריגל,
אַרויסגעשטעלט טעפּ געקעכטץ, קאַטשקעס און קוגל.
אויף מאָרגנס זײנען ליידיקע טעפּ און פאַנען
אויף פּלויטן ווי קרוינען געהאַנגען.

עס געדענקען זיך די חתונות, אין הערשל חײקל׳ס זאַל,
וואו ר׳ אברהם קאַרטאָפליע, דער שדכן און קאָך־לעפל פון קהל,
האָט סערווירט די מחותנים די וועטשערע פּאַטראָוועס,
און וואו ר׳ איציק קלעזמער האָט אַזוי האַרציק געשפּילט,
אַז יונג און אַלט האָבן זײן מוזיק דערפילט.
פלעגן זײ קומען צו לויפן צו די חופּות, אויף חידושים קוקן,
און מיטן צווײטנס נחת... סודות׳דיק זיך קוויקן.

פון דער לאָנקע ביז אַרויף צו די מאַאַלעס,
לענג אויס דעם דניעסטער ברעג,
צום נײעם הײליקן אָרט, איבער די אַלטע קאַזאַרמעס,
ציט זיך דער שליאַך איבער דובאָסאַר, דער וועג,
פאַרבײ די דאַמפּענע מילן
און די סיטשקאַרניעס, פון ריקלס ר׳ זלמן,
עטוואָס העכער קומסטו צו צו דעם לעגענדאַרישן אַלטן בית־עלמין.
פון יענעם זײט גדר שטאַרצן בוימער ווי פון וואַלד,
מיט אוראַלטע מצבות, יאָר הונדערטע אַלט
פון פאַרהײליקטע צדיקים, וואָס זײנען באַהאַלטן
אין קרומע קברים שטיבלאַך און אין געצעלטן.
אײנער פון זײ, אַזוי גײט די לעגענדע,
איז געווען דער בעל מופת, הצדיק ר׳ מענדעל,
געווען א למדן, א מקובל, א גאון, א חריף,
פון בעל שם טוב א תלמיד און א מקורב.

מען דערציילט וועגן אים נסים און סברות,
און ער האָט אויסגעהיט דובאסאר פון מגפות או צרות.

אָבער קיין נסים האָבן מער ניט געטראָפן
אין דובאסאר, ווען דער אומגליק איז אָנגעלאָפן.
אין יענע שווארצע טעג, אין די ניט־לאנג פארגאנגענע יארן,
ווען די יידישע קהילה איז אומגעבראכט געוואָרן.

ליידיק און חרוב די הויפן, די גאסן פוסטע,
ניטא מער די הארציקע מענטשן, די יוסטע.
די פארבליבענע הייזקעס געזונקען,
זיי שטיין פאר״יתומ׳טע, עס דאכט זיך דיר זיי צאנקען
און צאפלען ווי א נר תמיד.

דו קוקסט... פון איין זייט ליגט דובאסאר אין חורבות,
און אויפן בארג, די 18,500 קדושים, אין גריבער, אין חורבעס
— ליגן זיי צונויפגעוואָרפן אונזערע ברידער
פון דער דובאסארער אומגעבראכטער קהילה.
שא, שטיל, ליגן זיי אין אייביקן פרידן...

דו לויפסט... בלייבסט שטיין און קוקסט אויף צוריק,
קענסט זיך פון דיינע טייערע ניט אָפרייסן פון צו געבן נאָך א בליק.
אלעס איז אין דיר פארנעפלט, פארגליווערט,
ווי גלייך דיין וועזן איז אויך אונטער דער ערד
מיט די קדושים צוזאמען באגראָבן.

בערנאַרדאָ גורעוויטש (דב בר' נפתלי הלוי הורוויץ) ז"ל

# א נשמה־ליכט מיין שטעטל דובאסאר

דובאסאר, מיין געבורטס־שטאָט, געפינט זיך אין מאָלדאוויע, ביי די ברעגן פון טייך דניעסטר, צווישן קאמעניעץ־פּאָדאָלסק און בעסאראביע, א 40 וויאַרסט פון קישינעוו. זאָל אגב דערמאנט ווערן, אז קישינעווער יתומים נאָכן פּאָגראָם אין 1903 זיינען א טייל פון זיי געבראכט געוואָרן קיין ארגענטינע, א טראדיציע וואָס איז פארגעזעצט געוואָרן מיט יאָרן שפּעטער דורכן יידישן ישוב אין ארגענטינע, ברענגענדיק צענדליקער יתומים נאָך די אוקראינער פּאָגראָמען אין די יאָרן 1918—20, וועלכע זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן אין בוענאָס־איירעסער בית־יתומים.

אין די גאָר אלטע צייטן איז דובאסאר געווען אונטערן טערקישן רעזשים, דערנאָך אונטער מאָלדאוויע. אין 18־טן יאָרהונדערט איז זי אנעקסירט געוואָרן צום צארישן רוסלאנד. ווי עס איז פארשריבן אין אלטע פּנקסים און מצבה אויפשריפטן, האָט זייט דעם 17־טן יאָרהונדערט עקזיסטירט א יידישער ישוב אין דובאסאר.

לעבעדיק שטייט דובאסאר פאר מיינע אויגן ווי איך געדענק זי פון מיין קינדהייט. שטיל און רואיק איז זי געלעגן ביים דניעסטר, אויף וועמעס וואסערן עס פלעגן שווימען גאלעריעס, בארזשעס און פאראכאָדן צום שווארצן ים. שיינע פארבן־רייכע פרוכטגערטנער און תבואה פעלדער האָבן באצירט איר ארום. קלאָר און זיס וואסער קוועלט פון די ארומיקע בערג. זומער אין די היצן פלעג א טרונק וואסער פון אירע קוואלן מחיה'דיק דערפרישן. אויף אירע לאנקעס האָבן זיך געפּאשעט בהמות; קעלבער און שעפּעלאך האָבן פרייליך געטאנצט און געשפּרונגען. אין דער לופט האָט געטרילערט פויגל געזאנג, און אירע אקאציעס און אנדערע בוימער האָבן פארשיכורט די לופט מיט זייערע אנגענעמע ריחות. שיין או ליכטיק זיינען געווען די דובאסארער לבנה נעכט. די ברכה פון דער ערד און די שיינקייט פון דער נאטור האָבן אנגעגאָסן יעדעס הארץ מיט לוסט און חשק צו לעבן.

אין דעם דאזיקן ערדישן גן־עדן זיינען אונזערע וויגעלאך געשטאנען. קענען מיר דאס אלעס פארגעסן? קענען מיר זיך פאָרשטעלן, אז דאָס אלעס איז חרוב ונחרב געוואָרן? אז טויזנטער און טויזנטער פון אונזערע נאָענטסטע און טייערסטע זיינען אויף אַ שוידערליכן אופן אומגעקומען פון רוצחישע הענט? און דאָך איז עס אמת און די ווירקליכקייט איז פיל שרעקליכער ווי די מענטשליכע פאנטאזיע קען זיך פאָרשטעלן.

נישט קענענדיק מספּיד זיין די טויזנטער אומגעקומענע קדושים פון אונזער

שטאָט, זאָל מיר דערלויבט זיין דערמאנען אייניקע פון זיי, אויף וויפיל זיי טויכן אויף אין מיין זכרון.

אויף דעם צווייטן אלטן בית־עולם, אויפן וועג צו דער „לאנקע״, געפינט זיך דער קבר פון צדיק ר׳ מענדעלע, א תלמיד פון בעל שם טוב, און די קברים פון אנדערע צדיקים זי״ע. אויף דעם נייעם בית־עולם, וואָס מיר אלע געדענקען אים, וויל איך דערמאנען די קברים פון דובאסארער רב און ר׳ חיים דוד דיין זצ״ל, די צוויי גאונים פלעג מען ארויסרופן אין דער גאנצער געגנט, ווען ס׳האָט זיך געמאכט א שווערע דין־תורה. דאָרט האָבן אויך געפונען זייער אייביקע רו הדיין הצדיק ר׳ חיים שמעון בר׳ מנחם נחום לוי, יצחק ראבינאוויטש ובנו ר׳ שמואל דיין — דער פאָטער פון אונזער חבר



ר׳ נפתלי איש הורוויץ דער פאטער פון בערנאַרדא גורעוויטש, אַרגענטינע.

ר׳ נפתלי איש הורוויץ, אבא של ברנרדו גורביץ ע״ה מארגנטינה.

לעמל רובין צו לענגערע יאָר. דאָרט ליגט אויך הגאון ר׳ ירוחם דיין, די שוחטים ר׳ ישראל לייב פיינשיל און ר׳ אפרים גרינבלאט.

נאָך פון קינדערהייט אָן געדענק איך זיי און זיי שוועבן ממש פאר מיינע אויגן. איך וויל אויך דערמאנען ר׳ נחום שותק — נחום דער אהרנ׳קעס האָט מען אים גערופן. ער האָט שטענדיק געשוויגן און געלערנט. א גאנצע וואָך פלעג ער ארומגיין איבער די הייזער קלויבן נדבות אויף קידוש או הבדלה פאר אָרימע לייט. און ר׳ יוסף, גבאי ביים טאלנער רבין זצ״ל, דער פאָטער פון באוואוסטן חזן נחום מאטענקא, וואָס פלעג ביי שלוש סעודות אויסטאנצן מיט פיל דבקות „יום מנוחה וקדושה לעמך נתת״. איך

געוואָרן פון די קלייטן). זיי האָבן איבערגעלאָזט א קליינע וואך אויף צו היטן דאָס אנגעראבעוועטע פארמעגן און זיי זיינען אוועק שיכורן. כדי אנצושרעקן די באפעלקע־רונג האָבן זיי די גאנצע צייט געשאָסן אין דער לופט. די שיסערייען זיינען אלע מאָל געוואָרן שוואכער, מחמת א וואָס גרעסערע צאָל קאָזאקן זיינען אוועקגעפאלן שיכורע.

ווען מיר זיינען געווען זיכער אז די צאָל וואכענדיקע קאָזאקן איז א קליינע איז געגעבן געוואָרן דער צייכן אנצוגרייפן. די פּאָגראָמשטשיקעס האָט פארכאפּט א פּאניק, זיי האָבן זיך גענומען אנטלויפן איבערלאָזנדיק דאָס אנגערויבטע פארמעגן. די שיכורע קאָזאקן זיינען אויך דערשראָקענע מיטגעלאָפן מיט די אנטלויפנדיקע פּאגראמשטשיקעס. מיר האָבן באצאָלט מיט איין קרבן, דער 20־יעריקער פנחס סירקין, וואָס איז געפאלן פארטייטיקנדיק זיין קלייט קעגן די פּאָגראָמשטשיקעס. צומאָרגנס בעת זיין לוויה האָט זיך קיין איין גוי פון דער גאנצער סביבה נישא באוויזן אין שטאָט.

שפּעטער איז דער קאָמענדאנט פון דער דיוויזיע געקומען אין מאגיסטראט און זיך ענטשולדיקט פארן טראגישן פארפאל. ער האָט פאָרגעשלאָגן ארויספירן זיינע סאָלדאטן פון דובאָסאר אויב מען וועט אים אונטערשרייבן אז זיי האָבן רואיק דורכ־מארשירט די שטאָט. דער בירגערמייסטער האָט אים אונטערגעשריבן און אזוי ארום אויסגעמיטן א פיל גרעסערן אומגליק. די דיוויזיע האָט פארלאָזן די שטאָט אין מילי־טערישער אָרדנונג מיט פלאטערנדיקע פאָנען, אויף וועלכע עס איז געווען אויסגעהעפט די לאָזונג: „בעי זשידאָוו, ספּאסאיי ראסיו” (הרג׳ע יידן, ראטעווע רוסלאנד).

נאָכדעם ווי „די ווילדע דיוויזיע” האָט פארלאָזן דובאסאר, האָט דער בירגער־מייסטער זיך פארבונדן מיט די באהערדן אין טיראספּאל און קישינעוו און ביי זיי געבעטן הילף. צומאָרגנס איז אָנגעקומען אן אָפּטיילונג אוקראַינער פון טיראספּאל און אן אפּטיילונג באָלשעוויקעס פון קישינעוו. עס איז גלייך אויסגעבראכן צווישן זיי א מחלוקת ווער פון זיי דארף בלייבן אין דובאסאר. אינדעראמתן האָט מען זיך נישט געקענט פארלאָזן נישט אויף די און נישט אויף די אנדערע,ביידע זיינען זיי געווען פונם זעלבן סאָרט פּאָגראָמשטשיקעס. מיר זיינען געווען גליקלאך וואָס מיר האָבן זיך צו ענדע באפרייט פון ביידנס טובה׳ס. ערשט דעמאלט האָבן מיר גענומען גרינטליך זוכן ביי די גויים, ביי וועלכע מיר האָבן געפונען דאָס רוב אנגערויבטע פארמעגן, אומ־קערנדיק עס די יידישע אייגנטימער. פיל גויים האָבן באדויערט וואָס זיי האָבן זיך געלאָזט מיטרייסן מיטן שטראָם און אנטיילגענומען אין די עקסצעסן. נאָך יענעם פאל געדענק איך נישט אז די שטאטישע גויים זאָלן האָבן אנטיילגענומען אין עקסצעסן געגן דער יידישע באפעלקערונג.

די צוריקטרעטנדיקע מיליטערישע אָפּטיילונגען האָבן אָנגעהויבן ווערן אלץ שיטע־רער. די לעצטע זיינען אויך געווען רואיקער פון די פריערדיקע און עס איז געווען א גרונט צו גלויבן אז די לאגע האלט זיך ביים פארבעסערן. כדי צו געבן דער יוגנט א געלעגנהייט זיך אביסל ענטשפּאנען פון דער חדשים לאנגער שפּאנונג, איז באשלאָסן געוואָרן אָרגאניזירן א טאנץ־אָוונט. אין מיטן די צוגרייטונגען צום אָוונט איז אָנגעקומען א ידיעה פון קישינעוו אז גענעראל סעמיאָנאָוו ציט מיט א פּאָלק ווייס־גווארדייצעס אין דער ריכטונג צו דובאסאר. דער דאזיקער פּאָלק איז געווען צוזאמענגעשטעלט

בעיקר פון אָפיצירן, נישט קיין קלענערע שונאי־ישראל פון די פריערדיקע פּאָגראָמ־שטשיקעס. זייער איינציקער פארצוג איז באשטאנען אין דעם וואָס זיי זיינען געווען מיליטעריש דיסציפּלינירט. זיי זיינען אויך געווען אויסגעריכט מיט בעסער געווער פון אלע מינים. סעמיאָנאָווס פלאן איז געווען זיך אנשליסן אן דעניקינס ארמיי, וואָס האָט זיך געהאלטן אין אָרגאניזירן פון געוועזענע צאַרישע אָפיצירן אין קרים און קאווקאז.

מיטן אריינקומען פון פּאָלק אין שטאָט האָט דער טאַנץ אָוונט געזאָלט בטל ווערן. אז דער קאָמענדאנט איז וועגן דעם געוואויר געוואָרן, איז ער באשטאנען אויף דעם אז דער אָוונט זאָל דורכגעפירט ווערן און פיל אָפיצירן האָבן זיך אין אים אויך באַ־טייליקט. פארשטייט זיך אז נישט אזא אוונט זיינען מיר אויסן געווען, מען האָט אָבער נישט געהאט קיין ברירה און אים געמוזט דורכפירן. מיטאמאָל, נאָך איידער דער אָוונט האָט זיך געענדיקט, האָבן די אָפיצירן באקומען א באפעל צו פארלאָזן דעם זאל. דער ענין האָט אונז אויסגעזען פארדעכטיג און מיר זיינען גלייך אוועק יעדער אויף זיין פּאָזיציע. צום גליק איז גאָרניש פּאָרגעקומען. דער פּאלק האָט פשוט באקומען א באַפעל גלייך צו פארלאזן די שטאָט.

נאָך זיי זיינען אין דובאסאר מער נישט געקומען קיין אָרגאניזירטע אָפּטיילונגען פון די רעשטלאך פון דעם זיך צעפאלנדיקן צארישן מיליטער. פון מאָל צו מאָל פלעגן זיך באווייזן איינצעלנע סאָלדאטן וואָס האָבן געזוכט צו פארקויפן געווער און פערד מיטן ציל אָנצוזאמלען אביסל געלט און זיך דערשלאָגן אהיים. א פּאָר חדשים איז די געגנט געווען רעלאטיוו רואיק.



נאָך דער קאפּיטולאציע פון דער ווילהעלמישער דייטשלאנד האָט זיך ווייטער אַנגערוקט א שטורמישע אומרואיקע תקופה. די דייטשע ארמיי האָט פארלאָזן רוסלאנד און כלעריי באנדיטן האָבן אויפגעהויבן די קעפּ און זיך פונדאסניי אָנגעהויבן ארגא־ניזירן אין פארשידענע באנדעס. נאָכאמאָל איז געקומען א צייט אן א צענטראלער מאכט. ווער ס'האָט געקענט אָרגאניזירן א באנדע איז געוואָרן א הערשער. רעגירונגען האָבן אויפגעטויכט ווי שוואמען נאָך א רעגן, האָבן זיך געגנזייטיק באקעמפט און דאָס פעלן פון א צענטראלער מאכט האָט געגעבן א מעגליכקייט אז כל מיני באנדעס זאָלן בושעווען איבער רוסלאנד. טיילמאָל פלעגן זיי דערשיינען אונטער פאלשע נעמען און נישט תמיד האָט מען געקענט קלאָר וויסן מיט וועמען מען האָט צוטאָן. דער עיקר, די זעלבסט־שוץ אין דובאסאר האָט זיך געזען געצוואונגען נאָכאמאל זיך נעמען צום געווער.

אין א שיינעם פרימאָרגן האָט זיך באוויזן אין שטאָט א רייטער אָפּטיילונג פון ארום 100 מאן. זיי האָבן זיך פּאָרגעשטעלט פאר דער ארטיקער מאכט אלס אוואנגארד פון דער רויטער ארמיי, וואָס האָט דאן אָנגעהויבן באהערשן גאנץ רוסלאנד. זיי האָבן איבערגעגעבן אז דער שטאַב פון דער באָלשעוויקישער ארמיי געפינט זיך 100 קילאָמעטער פון דובאסאר און זייער אויפגאבע איז טעכניש צוגרייטן דעם אוואנס פון דער רויטער ארמיי. עס זיינען פארלאָפן נישט מער ווי א פּאָר שעה און דער „אוואנ־

גארד״ האָט געלאָזט מעלדן דעם הרב אבעל ז״ל, אז אין נאָמען פון דער רויטער ארמיי לייגט ער ארויף אויף דער יידישער באפעלקערונג א קאָנטריבוציע פון אַ מיליאָן רובל און 49 פאר שטיוול. דאָס געלט און די שטיוול האָט די קהילה באדארפט צושטעלן אין געציילטע שעהן. מיט דעם דאָזיקן באפעל האָט דער „אוואנגארד״ זיך אויסגעגעבן אז ער פארטרעט נישט קיינעם נאָר זיך אליין, אנדערש וואָלט דער באפעל חל געווען אויף דער גאנצער באפעלקערונג און ניש נאָר אויף יידן.

אזוי ווי זייער באפעל איז נישא אויסגעפילט געוואָרן, האָבן זיי פארנאכט ארויס־געלאָזט א באפעל אז קיינער טאָר באנאכט נישט ארויסגיין פון זיין הויז. מיר זיינען געווען גרייט דערצו און די גאנצע באפעלקערונג אין געווען איינגעשלאָסן אין די הויפן. אנדערש האָט געטראכט מענדל באטאלסקי. ער האָט נישט אָנגענומען דעם באפעל און איז ארויסגעגאנגען אין גאַס. עס האָבן אים באלד געפאקט צוויי באוואפנטע סאָלדאטן און אים אוועקגעפירט אין דער קאָמענדאטור. אויפן וועג שפאנענדיק צווישן זייביידן, האָט מענדל אנגעכאפט דעם קאָפּ פון איינעם מיט דער רעכטער האנט און דעם קאָפּ פון אנדערן מיט דער לינקער האנט און געשלאָגן מיט כוח קאָפּ צו קאָפּ, ביז זיי זיינען ביידע אוועקגעפאלן צעשלאָגענע אויף דער ערד. ער אליין איז פאר־שוואונדן אין א זייטיק געסל.

ניש ווייט פון דאָרט איז געלעגן ביי דער עפנונג פון א קעלער פרויקעלע גנב, וואָס האָט זיך צוגעקוקט צום „ספעקטאקל״. ווען ער האָט געזען אז די צוויי צעשלאָגענע סאָלדאטן האָבן זיך אויפגעהויבן און אוועקגעלאָפן אין דער קאָמענדאטור, האָט ער נישט פארלוירן קיין צייט, איז גלייך אוועק אין א נאענטער צערקווע און אנגעפאנגען קלינגען מיט די גלאָקן, וואָס איז געווען א צייכן פאר טרעוואגע. באלד האָבן זיך פון אלע הויפן א שאט געטאָן קוילן אין דער ריכטונג פון דער קאָמענדאטור. ווען זיי האָבן אין דער קאָמאנדע דערזען די צוויי צעבלוטיקטע סאָלדאטן און געהערט די שיסערייען, האָט זיי אלעמען ארומגעכאפט א פאניק און די „העלדן״ האָבן גענומען די פיס אויף די פלייצעס און גענומען אנטלויפן וואו די אויגן האָבן זיי געטראָגן. אונזערע מענטשן זיינען גלייך ארויס אין גאס אפצושניידן דעם ריקצוג פאר די אנטלויפנדיקע, מען האָט אָבער קיינעם נישט געפונען חוץ די צוויי וואָס מענדל האָט זיי דערלאנגט, וואָס האָבן זיך אויסבאהאלטן אין שפיטאָל. זיי האָבן פארענדיקט דעם חשבון אין די וואסערן פון דניעסטער.

עס איז דורכגעפירט געוואָרן א גרינטלעכע זוכונג אין שטאָט און געפונען א געבונדענע יעקב פישמאנס גאנצע משפחה. נאָכדעם וואָס מען האָט זיי באפרייט פון די קאָמאַנדע פונם „אוואנגארד״. מיר האָבן דאָרטן געפונען דאָס גאַנצע האָב און גוטס די קאָמאנדע פונם „אוואנגארד״. מיר האָבן דאָרטן געפונען דאס גאנצע האָב או גוטס וואָס זיי האָבן באוויזן דערוייל אנצורויבן, איינגעפאקט אין זעק. עס האָט גארנישט געפעלט. אין דער פאניק וואָס האָט זיי ארומגעכאפט האָבן זיי אלץ איבערגעלאָזן.

אנטלויפנדיק האָבן די סאָלדאטן באגעגנט אויפן וועג מאטל ניצקאנער, וואָס האָט געפירט צוויי אנגעלאדענע וועגענער מיט צוקער. זיי האָבן ביי אים „אפגעקויפט״ די גאנצע סחורה און אים געגעבן אן אָרדער צו הרב אבעל, ער זאָל אים באצאָלן פון

מיליאָן רובל וואָס זיי האָבן ביי אים „איינגעלייגט״. א לאנגע צייט האָט מען זיך אין שטעטל געוויצלט וועגן מאטלס „געשעפט״. אויך ער איז געווען גליקליך וואָס די באגעגעניש איז אויסגעגאַנגען נאָר צו געלט.

איינע נאָך די אנדערע האָבן זיך גענומען באוויזן באוואפנטע אָפטיילונגען, וואָס האָבן זיך פאָרגעשטעלט אַלס אוואנגארד פון דער אָדער יענער מאכט. דיווירקליכקייט האָט אונז געלערנט זיך באציען מיט מיסטרוי צו זייערע דערקלערונגען. אין א געוויסן טאָג האָט זיך באוויזן אזא אָפטיילונג און אויסנוצנדיק א צופאל וואָס די גאנצע פאָליציי איז געווען קאָנצענטרירט אין מאגיסטראט צוליב א וויכטיקער זיצונג וואָס עס האָט אָפגעהאלטן דער שטאט־ראט, האָבן זיי פארכאפט סיי די פאָליציי פרעפעקטור, סיי דעם מאגיסטראט, ארעסטירט די ראטמענער, דעם פאָליציי־שעף מיט די פאָליציאנטן און פראָקלאמירט „קערפיו״ אין שטאָט. אין די מודעות וואָס זיי האָבן צוקלעפט האָבן זיי זיך פארגעשטעלט אלס פארטרעטער פון פעטליוראס צענטראלער רעגירונג.

די גאנצע נאכט האָט זיך די שטאָט געפונען אין א שפאנענדער דערוואַרטונג. אין דערפרי, אז ס׳איז קלאָר געוואָרן אז די גאנצע „אקופאציע ארמיי״ באשטייט פון איין קליינער אָפטיילונג, האָבן מיר באַשלאָסן גלייך באפרייען די פארהאלטענע און די שטאָט פון זייער אפוטרופסות. די באנדע האָט דערשמעקט אז מען האָט פאר זיי נישט קיין מורא און אָנגעפאנגען אונטערהאנדלונגען מיטן בירגערמייסטער. זיי האָבן מסכים געווען באפרייען אלע פארהאלטענע, אויסער דעם פאליציי־שעף, טענה׳נדיק אז ער איז א ווייס גוואַרדייער, ד. ה. א פארברעכער, און אלס אזעלכן דארפן זיי אים איבערגעבן דער צענטראלער קאָמאנדע. דערווייל האָבן מיר גענומען מאכן צוגרייטונגען צו באפרייען די שטאָט מיט כוח, אויב די אונטערהאנדלונגען וועלן דורכפאלן. אז דער אָנפירער פון דער באנדע האָט זיך דערוואוסט אז מיר גרייטן זיך בכלל ווי אנטוואפנען, האָט ער מיט זיינע חברה געמאכט א ויברח.

דאָס מאָל האָט געהערשט א פולע פארשטענדיקונג צווישן די יידן און נישט יידן און די אָנפירער פון דער קריסטליכער באפעלקערונג האָבן מודה געווען, אז די שטעלונג פון די יידן איז געווען אַ לאָגישע און אַ מוטיקע און אז אדאנק אונז איז דער פאָליציי־שעף אויסגעהיטן געוואָרן פון א זיכערן טויט.

צומאָרגנס איז אָנגעקומען אין שטאָט א ידיעה, אז די דאָזיקע באנדע האָט דורכגעפירט א פאָגראָם אין שטעטל אקנע, 40 קילאָמעטער פון דובאסאר. נאָך דעם פאל האָט שוין קיינער נישט געצווייפלט אז דאס לאנד איז אריינגעטראָטן אין א צושטאנד פון תוהו ובוהו און מיר דארפן שטיין אויף דער וואך אקעגן יעדער באנדע וואָס דערנענטערט זיך צו דובאסאר.

✶ ✶ ✶

ווינטער 1919 האָט פעטליורא באהערשט אוקראינע און געגרינדעט די ״זעלבסט־שטענדיקע אוקראינער רעפובליק״. אויף צו געווינען די סימפאטיע פון די יידן האָט ער געשאפן אין זיין רעגירונג א יידישן מיניסטעריום אונטער דער אָנפירערשאפט פון באקאנטן עסקן א. רעוואצקי. אינדעראמתן אָבער האָט ער די אלע שונאי ישראל און

פּאָגראָשטשיקעס וואָס האָבן זיך אינפילטרירט אין זיין ארמיי, געגעבן פרייע הענט זיך איזדיעקעווען איבער דער יידישער באפעלקערונג.

יענעם ווינטער האָבן מיר געהאַט צו פארצייכנען אסך לילות שמורים. וואכלאנג האָט מען אויף ביינאכט נישט אויסגעטאָן די קליידער. די מיטגלידער פון דער זעלבסט־שוץ זיינען געווען גרייט צו יעדער עווענטואליטעט. ארום צוויי וואכן פאר פסח, שטייענדיק אויף מיין פּאָסטן אלס פּאטראָל אויסער דער שטאָט, האָב איך באמערקט א פארדעכטיקע באוועגונג אונטערן בארג. דורך א פארבינדונג מענטש האָב איך גלייך וועגן דעם מודיע געווען דער קאָמאנדע פון דער זעלבסטשוץ. ווי געוויינליך אין אזעלכע פאלן, איז די גאנצע איינוואוינערשאפט פון דער שטאָט, גרויס און קליין ארויס אין די גאסן, אנגעטאָן יום־טוב׳דיק כדי „צו מאכן א רושם״.

אין א קורצער צייט ארום האָבן זיך מיינע חשדים באשטעטיקט. א גרויסע באוואפנטע רייטער אָפּטיילונג, וואָס האָט געציילט אפאר הונדערט מאן, האָט זיך גענומען דער־נענטערן צו דער שטאָט. פון זייערע יידן־פרעסערישע לידער וואָס זיי האָבן געזונגען, האָבן מיר געוואוסט אז זיי געהערן צו די פּראָפעסיאָנעלע פּאָגראָמשטשיקעס אין פעטליוראס ארמיי. ארייננקומענדיק אין שטאָט זיינען זיי צעחושט געוואָרן פון דער פייערליכער אויפנאמע וואָס מען האָט זיי צוגעגרייט. זיי זיינען געבליבן שטיין אין שטאָט מארק און דער גאנצער ענין האָט ביי זיי ארויסגערופן א פארדאכט. זיי האָבן אויך געהערט אז מיט דובאסאר דארף מען זיין פּאָרזיכטיק, אז דובאסאר איז נישט גלייך צו די אנדערע שטעטלאך. געוויינליך אז זיי פלעגן ארייננקומען אין א שטעטל פלעגן די גאסן זיין פוסט, די הויפן און הייזער פארשלאָסן און פארהאקט, און דאָ פלוצים זיינען אפילו די קלייטן געווען אָפן, דער עולם איז אין גאַס און אפילו די קינדער באטראכטן זיי מיט זייערע פערד אָן מורא. „מאכט נישט אויס — האָבן אייניקע פון זיי געזאָגט — מיר וועלן זיי צורייבן אויף פּאָרך״.

בעת דער מאגיסטראט האָט צעשטעלט די סאָלדאטן צווישן די הייזער אין שטאָט אויף איבערצונעכטיקן, האָבן זיי באקומען א באפעל פון זייער קאָמענדאנט ארויסצוגיין אין דייטשן פאלווארק, וואָס האָט זיך געפונען 4 קילאָמעטער פון דובאסאר. זיי האָבן אנטדעקט אין קעלער פיל פעסער וויין און פוראזש פאר די פערד.

אז די חברה איז אוועק האָט די שטאָט כהרף עין געביטן איר אויסזען. די גאַסן זיינען גיך אָפּגערייניקט געוואָרן און די יוגנט האָט זיך גענומען גרייטן אָפּשלאָגן דעם אָנפאל וואָס וועט זיכער באלד פאָרקומען. שליחים זיינען ארויסגעשיקט געוואָרן אין דער סביבה, כדי אויסצושפירן די גרויס און באוואפנונג פון דער באנדע מיט וועלכער מען וועט זיך דארפן פארמעסטן.

די שליחים האָבן מודיע געווען אז אין דער ריכטונג צו דובאסאר ציט אן „אבאז״ (שפייז אפטיילונג) אין דער גרויס פון 200 וועגענער און ער געפינט זיך שוין 2—3 קילאָמעטער פון שטאָט. די קריסטלעכע באפעלקערונג האָט אָרגאַניזירט א קאמפס אָפּטיילונג פון 70 מאן אָנגעפירט פון אפיציר קאזלאוויטש, וואָס האָט פאָרגעשלאָגן דער יידישער זעלבסטשוץ צוזאמען אָפּשלאָגן דעם אָנגריף פון די פעטליוראָווצעס. די

אויפגאַבע פון דער דאָזיקער אָפּטיילונג אין געווען פאַרכאַפּן דעם „אבאז" און אים איינשפּאַרן אין די גרויסע טאַבאַק מאַגאַזינען „לאַפּערם".

די נאַכט איז אַדורך אין פיבערדיקע צוגרייטונגען. די נישט ייִדישע אָפּטיילונג האָט לויט ווי עס איז געווען געפּלאַנט, פאַרכאַפּט דעם „אבאז" און דעם שעף פון דער אָרטיקער מיליציע, אַ געוועזענער אָפיציר, איז צוגעשטעלט געוואָרן אַן אולטימאַטום ער זאָל זיך שטעלן צו דינסט פון דער פאַרטיידיקונג. אגב, אין דער שטאָט מיליציע וואָס האָט געציילט 30 מענטשן, זײַנען די העלפט געווען ייִדן.

די גאַנצע נאַכט האָבן די פּעטליוראַוועס „געפײַערט" דעם קומענדיקן נצחון אָנשיכּורנדיק זיך ביז גאָר. פאַרטאָג, מיט זון אויפגאַנג, האָבן זיי אין מיליטערישער אָרדנונג גענומען מאַרשירן אין שטאָט אַרײַן. די זעלבסטשוץ איז געווען גרייט צום קאַמף און ווי נאָר די פּעטליוראַוועס האָבן זיך גענומען באַוועגן, איז געגעבן געוואָרן אַן אַלאַרם סיגנאַל. די גלאָקן פון אַלע קלויסטערס האָבן זיך צעקלונגען און די פאַרטיידיקער זײַנען איבערגעגאַנגען צום אָנגריף. אונזערע בחורים האָבן גענומען דאָס שווערע געווער וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט, אײַנגעשלאָסן אַפּאָר פּאַלימיאָטן, און מען איז אַרויס באַגעגענען דעם שונא. אונזער ערשטער קרבן איז געווען דער רײַטער וואָס איז געגאַנגען אין דער שפּיץ. דער קאַמף איז געווען אַ קורצער, די אָנגרײַפער פּאָגראָמשטשיקעס זעענדיק אַז דאָסמאָל האָבן זיי אָנגעטראָפן אַן ערנסטע פאַרטיידיקונג, האָבן זיי גענומען אַנטלויפן איבערלאָזנדיק אויפן וועג פיל געווער און פּראָוויאַנט. אַ טייל פון זיי זײַנען געפאַלן אין קאַמף און אַ טייל האָט זיך אײַנגעגעבן דערגרייכן אַריבערשווימענדיק דעם דניעסטער דעם רומענישן ברעג. אַ גאַנצן טאָג זײַנען מיר זיי נאָכגעלאָפן און ערשט פאַרנאַכט האָבן מיר זיך אומגעקערט אין שטאָט אַרײַן, וואו מען האָט אונדז צוגעגרייט אַ פּרעכטיקן קבלת־פּנים. די גאַנצע נאַכט האָבן מיר געפײַערט דעם נצחון טאַנצנדיק אין די גאַסן.

די אָפּטיילונג וואָס האָט פאַרכאַפּט דעם „אבאז" האָט צווישן אַנדערע זאַכן געפונען דאָרט קאַסטנס מיט מצות, בגדים, טליתים און תפילין און אַנדערע תשמישי קדושה.

טראָץדעם נצחון וואָס מיר האָבן אָפּגעהאַלטן זײַנען מיר נישט געווען רויִק. אונזער אומרו האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס באַגרינדעטער. עס זײַנען פאַרלאָפן געציילטע טעג און אונזערע אויסשפּירער האָבן אונדז געבראַכט אַ ידיעה, אַז אַ גרויסער מיליטערי־שער כוח גייט אויף דער שטאָט. די קריסטליכע באַפעלקערונג וואָס האָט מיטגעאַרבעט מיט דער ייִדישער זעלבסטשוץ בײַם אָפּשלאָגן די ערשטע אַטאַקע, האָט געוואוסט אַז זייער לאַגע איז אַקאָמפּראָמיטירטע און צוזאַמען מיט אונדז האָבן זיי זיך ענערגיש געגרייט באַגעגענען די נײַע אָנפאַלער. דאָסמאָל האָבן די פּאָגראָמשטשיקעס געשיקט דעם „אבאז" דורך אַן אַנדערן וועג און מיט פאַרשטאַרקטע כּוחות זײַנען זיי אַרײַן אין שטאָט. דער בירגערמײַסטער האָט זיי שטילערהייט געשיקט אַ וואָרנונג זיי זאָלן זיך אָפּטראָגן אויב זיי ווילן נישט האָבן אַזאַ „בריליאַנטענעם נצחון" ווי זייערע חברים. די חברה האָבן פאַרשטאַנען דעם וואונק און זײַנען אויסגערונען געוואָרן.

דערווײַל האָט זיך דערנענטערט דער יום־טוב פּסח. מיר האָבן געהאָפט אַז נאָך די צוויי נצחונות וועלן מיר קענען רויִק פײַערן דעם ליבן יום־טוב.

דער ערשטער „סדר" איז אדורך רואיק. צומאָרגנס אָבער, גייענדיק אין שול, האָט מען מיין פאָטער און מיר איבערגעגעבן אז פון פלוסק איז אנגעקומען א טעלעגראם בזה הלשון: „קאזאווסקי גייט פון טיראספאל קיין דובאסאר. שיקט גלייך הילף". די טעלעגראם איז געשיקט געוואָרן צו הרב אבעל, וואָס האָט זיך שוין געפונען אין שול. ווי ער האָט נאָר באקומען די טעלעגראם איז ער גלייך אוועק אין מאַרק, האָט זיך אוועקגעשטעלט אויף א טיש און אלארמירט די שטאָט ארויסצוגיין באגעגנען דעם שונא. ווי א דונער אין א העלן טאָג איז די ידיעה אראָפּגעפאלן אויף דער שטאָט. די שולן האָבן זיך גלייך אויסגעליידיקט און אלע מתפללים האָבן געצויגן צום מארק. בליץ שנעל איז אָרגאניזירט געוואָרן די פארטיידיקונג. מען האָט מאָביליזירט פערד און וועגענער צו ברענגען די מענטשן און שפייז קיין פלוסק. א רייטער אָפּטיילונג פון 18 מאן און אפאָר צענדליק וועגענער אָנגעלאָדן מיט העלדישע בחורים, געווער און אמוניציע, ווי אויך א גיכע הילף און פראוויזיע אָפּטיילונג, האָבן פארנאכט פארלאָזט די שטאָט און זיך געלאָזט אין וועג באגעגנען די פּאָגראָמשטשיקעס.

זאָל דאָ דערמאנט ווערן צום גוטן דר. לייבעלע פאלינקאווסקי, וואָס האָט ג"ך צוזאמענגערופן יוגנטליכע פון די העכערע קלאסן גימנאזיע און זיי אינסטרואירט ווי צו דערלאנגען ערשטע הילף.

דאָסמאָל איז די באציאונג פון דער קריסטליכער באפעלקערונג געווען אַנדערש ווי פריער. א צייט פריער האָט מען זיי שטילערהייט אנגעזאָגט קאזאווסקיס „באזוך" מיט א רעקאָמענדאציע זיך צוגרייטן בארויבן די יידן נאָכדעם ווי זיינע מענטשן וועלן דורכפירן דעם פּאָגראָם. דאָסמאָל זיינען די גויים געשטאנען אן דער זייט און חוזק געמאכט פון די „זשידעס" וואָס שפּילן זיך אין סאָלדאטן. זיי זיינען געווען זיכער אז קאזאווסקין וועט זיך איינגעבן אנגרייפן די שטאָט און צעשטערן די יידישע פארטיידיקונג.

אויף צומאָרגנס, דעם צווייטן טאָג פסח, זיינען די דובאסארער אנגעקומען צום פראָנט. עס איז אויסגעבראכן דער קאמף צווישן פעטליוראס רעטאגוארד ארמיי אונטער קאזאווסקיס אנפירערשאַפט, וואָס האָט זיך געציילט אין די טויזנטער, און אונזערע בחורים און פלוסקער פויערים. אקעגן דעם ווידערשטאַנד פון די פלוסקער און דובאסארער פארשטארקונג, האָט קאזאווסקי נישט געהאט קיין ברירה און געמוזט אויפגעבן זיין פלאן נקמה צו נעמען אין דובאסאר. ער האָט געגעבן זיינע סאָלדאטן א באפעל צוריקטרעטן צום דניעסטר.

דאָס איז געווען דער לעצטער פרואוו פון די פטליוראווצעס צו מאכן פּאָגראָמען אין אונזער געגנט. אדאנק די דובאסארער העלדישע בחורים און פלוסקער פויערים איז דובאסאר אויסגעהיטן געוואָרן פון א פּאָגראָם.

ביי דער געלגנהייט וויל איך דערציילן אייניקע פרטים וועגן פלוסק. פלוסק איז געווען א גרויס דאָרף פון עטליכע טויזנט משפחות, אלע רוסן. „קאצאפעס" האָט מען זיי גערופן אין אונזער געגנט. קיין איין ייד האָט דאָרט נישט געוואוינט און אויך נישט פון קיין אנדערער נאציאָנאַליטעט. נאָך דער רעוואָלוציע האָבן די פלוסקער נישט געוואָלט אנערקענען די רעזשימען וואָס האָבן זיך געביטן ידען מאנטיק און דאָנערשטיק.

זיי האָבן אָרגאניזירט א מין אויטאנאמע רעגירונג און אויך א מיליטערישן כוח פון אייגענע דאָרפס מענטשן. זיי זיינען געווען פארמעגליכע פויערים און זיינען געווען בכוח סיי מאטעריעל, סיי מיליטעריש אויסצוהאלטן א דרוק א לענגערע צייט. מער ווי איינמאָל האָבן זיי העלדיש אָפגעשלאָגן מיליטערישע כוחות וואָס זיינען געשיקט געוואָרן באזעצן דאָס דאָרף, ביז די באלשעוויקעס האָבן באפוילן מארוסיאס דיוויזיע איינצונעמען פלוסק ווי טייער דער פרייז זאָל נישט זיין. אויך דאָסמאָל האָט דאָס דאָרף זיך העלדיש פארטיידיקט און דער רעוואָלט האָט זיך פארענדיקט נאָכדעם ווי מען האָט די אָנפירער פון דאָרף דערלויבט אריבערגיין קיין רומעניע.

דאָס דאָרף פלוסק איז פארבונדן מיט א טראגישער געשעעניש, אין וועלכער עס האָבן פארלוירן דאָס לעבן צען אומשולדיקע מענטשן. ווען דעניקין איז געקומען צו דער מאכט נאָך דער מפלה וואָס עס האָט געליטן פעטליוראס ארמיי, זיינען אלע יונגע מענטשן אין עלטער פון מיליטער דינסט גערופן געוואָרן צום פריזיוו. מיר און יוגנטליכע פון גריגאריאפאל האָבן זיך געשטעלט צום פריזיוו אין דער קרייז־שטאָט טיראספאל. מיר, די דובאסארער, האָבן זיך פרעזענטירט מיטאק צייט און די באפרייטע זיינען גלייך אוועק צופוס אהיים נישט ווארטנדיק אויף די גריגאריאפאלער וואָס האָבן זיך געשטעלט נאָך אונז. פון דובאסאר קיין טיראספאל איז 60 קילאָמעטער, 18 קילאָ־מעטער מער ווי פון גריגאריאפאל קיין טיראספאל.

יענעם טאָג האָט זיך דאָס דאָרף פלוסק צעבונטעוועט געגן דער דעניקינישער ארמיי און ארום פארנאכט האָבן זיי באזעצט מאלאיעשטי, 15 קילאָמעטר פון טיראספאל, כדי אָפצושניידן די קאָמוניקאַציע קיין טיראספאל פון דובאסאר. ווען מיר זיינען אנגע־קומען קיין מאלאיעשטי האָבן אונז די פלוסקער געלאזט גיין ווייטער; ווען די גריגא־ריאפאלער באפרייטע פון פריזיוו זיינען אָנגעקומען נאָך אונז אין מאלאיעשטי, האָבן זיי די פלוסקער פארהאלטן און זיי געבראכט פאר זייער קאָמענדאנט, וואָס האָט זיי פארמשפט צום טויט אויפן פלאץ און דער פסק־דין איז אין דער זעלבער נאכט אויסגע־פירט געוואָרן. אונז האָבן זיי פריי געלאָזן, ווייל די דובאסארער זיינען געווען באקאנט אלס אנטי־באָלשעוויקעס, די גריגאריאפאלער האָבן זיי פארמשפט ווייל זיי האָט מען געהאלטן פאר „רויטע".

בעת גענעראל דעניקין האָט געהערשט אין אוקראינע האָבן זיך אין אונזער קאנט קאָנצענטרירט צוויי קעמפענדיקע מחנות: באלשעוויקעס און דעניקינצעס. נאָכדעם ווי דעניקינס ארמייען האָבן געליטן א גרויסע מפלה נעבן כארקאָוו און זיי האָבן אָנגע־הויבן צוריקטרעטן לענגאויס דעם גאנצן פראנט, האָבן מיר געוואוסט אז עס דערנענ־טערט זיך דער סוף פון די אינערליכע מלחמות ארויסגייענדיק די באָלשעוויקעס אלס זיגער. די יידן זיינען בדיעבד געווען צופרידן פון דעם אויסגאנג, ווייל אויך אין דעני־קינס ארמיי, טראָץ זיין ליבעראלער פאָליטישער פראגראם, זיינען געווען אסך פאָג־ראָמשטשיקעס וואָס האָבן דורכגעפירט שחיטות אויף יידן, און ער, דער גענעראל, האָט זיי ניש געקענט באהערשן.

די דעניקינצעס זיינען צוריקגעטראטן אין דריי ריכטונגען: קאווקאז, קרים און

רומעניע. אויף זייער וועג קיין רומעניע האָבן זיי געדאַרפט איבערקרייצן דעם דניעסטר דורך טיראַספּאָל קיין בענדער. אין דער לעצטער שעה האָבן זיי די רומענער נישט דערלויבט דורכצוגיין און די דעניקינישע אַרמיי פון בערך 120 טויזנט מאַן האָט זיך פאַרקערעוועט אין צפון.

א פרייטיק, אָנפאַנג 1920, איז די גאַנצע דעניקינישע אַרמיי אַריין אין דובאָסאַר און האָט ווי א היישעריק פאַרדעקט די שטאָט. עס איז נישט געווען קיין הויז, קיין מאַגאַזין, קיין סטאַדאָלע, וואָס איז נישט געווען באַזעצט פון סאָלדאַטן. 24 שעה האָט מען נישט געקענט אַריבערגיין פון איין הויף צום צווייטן און מיר זיינען געווען אינגאַנצן אָפּגעריסן איינער פון אַנדערן. די צרה איז געווען וואָס צווישן די סאָלדאַטן האָט זיך אויך געפונען די קאַזאַקישע „ווילדע דיוויזיע". דאָס מאָל, האָבן מיר געמיינט, וועט זיין אונזער סוף. פּלוצים איז געשען א נס. צוויי א זייגער נאָכמיטאָג האָט זיך דערהערט א טראַסקעריי פון מאַשין געווער. אַז דאָס שיסן איז געוואָרן שטאַרקער איז צווישן די סאָלדאַטן אויסגעבראָכן א פּאַניק און זיי האָבן גענומען אַנטלויפן אַן א טאָלק. א גאַנצע נאַכט האָבן געדונערט די קאַנאָנען און געטראַסקעט די מאַשין געווערן. צומאָרגנס גאַנץ פרי, ווען די שיסערייען האָבן אויפגעהערט, האָבן מיר געוואַגט אַרויסגיין אין גאַס. די גאַסן זיינען געווען ליידיק. דערנענטערנדיק זיך צום מאַרק האָבן מיר באַמערקט פונדערווייטנס סאָלדאַטן מיט רויטע פּענער. דאָס איז געווען באָלשעוויקיש מיליטער.

דאָ פאַרענדיקט זיך דאָס העלדישע קאַפּיטל זעלבסטשוץ פון דער יידישער דובאָסאַר. פון דאַ און ווייטער האָט זיך אָנגעפאַנגען א נייע תקופה פון „פאַרכטיקע טעג", אין א נייעם לבוש און א נייער אויפלאַגע.



אַלץ וואָס איז דאַ דערציילט געוואָרן זיינען נישט מער ווי פּרטים וועגן דעם העלדישן קאַפּיטל אין דער זעלבסטשוץ געשיכטע פון רוסישן יידנטום, וואָס אונזער שטאָט דובאָסאַר פאַרנעמט אין איר א בכבודיק פּלאַץ דער היסטאָריקער וואָס וועט פאַרצייכענען די גבורה און זעלבסטשוץ פּרשה פון די יידישע קהילות וואָס זיינען חרוב געוואָרן צווישן די צוויי וועלט מלחמות, וועט זיכער געפינען אַן אינטערעס אינם העלדן קאַפּיטל וואָס עס האָבן אָנגעשריבן דובאָסאַרער יידן, וואָס האָבן אָפּט איינגעשטעלט זייער לעבן און מסירת נפש'דיק געקעמפט ווייניקע קעגן פיל, פאַרטיידיקנדיק דעם יידישן כבוד און יידיש לעבן.

ערע זייער אָנדענק!

מפי א. י. גולני

# טיפוסים מאנשי ההגנה בדובוסרי

יוסלה בעז' היה עגלון לפי מקצועו. בדובוסרי עסק בעגלונות, ואילו מחוצה לה היו לו עיסוקים אחרים. הוא היה ראש כנופיה, שהיתה אורבת בדרכים על סוחרים ועוברי אורח לצרכי שוד. לשבחו ייאמר, שבתוך תחומיה של דובוסרי העיר לא עסק מעולם במקצועו זה.

יום אחד, בהשתולל הפרעות נגד היהודים בדרום רוסיה, ניגש יוסלה אל ראש ועד ההגנה ופנה אליו בזו הלשון: „הערט זיך איין, וואו מיינע מענטשן געפינען זיך וועל איך אייך נישט דערציילן, אָבער צוויי וואָכן פון אונזער צייט האָבן מיר באַשלאָסן אייך אָוועקצוגעבן. וואָס איר וועט הייסן וועלן מיר טאָן". (שמע אדוני, היכן מצויים אנשי לא אגלה לך, אבל שבועיים מזמננו החלטנו להעמיד לרשותך. מה שתצווה עלינו נעשה).

גולני, כראש ההגנה, קיבל את ההצעה, מסר לרשותו של יוסלה בעז' פחי בנזין בהוראה מפורשת: „תשתמשו בחומר זה להבעיר את כפרי הפורעים, רק אם ינסו להתקיף את דובוסרי. אני מתרה בכם לא לעשות שום פרובוקציה".

יוסלה הבטיח חגיגית לשמור את ההוראה.

לא יצאו שלושה ימים וגולני נקרא למשטרה וספג נזיפה חמורה מפי המפקד, שידע על פעילות ההגנה ותמך בה. הסתבר שיוסלה לא עצר כוח ושילח אש באחד הכפרים אשר בסביבה.

יידעלע גוליאק היה יהודי גוץ, קטן־קומה, אבל בעל כוח פיזי עצום. רתחן היה מטבעו ומדי פעם היה מעורב במריבות וקטטות. סיפר לי גולני: יום אחד נזדמן על יד חוף הנהר, במקום שעגנה ספינת נוסעים. פתאום נשמעה המולה בוקעת מתוך הספינה. גויים התנפלו והיכו יהודי שנסע בה. לפתע, רואה גולני, מזנק יהודון, עולה כחץ מקשת על גשר האניה ומתחיל מחלק מכות על ימין ועל שמאל. הקטטה שככה.

משחזר יידעלע גוליאק לחוף, ניגש אליו גולני ואמר לו: „אמור לי, יידעלע, מנין לך הגבורה הזאת?"

ענה הלה: „פאַרשטייט איר מיך, איך האָב אַ מאַזאָליע וואָס הייסט „דאָס פּינטעלע ייד", אַז מען טרעט אָן אויף דער מאַזאָליע ווער איך ווילד און גיב קלעפּ אויף רעכטס און אויף לינקס". (שמעני, יש לי יבלת וקוראים לה „הנקודה היהודית". כשדורכים עליה אני יוצא מכלי ומחלק מהלומות על ימין ועל שמאל).

נמסר ע"י ברוך בסין

# טיפּן פון דער דובאסארער זעלבסטשוץ

(דערציילט דורך א. י. גולני)

יאָסעלע בעזש איז געווען א בעל־עגלה פון פאך. אין דובאסאר גופא איז ער געווען א בעל־עגלה, אויסער דער שטאָט האָט ער אויך געהאט אנדערע עסקים. ער איז געווען א הויפּט פון א באנדע, וואָס פלעג איבערפאלן אויף די וועגן סוחרים און סתם דורכפאָרער און זיי בארויבן. צו זיין שבח דארף געזאָגט ווערן, אז אין די גרעניצן פון דובאסאר האָט ער זיך קיינמאָל נישט אָפּגעגעבן מיט דער דאָזיקער באשעפטיקונג.

אין איינעם א טאָג, בעת עס האָבן געבושעוועט די פּאָגראָמען אין דרום־רוסלאנד, איז יאָסעלע צוגעגאנגען צום הויפּט פון דער זעלבסטשוץ אין דובאסאר און אים געזאָגט בזה הלשון: „הערט זיך איין, וואו מיינע מענטשן געפינען זיך וועל איך אייך נישט דערציילן, אָבער צוויי וואָכן פון אונזער צייט האָבן מיר באשלאָסן אייך אוועקצוגעבן. וואָס איר וועט הייסן וועלן מיר טאָן”.

גולני, אלס אָנפירער פון דער זעלבסטשוץ, האָט אָנגענומען דעם פאָרשלאג און איבערגעגעבן יאָסעלען בלעכן נאפט און אים קלאָר אָנגעזאָגט: „איר וועט זיך מיט דעם באנוצן און אונטערצינדן די דערפער פונוואַנען עס וועלן קומען פּאָגראָמשטשי־קעס נאָר אין פאל ווען זיי וועלן פרואוון אָנפאלן אויף דובאסאר. איך וואָרן אייך פאר יעדער פּראָוואָקאציע”.

יאָסעלע האָט פּייערליך צוגעזאָגט אָפּצוהיטן גולניס באפעל.

עס זיינען נישט אוועק קיין דריי טעג און גולני איז גערופן געוואָרן אין דער פּאָליציי, און דער פּאָליציי־שעף, וועמען עס איז געווען באקאנט די אקטואציע פון דער זעלבסטשוץ און זי אויך געהיים געשטיצט, האָט אים געמאַכט אַ שאַרפן פארוואורף. עס האָט זיך ארויסגעוויזן אז יאָסעלע האָט זיך נישט געקענט איינהאלטן און אוועקגע־שיקט מיטן פייער איינס פון די נאָענטע דערפער.

יידעלע גוליאק איז געווען א דאר קליין יידל, ער האָט אָבער פארמאָגט אן אייזערנע גבורה. פון דער נאטור איז ער געווען א כעסן און יעדן מאָנטיק און דאָנער־שטיק איז ער געווען פארמישט אין אן אנדער געשלעג.

אין איינעם א טאָג — האָט מיר דערציילט גולני — בין איך געשטאנען ביים ברעג טייך, וואו עס האָט געאנקערט א פּאסאזשירן שיף. פלוצים האָט זיך געהערט א טומל וואָס האָט אויסגעבראכן אויף דער שיף. גויים זענען אָנגעפאלן אויף א ייד און אים געשלאָגן. מיטאמאָל זע איך ווי עס לויפט הענדום פענדום א יידל, שפּרינגט ארויף פלינק ווי א קאץ אויפן בריקל פון דער שיף און הויבט אָן טיילן פעטש אויף רעכטס און אויף לינקס. דאָס געשלעג אויף דער שיף איז גלייך איינגעשטילט געוואָרן.

ווען יידעלע איז אראָפּ פון דער שיף — דערציילט ווייטער גולני — בין איך צו

אים צוגעגאנגען און אים געפרעגט: „זאָג מיר, יידעלע, פונוואנען נעמט זיך צו דיר אזא גבורה?" ער האָט מיר גלייך געענטפערט: „פארשטייט איר, איך האָב א מאזאליע וואָס הייסט ,דאָס פינטעלע ייד׳. אז מען טרעט מיר אן אויף דער מאזאליע, ווער איך ווילד און גיב קלעפּ אויף רעכטס און אויף לינקס".

(איבערגעגעבן דורך **ברוך באסין**).

**מ. פייארמן ז"ל**

# הקבוצה היהודית הראשונה ברוסיה

בחודש אפריל 1919 כבשו הבולשביקים מחדש את אוקראינה. אין לומר שנתקבלו ללא גילויי שמחה, וביחוד ע"י האוכלוסיה היהודית בערים ובעיירות שעל חוף הדניסטר, שעל כן כיבוש הבולשביקים הציל את היהודים מהשמדה מידי מחנות הפורעים מיסודם של דניקין, פטליורה וכנופיות אחרות, שנסוגו לעבר הגבול הרומני והפולני. לא בלי תרועות שמחה נתקבלו פגזי התותחים הראשונים של הצבא האדום, שהתעופפו מעל למחנות הנסוגים מעירנו הקטנה דובוסרי, השוכנת בשפלה על חוף הדניסטר.

ברם, זמן קצר בלבד ארכה השמחה. עוד לא חלף ירח הדבש והשלטון החדש רק התחיל להתבצר ועל הארץ הגדולה ירד משטר הקומוניזם הצבאי הנודע. אם כבד היה עולו של הקומוניזם על האכר שנתרושש בימי המלחמה ותחת הכיבוש הצבאי של הגרמנים והאוסטרים, הרי שבעתיים הכבידה יד הקומוניזם על היהודים, אשר בתנאיהם הכלכליים המיוחדים נשקף להם כליון לאומי. ולא זה בלבד שהמשטר הקומוניסטי חסם בפני האוכלוסיה היהודית כל דרך של קיום, אלא שהשלטונות עוד הטילו עליה כל מיני קנסות ו„קונטריבוציות" (התרמות כפויות), שבשום פנים ואופן לא יכלו לעמוד בהם.

לדוגמה: הוכרז גיוס כללי של הנוער. היו משפחות שבנים אחדים גויסו לשרות הצבאי (מביתנו בלבד נלקחו שלושה אחים ביום אחד). אולם השלטונות לא אמרו די בכך, אלא תבעו מהיהודים ומהורי המגויסים שיספקו עגלות כדי להביא את המגויסים ליעודם. ולא הועילו שום טענות ונימוקים כי אין היהודים אכרים ואין להם סוסים ועגלות וגם אין ביכלתם לשכור עגלות, מאחר שעל הרוב אין בבית אף לחם יבש לשבור את הרעב. ולא אחת קרה שבחור יהודי יצא לשרות והוריו נחבשו בכלא מחמת החטא היחיד שלא סיפקו את העגלות שלא היה לאל ידם להשיג.

ובכל זאת, חרף הדכאון שהשתרר על האוכלוסיה היהודית, שעוד לא התאוששה מהפוגרומים של הדניקינצים והפטליורובצים וכבר הוצפה בגלים הזדוניים של הים הקומוניסטי בהתגלמותו הקיצונית ביותר, לא נתפש הנוער היהודי להרגשה של אזלת יד

ולא אמר נואש. בכובד ראש ובדעה צלולה דן הנוער במצב ועל השאלה מה יש לעשות במצב הקיים — השיב לעצמו: לעבור לעבודה פרודוקטיבית. אפס קל יותר היה לענות על השאלה מאשר לפתור אותה הלכה למעשה. שהרי התעשיה היתה הרוסה, הארץ שרויה במלחמת אזרחים, ולחיות הרי צריך על אף הכל. חברי ד. ל. גרנובסקי, שהיה מזכיר סניף צעירי־ציון בעיירתנו (אם כי לא באופן רשמי מחמת עינא בישא) ואני חבר פועלי-ציון (גם לא באופן רשמי) התיעצנו בינינו והחלטנו לארגן **קבוצה**, אשר ברשות ה„איספולקום" תצא לעבודת אדמה. נחכור חלקת אדמה, נעבד אותה במשותף ללא בעלים עלינו, ונחיה חיי קומונה. קומונרים — כן, קומוניסטים — לא.

לא יצאו ימים מועטים ונתארגנה קבוצה בת 15 איש (גדולה יותר מכפי שחשבנו ולימים היה צורך להקטינה). מבין הראשונים, נמנו עליה מלבדי וגרנובסקי, נתן צ׳רשנה, רווק משכיל, בעל נסיון בחקלאות (הוא היה מגדל טבק); דוד גורייוסקי, שמחה גרנובסקי, משה גרנובסקי, מוטל ניצקנר, מלמד, יודל שורץ (היגר לארצות-הברית); אחיו שאחר כך התיישב בחווה קולקטיבית בקרים, א. ליטמן (היגר לארגנטינה) ואחרים.

משנתארגנה הקבוצה ניגשנו לעבד את תקנותיה. בין השאר, זוכרני, היה סעיף, שאם חבר הקבוצה ייאלץ להתגייס לשירות צבאי, זכותו וחלקו בעבודה לא יקופחו (גם כותב הטורים באלץ כעבור זמן מה לצאת לצבא). התחלנו לחפש חלקת אדמה וכלי עבודה — שני דברים לא קלים להשיג כל עיקר באותם הימים, והרבה זמן גם לא עמד לרשותנו, כי הימים ימי אביב המאוחרים.

אחרי חיפושים מצאנו חלקת אדמה, 35 וורסטאות מדובוסרי ו-10 מהעיירה אוקנה, במחוז פודוליה, שחכרנו אותה על פי חוזה חשאי. בשדה, רחוק מכל ישוב, עמד בית עזוב של אכר גרמני, שנורה במקום לאחר נסיגת הגרמנים. הבית היה במצב עלוב מאוד, הקירות נקובים מכדורים ועל הרצפה עוד היו בולטים סימני הריגתו של הגרמני. ברם, כל אלה לא הפחידו אותנו. לא ידענו פחד גם כאשר לימים היינו נאלצים ללון בבורות ובשדה הפתוח מחמת כנופיות פורעים שהשתוללו בסביבה, שרצחו יהודים בכפרים הסמוכים, והיתה משום סכנה להשאר בלילות בבית העזוב.

קשה ביותר היתה השגת בהמות וכלי-עבודה. עם מעט הכסף שצברנו, שמיום ליום פחת והלך ערכו, קנינו קצת מזונות וב„יריד" בעיירה הקרובה רכשנו שבעה סוסים ושתי עגלות. עליזים ומתרוננים חזרנו ל„אחוזתנו" עם שבעת הסוסים רתומים לשתי העגלות, לפתוח פרק חדש בחיינו. בצאתנו מהעיירה נתקדרו השמים ומבול ניתך על הארץ. נסענו כל הלילה בבוץ העמוק והדביק וכל עוד נפשנו בנו הגענו למחרת עייפים ויגעים לאדמתנו עם ששה סוסים בלבד. אחד נפל בדרך.

נתנו יום מנוחה לסוסים ולמחרת יצאנו לתכנן את עיבוד 130 הדיסאטינות של חלקתנו. שני אנשים נרתמו לכל סוס, ה„מנוסים" יותר כביכול, ומכיון שלא היו יותר מששה סוסים, נשארו אחדים ללא עבודה. במבטי קנאה וכיסופים ליוו ה„מבוטלים" את המאושרים שהובילו את המחרשה בתלם הארוך. כל הזמן הלכו אחריהם על האדמה הרכה החרושה.

כעבור שנים, ב־1921, בהיותי כבר בקנדה ואני עצמי עבדתי עם ששה סוסים רתומים למחרשה בשדות המושבה היהודית **מונטפיורה** באלברטה, זכרתי לעתים כיצד גרנובסקי התמים הציע שאנחנו, הנשארים, נקח מעדרים ונחפור את האדמה. ואנחנו, בחורים צעירים

ונלהבים, לקחנו מעדרים ואתים והתחלנו לחפור את ההר, מלמטה למעלה. אין זאת כי האמנו בתומנו כי במעדרינו נצליח ליישר את ההר.

שפענו אומץ והתלהבות. גם מסירות-נפש לא חסרנו להיות קבוצה בודדת בלב השדה, בזמן שסביבנו השתוללו פורעים. לאזנינו הגיעו שמועות שבייליסבטגרד התקומם גריגוריאב נגד הבולשיביקים וגם מאכנו וראשי כנופיות אחרים גילו „פעילות" לא הרחק ממקומנו. ואילו כל השמועות לא הפחידונו וידינו לא רפו. על אף הכל היתה החלטתנו נחושה לא לעזוב את הבית החדש שהתחלנו בהקמתו.

כולנו היינו בעלי הכרה לאומית וכקבוצת חלוצים ראשונה קבענו לנוח בשבת ולעבוד ביום ראשון. אולם שכנינו לא נתנו לנו בשום פנים לעבוד ביום ראשון בשדה. כן לא האמינו שאנחנו עובדים על פי יסודות קומוניסטיים, שכן בעיניהם תפקידו של כל קומוניסט לבוז ולהחרים ולא לעבוד.

לא מזהיר ביותר היה סוף מפעלנו. עבדנו הרבה וקשה, התגברנו על קשיים עצומים והאדמה גם נתנה לנו את יבולה, ולרוע מזלנו הופיעו באמצע אוגוסט הדניקינצים שכבשו את אודיסה, והתבואה שאספנו לא הספקנו לדרוש ובמשך החורף נשדד והוחרם כל עמלנו.

העמל הקשה של קבוצת החלוצים הראשונה באוקראינה הלך לאיבוד. נותרה לנו רק התודעה, שעל ידי רצון עז ומאמץ פיזי אפשר להתגבר על מכשולים עצומים, תודעה ששימשה מקור לאלפים ללכת בדרך זו.

**מ. פייערמאַן** ז"ל

# די ערשטע יידישע קבוצה אין רוסלאַנד

געווען איז עס אין יאַר 1919. אין חודש אפריל. די באַלשעוויקעס האָבן צום צווייטן מאָל באַזעצט אוקראַינע (דאָס ערשטע מאָל — נאָכן אויסברוך פון דער אָקטאָבער רעוואָלוציע, סוף 1917). עס דאַרף געזאָגט ווערן, אַז זיי זיינען נישט אַן פרייד אויפגענומען געוואָרן דורך דער יידישע באַפעלקערונג, ספּעציעל פון די ישובים וואָס ביי די ברעגן פונם טייך דניעסטער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין אַ גרויסער געפאַר פאַרניכטעט צו ווערן פון די אַפּטרעטנדיקע מחנות דעניקינצעס, פּעטליוראָווצעס און אַנדערע קלענערע באַנדעס, וועלכע האָבן זיך געצויגן צו די גרעניצן פון פּוילן און רומעניע. ניט אַן יובל־געשריי זיינען באַגעגנט געוואָרן די האַרמאַטן־שאָסן פון די באָלשעוויקעס, וועלכע זיינען געפלויגן אויף די אַפּטרעטנדיקע מחנות אין אונזער שטעטל דובאַסאַר. וואָס ליגט אין אַ טאָל האַרט נעבן ברעג פון דניעסטער.

לאַנג אָבער האָט די פרייד נישט אָנגעהאַלטן. עס איז נאָר אריבער דער האָניג־חודש און ווי די נייע מאַכט האָט זיך נאָר באַפעסטיקט אין אַלע טיילן פון לאַנד, האָט

זי גלייך געגומען איינפירן דעם גוט באַקאַנטן מיליטערישן קאָמוניזם. שווער האָט זיך געלייגט דער נייער רעזשים אויפן פויער, וועלכער איז געווען פּאַראַרימט פון די צייטן פון דער מלחמה מיט די דייטשן און עסטרייכער, פיל שווערער אָבער האָט ער געדריקט די יידישע באַפעלקערונג, וואָס האָט איר אַפּגעשניטן אַלע עקאָנאָמישע רעסורסן. ווי שווער די לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג איז געווען צוליב דעם וואָס עס זיינען ביי איר צוגענומען געוואָרן אַלע עקאָנאָמישע מעגליכקייטן, האָט זיך נאָך אויף איר געלייגט אַ באַזונדערע שווערע מאַסע פון קאָנטריבוציעס, פון וועלכע עס זיינען געווען באַפרייט די אַנדערע טיילן פון דער באַפעלקערונג. דער פאָלגענדער עפּיזאָד וואָס איך וועל דאָ ברענגען קען דינען אַלס קליינער ביישפּיל פון דער באַזונ־דער טראַגישער לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג.

די מאַכט האָט פאַראָרדנט אַ מאָביליזאַציע פון דער יוגנט פאַר דער רויטער אַרמיי. עס זיינען געווען פאַמיליעס פון וועלכע איינציקע מיטגלידער זיינען מאָביליזירט געוואָרן (פון אונזער משפחה אַליין זיינען גענומען געוואָרן דריי ברידער אין איין טאָג). דאָס אַליין איז ווייזט אויס נישט געווען גענוג, האָט מען נאָך געפאָדערט פון די עלטערן און פון דער יידישער געמיינדע זיי זאָלן אויך צושטעלן די וועגענער און די פערד אויף אָפּצופירן די מאָביליזירטע צו זייערע דינסט־פּונקטן. עס האָבן נישט געהאָלפן קיין טענות אַז יידן האָבן נישט קיין פערד און קיין וועגענער און אַז אין די הייזער פעלט גאַנץ אָפט אַ טרוקן שטיקל ברויט, און אודאי האָבן זיי נישט קיין מעגליכקייטן צו דינגען פורן. נישט איינעם פון די יוגנטליכע איז אויסגעקומען אוועקצו־גיין אין מיליטער איבערלאָזנדיק די עלטערן אַרעסטירט פאַרן איינציקן חטא וואָס זיי האָבן נישט געהאַט קיין מעגליכקייט צוצושטעלן די געפאָדערטע וועגענער.

אין יענער צייט פון אומגעהויערן עלנד, ווען מען איז נאָר אַרויס מיטן לעבן פון די פּעטליוראָווצעס, דעניקינצעס און אַנדערע באַנדעס, און זיך פונדאַסניי געזען אַרומגערינגלט פון אַ גרויסן און אַ ברייטן ים פון מיליטערישן קאָמוניזם, האָט דאָך די יידישע יוגנט נישט פאַרלוירן דעם קאָפּ און נישט פאַרצווייפלט געוואָרן. פאַרקערט, מען האָט קלאָר און ערנסט באַטראַכט די לאַגע און געזוכט אַ וועג ווי זיך אַרויסצופּלאָנ־טערן פון דער שווערער סיטואַציע.

דער ענטפער איז געווען אַ קלאָרער: ווערן פּראָדוקטיווע אַרבעטער. ווי ווערט מען אָבער פּראָדוקטיווע אַרבעטער אַז ס'איז נישטאָ ביי וואָס צו אַרבעטן? די אינ־דוסטריע איז געווען אינגאַנצן רואינירט, דאָס לאַנד האָט זיך געפונען אין פלאַמען פון בירגער קריג און לעבן דאַרף מען אויך.

איך, אַ פּועלי־ציון (הגם איך האָב ניש פיגורירט אַלס אַזעלכער צוליב באַקאַנטע טעמים) און מיין חבר ד. ל. גראַנאָווסקי, דער סעקרעטאַר פון די צעירי־ציון (הגם אויך נישט אָפיציעל) האָבן אָפּגעהאַלטן אַ קורצע באַראַטונג און באַשלאָסן צו ווערן לאַנד־אַרבעטער, אָרגאַניזירן אַ קבוצה וועלכע זאָל מיט דער ערלויבניש פון „איס־פּאַלקאָם" אַרויספאָרן אויף לאַנד־אַרבעט. אַרבעטן און קיינעם נישט דינען. לעבן לויט דעם קאָמוניסטישן פּרינציפּ, זיין קאָמונאַרן, הגם נישט קיין קאָמוניסטן.

עס איז גלייך צונויפגעשטעלט געוואָרן אַ גרופּע, אַ פיל גרעסערע ווי מיר האָבן

געדענקט, אז ערך פון 15 יוגנטליכע (וועלכע האָט צוליב די אומשטענדן שפּעטער געמוזט פאַרקלענערט ווערן). אחוץ אונז ביידן האָבן געהערט צו דער גרופּע נתן טשערעשנע, אַן אַלטער בחור א משכיל, א פּלאַנטאַטאָר פון טאַבאַק וואָס האָט געהאַט דערפאַרונג אין לאַנדווירטשאַפט; דוד גוראַווסקי, שמחה גראַנאָווסקי, משה גראַנאָווסקי, מאָטל ניצקאַנער, מלמד, יודל שוואַרץ (אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע), זיין ברודער וואָס האָט זיך שפּעטער אָנגעשלאָסן אין א ווירטשאַפטליכן קאָלעקטיוו אין קרים; א. ליטמאַן (אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע), א. אַנד.

צונויפשטעלנדיק די גרופּע זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן די תקנות צו רעגלא־מענטירן דאָס צוזאַמענלעבן. איינע פון די תקנות איז געווען, אז א חבר וואָס וועט דאַרפן אוועקגיין אין מיליטער וועט נישט פאַרלירן זיינע רעכט און זיין חלק אין דער אַרבעט. (דער שרייבער פון די שורות האָט טאַקע שפּעטער געמוזט גיין אין מיליטער דינסט). מען איז גלייך צוגעטראָטן זוכן א שטיקל לאַנד און אינווענטאַר —ביידע זאַכן נישט קיין לייכטע צו געפינען אין יענער צייט. דערצו איז שוין געווען גאַנץ שפּעט פרילינג.

35 ווערסט פון דובאַסאַר און 10 ווערסט פונם שטעטל אָקנע, פּאָדאָליער גובערניע, האָבן מיר געדונגען א שטיקל לאַנד מיט א שטיקל קאָנטראַקט. אויפן פרייען פעלד, ווייט פון א ישוב, איז געשטאַנען א פאַרלאָזענע שטוב פון א דייטשן קאָלאָניסט, וואָס מ׳האָט אים דערשאָסן נאָכן אָפּטרעטן פון די דייטשן. די ווענט זיינען נאָך געווען געלעכערט פון די קוילן און אויפן דיל זיינען נאָך געווען די סימנים פון דער הריגה.

קיין שום געפאַר האָט אונז נישט אָפּגעשראָקן, אפילו שפּעטער, בעת ס׳איז אויס־געקומען צו שלאָפן אין לעכער — ווער אין פעלד, ווער אין א גרוב — יעדער אויף



אַ גרופּע ציוניסטישע אַקטיוויסטן אין דובאַסאַר
קבוצת ציונים פעילים בבובוסרי

אן אנדער פלאץ, זיך אויסבאהאלטנדיק פאר א מעגלאכן איבערפאל פון באנדעס, וועלכע האָבן געהרג׳עט יידן אין אלע ארומיקע דערפער — האָבן מיר פאַרטגעזעצט די ארבעט.

די הויפט שוועריקייט איז באשטאנען אין צוזאמענשטעלן דעם אינווענטאר. מיט דעם ביסל געלט וואָס מיר האָבן צוזאמענגענומען (אין יענער צייט האָט דאָס געלט געהאט גאָר א קליינעם ווערט), האָבן מיר באוויזן צו קויפן אחוץ אביסל שפייז אויך 7 פערד אויף א יריד. פריילאכע האָבן מיר זיך געלאָזט פאָרן מיט די 7 פערד געשפאנט צו צוויי וועגענער אין אונזער נייער מדינה, וואו מיר האָבן זיך געגרייט אָנהויבן א ניי קאפיטל אין אונזער לעבן.

צו אונזער מזל איז ביים ארויספאָרן פונם יריד דער הימל פארוואָלקנט געוואָרן און ווי א מבול האָט זיך אויף אונז אראָפּגעלאָזט א שווערער רעגן. קוים לעבעדיקע זיינען מיר צומאָרגנס אָנגעקומען אויף אונזער לאנד בלויז מיט זעקס פערד.

א טאָג האָבן מיר געגעבן די פערד זיך אָפּצורוען. אויפן צווייטן טאָג, ווען מיר זיינען ארויסגעגאנגען באקוקן די 130 דעסאטין לאנד און אָנצייכנען די קומענדיקע פערד. אויפן צווייטן טאָג, ווען מען איז ארויסגעגאנגען צו דער ארבעט, האָבן נישט אָן קנאה די אנדערע חברים געקוקט אויף די מער גליקלאכע און כלומרשט דערפארענע, וואָס האָבן געפירט דעם אקער אין א גלייכער ליניע, אליין נאָכגייענדיק אויף דער פרישער אויפגעאקערטער ווייכער ערד. נישט איינמאָל פלעגן מיר זיך דערמאנען (שוין אין א צייט שפעטער, אין 1921, ווען איך בין שוין געווען אין קאנאדע און געארבעט אליין מיט 6 פערד אין א אקער געשפאנט, אויף די פעלדער פון דער קאָלאָניע „מאנטעפיאָרע" אין אלבערטא), ווי דער קינדיש נאאיווער דוד לייב גראַ־נאָווסקי האָט פאַרגעלייגט, אז מיר, איבערגעבליבענע, זאָלן נעמען די לאפאטעס און גראָבן די ערד, אויב ניט — אקערן מיט דער נאָז. און מיר יונגע חברה האָבן דעם פאָרשלאָג אונטערגעכאפט און זיך געשטעלט גראָבן דעם בארג. מיר האָבן דעם בארג געגראָבן מיט דער לאפאטע פון אונטן ארויף, וועלנדיק אונטערגראָבן דעם גאנצן בארג מיט דער לאפאטע.

מוט און באגייסטערונג האָבן אונז נישט געפעלט. מיט נישט ווינציק מסירות־נפש איז געווען פארבונדן דאס עצם זיין אויפן לאנד אין א צייט ווען ארום האָבן געבושעוועט פאָגראָמשטשיקעס. עס זיינען צו אונז דערגאנגען קלאנגען, אז גריגאריעוו איז אויפגעשטאנען קעגן די באָלשעוויקעס אין יעליסאוועטגראד. מאכנא און אנדערע האָבן זיך אויך געבונטעוועט אין אונזער געגנט. דאָס אלץ האָט אונז אָבער נישט אָפּגעשראָקן און נישט אנטמוטיקט, זייענדיק פעסט אנטשלאָסן נישט צו פארלאָזן די נייע היים.

כאראקטעריסטיש פאר אונזער גרופע איז נאָך אן עפּיזאָד: אלס פּיאָנערן און זייענדיק אלע ציוניסטן, האָבן מיר באשלאָסן אז שבת און נישט זונטיק וועט זיין אונזער רו־טאָג. ליידער האָבן די שכנים ארום אונז פאר קיין פאל נישט דערלויבט צו ארבעטן זונטיק אויף די פעלדער. זיי האָבן אונז אויך נישט געוואָלט גלויבן, אז מיר ארבעטן אויף קאָמוניסטישע יסודות; זיי האָבן זיך נישט געקענט פארשטעלן אז

א קאַמוניסט ארבעט אליין. ביי זיי האָט געהייסן א קאָמוניסט נאָר דער וואָס ראבעוועט און קאָנפיסקירט.

נישט איבעריק גלענצענד איז געווען דער סוף פון דער אונטערנעמונג. נאָך אַלע שוועריקייטן און באמיאונגען און דער ארבעט וואָס מיר האָבן ארייגעלייגט, האָט אונז די ערד פארגיטיגט מיט א גוטער גערעטעניש. ליידער האָבן מיר פון איר נישט געגאָסן. פונקט שניט־צייט, אין מיטן אויגוסט, האָבן די דעניקינצעס פארכאפט אדעס און דאָס ברויט וואָס מיר האָבן אראָפגענומען פון די פעלדער אין געבליבן נישט געדראשן. בעתן ווינטער האָט מען דאָס צוראבירט און רעקוויזירט.

אזוי איז די שווערע ארבעט פון דער ערשטער גרופע חלוצים פון אוקראינע געגאַנגען לאיבוד. דאָך איז דאָס קערנדל וואָס איז פארזייט געוואָרן נישט געבליבן אומפרוכטבאר. אונזער פרואוו און די מעגליכקייט בייצוקומען אלע שוועריקייטן האָבן ארויסגערופן טויזנטער אנדערע, וואָס זיינען געקומען אויף אונזער פלאַץ.

ל. רובין (בואינוס־אירס)

# זכרונות מעיירתי דובוסרי

### בימי משפט ביילים

כידוע, התקיים בקיוב בשנת 1913 **משפט ביילים** הנודע, בו הואשם היהודי מנדל ביילים, על-ידי ה„מאה השחורה" שהשפעתה היתה רבה ברוסיה הצארית, ברצח נער נוצרי, כדי להשתמש בדמו לצרכים דתיים. משפט ביילים זעזע את העם היהודי וגם את העולם הנוצרי הנאור וטובי המשפטנים ברוסיה, יהודים ולא יהודים, ביניהם גרוזנברג, מקלקוב, קרבצ׳בסקי, הרב מזא"ה ואחרים, עמדו יום יום בבית-המשפט, הגנו באומץ ובגבורה על הנאשם החף מכל פשע והדפו בשאט-נפש את העלילה הנפשעת על העם היהודי. באותה עת, רבת פורענות, היו יהודים, שבחרדתם לתוצאות המשפט לא סמכו לגמרי על הנימוקים וההוכחות החותכות של גדולי המשפטנים והמומחים, אלא נקטו גם באמצעים אחרים, כמו השתטחות על קברי צדיקים, אמירת תהילים, גיוס רביים חיים ומתים וכיוצא באלה דרכי לחימה.

על מקרה כזה הקשור בעיירתנו דובוסרי, שמבחינה פסיכולוגית ודאי היה בו כדי לחזק לב רבים באותה שעת צרה ליעקב, ברצוני לספר הפעם.

בבית-העלמין הישן בדובוסרי עמד אהלו של הצדיק ר׳ מנדלה, מתלמידי הבעש"ט, שנשלח ע"י רבו לגור בעיירתנו לשם מילוי שליחות, שרק יודעי ח"ן ואנשי מעשה ידעו עליה. לפני פטירתו גילה ר׳ מנדלה למקורביו, שבשעה שיהודים יהיו שרויים בצרה ובמצוקה, יבואו להשתטח על קברו והוא יהיה למליץ על עמו במרומים.

זוכרני יום אחד, בשעות הבוקר, באו לביתנו שני אנשים בגיל העמידה, לבושים בהידור והתיצבו לפני אבי הדיין כשליחי הקהילה היהודית בקיוב. על שאלת אבי מה טיבה של שליחות זו ענו לו, שנשלחו להשתטח על קברו של ר׳ מנדלה, שישמש מליץ ליהודים בשעה טרופה זו של משפט ביילים.

אבי ע״ה זימן מיד מנין יהודים, כתב פתק ויצא לבית-הקברות לאוהלו של הצדיק ר׳ מנדלה.

משנתפרסם הדבר וזמן מה לאחר מכן זוכה ביילים במשפט, טענו יהודים רבים בעיירתנו, שרק בזכותו של ר׳ מנדלה, שהמליץ בפני הפמליא של מעלה, הכריעו השופטים לטובת היהודים.

**פעולתי הציבורית הראשונה וסטירת הלחי של אבא**

תקופת „הסער והדחף״, שבה היתה שרוייה רוסיה בראשיתה של המאה הזאת, לא פסחה גם על עירנו. הנוער היהודי היה מחולק בין כל מיני „איזמים״, אשר ויכוחים סוערים וגם מתונים התנהלו ביניהם בחדרים סגורים וגם תחת כיפת השמים. בקיץ, בשבת אחרי הצהרים, בעת שהורינו נחו מדושני עונג, יצאנו אל השוק הישן ושם מאחורי הדוכנים היינו מתוכחים ומתכתשים על דברים העומדים ברומו של עולם — יהודיים וכלל אנושיים. לצערי לא ארכו ימי ביקורי בשוק הישן, ומעשה שהיה כך היה: שבת אחת, בעת התפילה בבית-המדרש, שאלני אבי בפני כל עם ועדה אם נכון הדבר שבאחד הויכוחים על יד הדוכנים הבעתי דעות אפיקורסיות. ומבלי להמתין לתשובתי שיריבי העלילו עלי דיבת שוא, זיכני אבי בשתי סטירות לחי מצלצלות. ולא עוד אלא מאותו יום לא נתן לי לצאת מהבית בשבת אחרי הצהרים.

משגדלתי התחלתי לעבוד כפקיד ב„קופת מלוה ותסכון״, שה„ג׳וינט״ יסד בעירנו כדי לספק אשראי נוח וזול לחנוונים זעירים ולבעלי-מלאכה. בספרי על מוסד קואופרטיבי זה רואה אני חובה לעצמי לציין את העסקן המסור וולוול בנדרסקי, שזמן ניכר כיהן בו כמנהל ראשי. הוא היה הסניגור המושבע של האנשים הקטנים מחוסרי האמצעים, והיה ופיגרו בתשלומיהם — תבע תמיד יחס סלחני לגביהם וכן לגבי החנוונים הזעירים שלא יכלו לפרוע את השטרות שהגיעו לגובינא לידי סוחרי קישינוב. הוא דאג שהשטרות לא יובאו לידי מחאה, כדי לא לחבל באשראי שלהם. הוא לא חסך עמל מעצמו והיה מתרוצץ בין החנוונים, מעורר אותם, מזכיר להם את התחיבויותיהם, „חוטף״ הלואות קצרות-מועד אצל אחרים כדי לפרוע את השטרות המפגרים, וכך איפשר לבעלי החובות לפרוע את התשלומים ולא לצאת ניזוקים.

ב„קופת מלוה וחסכון״ עבדתי יחד עם שני חברי — יוסף מישניגר (מת בסירקוז, באמריקה) וולוול וינברג. שלושתנו אירגנו את החוג „התחיה״, אשר שם לו למטרה לפתח פעילות תרבותית בין בני הנעורים בעירנו. נערים ונערות רבים הצטרפו לה„תחיה״ ובכל שבת אחרי הצהרים היו באים לשמוע הרצאות על סופרים עבריים ואידיים ושיחות על נושאים ספרותיים בכוחות מקומיים היינו מארגנים מסיבות מענינות, בהן הופיעו מרצים מבחוץ ומבית. בין האחרונים הצטיינו במיוחד בהרצאותיהם יוסף ויסוקי (רם), צבי קריס (חי כיום בניו-יורק) ולייבל בנו של ברל השוחט. כשחיים גרינברג בא לדובוסרי

להקים אצלנו סניף „צעירי־ציון", הצטרפו רוב חברי „התחיה" למפלגה הציונית העממית החדשה.

מפלגת „צעירי-ציון" לא הסתפקה בעבודה ציונית טהורה ולקחה חלק פעיל בחיים הציבוריים של הקהילות במקומות. צעירי־ציון היו בין הראשונים שהגשימו הלכה למעשה את סיסמתו של הרצל „כבשו את הקהילות". היינו היוזמים והמארגנים של בחירות לקהילה, למען תיבחר הנהלה דימוקרטית, שתשים קץ למשטר השרירותי שהנהיגו בקהילה בעלי „הטקסות" לסוגיהם, ששלטו בה ובמוסדות אחרים ביד חזקה ובשרירות לב. הלכנו לבתי־הכנסת ולבתי -המדרשות, נאמנו באזני היהודים והסברנו להם חשיבותה של הנהלה קהילתית נבחרת בבחירות דימוקרטיות. מפלגתנו הציגה לבחירות ארבעה מועמדים, מהם נבחרו שלושה: יוסף ויסוקי, משה דינר וכותב הטורים האלה. אם כי נציגותנו הגיעה ל-20 אחוזים בלבד של חברי המועצה, פעלנו רבות בסיועם של הציונים הכלליים, אשר



**קבוצת חברי צעירי ציון בשנת 1918. למעלה מימין לשמאל: אלתר גרינבלט, בן ציון שליטא, חיים דורפמן, משה גורייבסקי, משה פיארמן. שורה שניה: ד.ל. גרנובסקי, צבי טולצינסקי, צבי שפיגל.**

בראשם עמד הרב אבעל ז"ל. וכן בהשפעתנו הוכנסו סדרים בכל תחומי פעולתה של הקהילה בדובוסרי.

צעירי-ציון היו גם חלוצי הפעולה הציונית המעשית במקומנו. היינו הראשונים שחילקנו קופסאות הקרן־הקיימת ואף הרקנו אותן; כל יום ששי מכרנו בבתי יהודים בולים

טעטיקייט געווען „ראַסקאַלאַטשעוואַניע״ — צונעמען דאָס „איבריקע״ פאַרמעגן פון זיינע באַזיצער. אמת, דידאָזיקע אַקציע איז דורכגעפירט געוואָרן לויט דער אַלגע־מיינער ליניע פון קאָמוניסטישן רעזשים, אין דער ווירקלעכקייט אָבער האָבן די „ליניע״ דורכגעפירט אומפאַראַנטוואָרטלעכע מענטשן, פּראָוואָקאַטאָרן, אויסגעשפּראָ־כענע אַנטיסעמיטן, אַפילו געוועזענע פּאָגראָמשטשיקעס וואָס האָבן זיך אַריינגעשמוגלט אין די רייען פון די נייע מאַכטהאָבער, און אַ טייל האָבן זיך דערשלאָגן ביז צו די העכסטע שפּיצן. ערגער פון זיי זיינען געווען די קאָמוניסטן מאַחינו בני ישראל, וואָס כדי צו זיין פּאָפּסטלעכער פון פּויפּסט האָבן זיי זיך באַצויגן מיט אַ באַזונדערער שטרענגקייט צו יעדן ייד אויף וועלכן עס איז געפאַלן אַ חשד אַז ער באַהאַלט עפּעס פון זיין פאַרמעגן. דער עיקר: יידן האָבן געהאַט אויסצושטיין געבערנטע צרות פון ביידע זייטן, אין אַ צייט וואָס די גויישע באַפעלקערונג האָט אין דער ערשטער צייט פון דער סאָוויעטישער באַפעסטיקונג כמעט גאָרנישט געליטן.

אָפּטיילונגען פון רויטע אַרמייצעס זיינען אַרומגעגאַנגען פון שטוב צו שטוב און קאָנפיסקירט אַלץ וואָס זיי האָבן געטראָפן, על פי רוב נישט געבנדיק אַפילו אַ קוויטונג וואָס איז במילא גאָרנישט ווערט געווען. נישט ווייניק משפחות זיינען נאָך אַזאַ „סאָציאַליסטישער״ אַקציע געבליבן אָן אַ פערינע און אָן אַ קישן און צו דעם אַלעמען האָט מען זיי נאָך באַשולדיקט אין באַהאַלטן ווערטפולע זאַכן. נאָכן פאַר־ענדיקן די ערשטע אַקציע איז געקומען די צווייטע סעריע — פאַרשרייבן די איבריקע שפּייז און פּראָוויאַנט. די „איבריקע״ פּראָדוקטן האָט מען געדאַרפט אָוועקפירן אין די צענטראַלע מאַגאַזינען. דאָסמאָל האָט די גזירה אויך געטראָפן די פּויערים. אין אָנפאַנג, בעת די באַפעלקערונג האָט נאָך געהאַט אַביסל צוטרוי צו די נייע באַהערדן האָבן אַ סך אָוועקגעפירט די פּראָדוקטן באַקומענדיק פאַר זיי אַ באַשטעטיקטן אָפיצי־עלן חשבון און אַ צוזאָג אַז די סחורות וועלן באַצאָלט ווערן לויט רעגירונגס פּרייזן, שפּעטער אָבער, אַז ס׳איז קלאָר געוואָרן אַז די אַלע קוויטירונגען און צוזאָגן האָבן קיין שום ווערט נישט, האָבן די סחורות אָנגעהויבן פאַרשווינדן.

ביי די רייכע זיינען דורכגעפירט געוואָרן גרינטלעכע אַבלאַוועס זוכנדיק צירונג און אַנדערע ווערט־זאַכן. איך אַליין בין געווען אַן עד ראייה פון אַזאַ אַבלאַווע, וואָס האָט זיך געצויגן אַ גאַנצן מעת־לעת. אַ פּריוואַטער פּאַרנאַכט האָט אַ גרופּע געהיים־אַגענטן אין באַגלייטונג פון רויטע אַרמייצעס אַרומגערינגלט יצחק ראָזענפעלדס הויז, אַ ייד אַ בעל מעמד אין דובאָסאַר. ער האָט נישט געהאַט קיין קינדער און געלעבט באַשיידן. ער האָט זיך אויך נישט גערעכנט צווישן די גבירים פון שטאָט. פּלוצים איז פאַרשפּרייט געוואָרן אַ קלאַנג, אַז ראָזענפעלד באַהאַלט אין שטוב אַן אוצר. אַן אָפּטיילונג סאָלדאַטן האָט אָפּגעשלאָסן אַלע אַרומיקע גאַסן און דריי געהיים־אַגענטן זיינען אַריין צו ראָזענפעלדן אין שטוב און אויפגעפאָדערט אים און זיין ווייב איבער־געבן מיטן גוטן ווילן די בריליאַנטן און אַנדערע צירונג וואָס זיי האָבן באַהאַלטן. אַז ראָזענפעלד האָט זיי געענטפערט אַז ער פאַרמאָגט נישט קיין בריליאַנטן און נישט קיין צירונג, האָט זיך אָנגעפאַנגען דאָס זוכן.

זיי האָבן געזוכט מיט ברען. באַלד האָבן אויך די סאָלדאַטן צוגעהאָלפן. זיי האָבן בעיקר געטון די „שוואַרצע" אַרבעט — אויפגעבראָכן די פּאָלן, אויפגעריסן שאַפעס, אַרויסגעריסן טירן פון די זאַוויעסעס, צעבראָכן ווענט, און ווען שפּעט ביינאַכט האָבן זיי גאָרנישט געפונען, האָבן זיי אַראָפּגעשלעפּט ראָזענפעלדן אין קעלער אַריין, האָבן אים אויסגעצויגן אויף דער ערד, איבערגעדעקט מיט אַ הויפן שטיינער דראָענדיק אים אַז אויב ער וועט נישט דערציילן וואו עס געפינט זיך דער „אוצר", וועלן זיי אים אַזוי לאַנג האַלטן אונטער די שטיינער ביז ער וועט אויסגיין. ראָזענפעלד, וואָס איז פון נאַטור געווען אַ שווייגער, האָט גאָרנישט געענטפערט. זיין שווייגן האָט זיי נאָך מער אויפגעבראַכט און זיי האָבן אים אָנגעהויבן פּייניקן. טראָצדעם וואָס די דאָזיקע „גערעכטיקייטס" פאַרזאָרגער האָבן פאַרמאַכט די טירן, האָבן זיינע קולות זיך דערטראָגן אין גאַס.

באַלד האָט די גאַנצע שטאָט געוואוסט וואָס עס טוט זיך ביי ראָזענפעלדן אין קעלער און פון אומעטום האָבן גענומען ציען מענטשן צו אים אין הויז. די סאָלדאַטן האָבן אפילו געפּרוּווט צעטרייבן דעם עולם, אָבער אָן דערפאָלג. ווען די געהיים־אַגענטן האָבן געזען אַז דער ענין קען זיך פאַרענדיקן מיט קרבנות און אַז נאָך אַלע זוכענישן האָבן זיי נישט געפונען נישט קיין בריליאַנטן און נישט קיין צירונג — האָבן זיי שבת פאַרנאַכט באַפרייט ראָזענפעלדן און אָפּגעצויגן מיט זייערע סאָלדאַטן. אמת, ראָזענפעלד האָט אָפּגעהאַלטן אַ „נצחון", אָבער ער האָט באַצאָלט אַ טייערן פּרייז. זיין געזונט איז אינגאַנצן אונטערגעגראָבן געוואָרן און נאָך אַ קורצער צייט איז ער געשטאָרבן אין שרעקלעכע יסורים.

דער פאַל ראָזענפעלד האָט נישט אָפּגעשראָקן די נייע מאַכטהאָבער און זיי האָבן פאָרגעזעצט מיט דער שיטה, וואָס אין געוויסע פאַלן האָט זי זיי אויך געגעבן צופרידנ־שטעלנדיקע רעזולטאַטן.

פּאַראַלעל מיט די אָבלאַוועס וואָס זיינען דורכגעפירט געוואָרן בעיקר דורך דער „טשעקאַ" (דער ערשטער נאָמען פון דער סאָוויעטישער געהיים־פּאָליציי), האָט די בירגערלעכע מאַכט אַרויפגעלייגט קאָנטריבוציעס אויף די פאַרמעגלעכע. צוליב דעם צוועק האָבן זיי אויסגעפערטיקט אַ ליסטע פון די שטאָט איינוואוינער לויט אַ געוויסן שליסל. געהערנדיק צו דער יוגנט וואָס איז געווען נאָענט צו די רעגירונגס־קרייזן, זיינען מיר געווען באַקאַנט געוויסע ענינים פאַרהוילענע פאַרן סתם בירגער. אַזוי בין איך געוואויר געוואָרן אַז אויך מיין פאָטער האָט מען אַריינגעשטעלט אין דער דאָזיקער ליסטע און מען פאָדערט ביי אים 15 טויזנט רובל, אַ פאַנטאַסטישע סומע אין פאַרגלייך צו זיינע מעגלעכקייטן. אין בין גלייך אַוועק אַהיים און געזאָגט מיין פאָטער ער זאָל פאַרשווינדן פון שטעטל, אַריבערפאָרן קיין אָדעס ביז די שוואַרצע כמאַרע וועט פאַרבייגיין. אויף צומאָרגנס אינדערפרי האָט מען פון „ראַב־קאָם" (בירגערלעכער אויספיר קאָמיטעט) געבראַכט אין שטוב אַריין אַ בריוו אויף מיין פאָטערס נאָמען, וואו ער ווערט אויפגעפאָדערט אַריינצוטראָגן 15 טויזנט רובל אין פאַרלויף פון 24 שעה.

די שטאָט איז געווען פאַרוווירט. עס איז געווען קלאָר אַז קיין שום אָרגאַניזירטע אַקציע אָפּצושרייען די גזירה האָט נישט קיין שאַנס אויף דערפאָלג און יעדער איינער

האָט געזוכט זיך ווי עס איז צוזאַמענריידן מיטן „ראבקאם" אויף א פריוואטן אופן. צומאָרגנס אינדערפרי, נאָכדעם ווי עס האָט זיך פארענדיקט דער טערמין אויף אריינצוטראָגן דאָס געלט, האָב איך זיך פרעזענטירט אין „ראבקאם" אנשטאט מיין פאטער. אין דער זיצונג פון „ראבקאם" האָט זיך באטייליגט מיינער א גוטער חבר, וואָס האָט מיר אריינגעשושקעט אין אויער אויף יידיש, אז ער וועט זיין געצוואונגען מיר פארהאלטן אויב איך וועל נישט אריינטראָגן דעם געפאָדערטן סכום. אין א קורצער צייט ארום האָט מען מיר מודיע געווען אז איך בין פארהאלטן און מען האָט מיך ארויפגעפירט אין צווייטן שטאָק, אין גרויסן זאל פון די טאבאק מאגאזינען „לאפערם". צוביסלאך זיינען צוגעקומען נייע ארעסטירטע, די אַלע וואָס זיינען געווען אין דער ליסטע, צווישן זיי אויך נישט יידן.

די ערשטע צוויי טעג פון מיין ארעסט זיינען פארביי אָן וועלכער עס איז ספעציעלער געשעעניש. איך האָב זיך געפילט גענוג פריי אדאנק די פארבינדונגען וואָס איך האָב געהט מיט א טייל סאָלדאטן וואָס האָבן אונז געהיט. אויפן דריטן טאָג אינדערפרי בין איך אין דערבייאיקן צימער געשטאנען מיט איינעם פון די סאָלדאטן נעבן פענסטער און ביידע האָבן מיר ארויסגעקוקט אין הויף. א סאָלדאט וואָס איז געשטאנען אין הויף האָט אויף קאטאוועס אנגעשטעלט די ביקס געגן אונז. פלוצים האָט זיך דערהערט א קנאל און דער סאָלדאט נעבן מיר איז געפאלן א טויטער אויפן אָרט.

אזעלכע פאלן האָבן אין יענער צייט נישט געמאַכט קיין שום רושם, און וויניקער אין דעם פאל וואָס איז אין פלוג געווען סתם אן אקצידענט אָן א וועלכן עס איז מיין. קיינער האָט דעם ענין נישט אויסגעפאָרשט און קיינער האָט זיך וועגן דעם נישט אינטערעסירט. איך אבער, וואָס בין געווען אן עד ראייה פון דעם דאָזיקן טראגישן פאל, האָב זיך נישט געקענט בארואיקן און האָב אין הארץ באשלאָסן צו ברענגען דעם ענין פאר די באהערדן. קודם כל האָב איך אָבער באדארפט ארויס־גיין אויף דער פריי. מיין חבר וואָס האָט מיך ארעסטירט האָב איך געשיקט א צעטעלע ער זאָל מיך איינלאדן צו דער זיצונג פון „ראבקאם". מען האָט מיך אראָפּגערופן. איך האָב דעם ראבקאם דערקלערט אז קיין געלט האָב איך נישט, אָבער איך בין זיך מתחייב איבערצוגעבן 300 פוד (קארגע 3 טאָן) טאבאק. זיי האָבן אָנגענומען מיין פאָרשלאג און מיך פריי געלאָזן. אין שטוב האָב איך דערציילט וועגן טויט פונם סאָלדאט און אויך וועגן מיין באשלוס צו ברענגען דעם ענין פאר די באהערדן. די משפחה האָט זיך דערשראָקן און מיט אלע שבועות מיך באשוואוירן עס נישט צו טאָן. גענוג דיר, האָבן זיי מיר געזאָגט, וואָס ביזט געווען אין פיסק פון לייב און ארויס בשלום. אנשטאט צו פאָדערן גערעכטיקייט ביי די באָלשעוויקעס דארפסטו בעסער גומל בענטשן.

צומאָרגנס זיינען אלע ארעסטירטע ארויסגעפירט געוואָרן צו צוואנגס־ארבעט: ווער צו רייניקן די גאסן, ווער צו פאריכטן צעשטערטע הייזער, ווער צו פעלד ארבעט. יעדער איינער האָט געדארפט געבן א צאָל ארבעטסטאג ביז ער האָט באצאָלט דעם סכום פון דער קאָנטריבוציע וואָס מען האָט אויף זים ארויפגעלייגט. צוואנגס־ארבעט

איז געווען פון די שטראָפן וואָס מען פלעג געבן דעם סאָרט מענטשן וואָס די באָלשע־וויקעס האָבן זיי באַצייכנט אלס „ניעטרודאוואי עלעמענט" (נישט הארעפאשנע); אויך מענטשן אין די מיטליאָרן זיינען נישט באפרייט געווען פון צוואנגס־ארבעט.

איך געדענק א פאל פון צוואנגס־ארבעט וואָס האָט מיך ספעציעל טרויערדיק געמאכט. חיים פינקעלשטיין, דער דירעקטאָר פון די גרויסע מאגאזינען „לאפערם", איז געווען א זייער אנגענומענער מענטש אין דער געזעלשאפט. ער איז געווען א ייד א בר־אוריין, א ציוניסט, א פילאנטראָפ, פלעג אפגעבן כבוד יעדן מענטש, אויך זיינע ארבעטער, יידן או גויים. א געוויסן טאָג גייענדיק איבער דער ציגיינער גאס



חיים פינקעלשטיין, אומגעקומען דורך די נאַצים.

חיים פינקלשטין, נספה בידי הנאצים

האָב איך זיך אָנגעטראָפן מיט א גרופע יידן וואָס האָבן געריניקט די גאס און סאָלדאטן האָבן אויף זיי אכטונג געגעבן. גרויס איז געווען מיין דערשטוינונג טרעפנדיק חיים פינקלשטיינען צווישן די ריינקער. איך בין צוגעגאנגען צום עלטסטן פון די סאָלדאטן און אים אויפמערקזאם געמאכט ווער פינקלשטיין איז. זיין ענטפער איז געווען א לאקאָנישער: „ער איז א בורזשוי, א בלוט זויגער".

איך בין אוועק צו מיין חבר אין „ראבקאָם" און אים אויפגעפאָדערט עפעס צו טאָן. ער האָט באדויערט די עוולה וואָס מען באגייט קעגן פינקלשטיינען, אָבער ער האָט זיך נישט געוואָלט אריינמישן. אינדעראמתן איז ער גאָרנישט געווען צופרידן פון דעם אלעמען וואָס עס האָט זיך אָפגעטאָן ארום אים, ער האָט אָבער געגלויבט אז דאָס איז פארבייגייענדיק און געהאָפט אז מיט דער צייט וועט זיך די לאגע בעסערן.

מען דארף זיך אננעמען מיט געדולד, האָט ער מיט מיר איינגטענה׳ט, ביז דער איבערגאנגס פעריאָד וועט אריבערגיין. עס האָט לאַנג נישט גענומען און ער האָט טייער באצאָלט פאר זיין גלויבן אין דער גערעכטיקייט פונם נייעם רעזשים.

מיין חבר האָט געשטאמט פון א מיוחס׳דיקער משפחה. ער איז געווען א פאר־ברענטער קאָמוניסט, אבער נישט קיין רענעגאט. אין איינעם א טאָג איז ער און אנדערע פארטיי חברים איינגעלאדן געוואָרן צו אן עפנטליכער פארטיי „רייניקונג". דער מנהג פון אזא „רייניקונג" איז געווען, אז יעדער פארטיי חבר האָט געדארפט עפנטליך דערציילן זיין ביאגראפיע ביזן אנשליסן זיך אן דער קאָמוניסטישער פארטיי און אויך באריכטן וועגן זיין אויפפירונג אלס פארטיי חבר. אויסער דעם זיינען די פארטיי חברים געווען געצוואונגען צו ענטפערן אויף פראגעס וואָס דער עולם האָט געשטעלט. אין יענעם „רייניקונגס" טאָג איז מיין חבר געשטרויכלט געוואָרן בעת איינער פונם פובליקום האָט אים געפרעגט אויב ער גייט אין שול אריין. אין זיין אויפריכטיקייט האָט ער געענטפערט אז צוויי מאָל אין יאָר באזוכט ער די שול: יום־כיפור און אינם טאָג וואָס ער האָט יאָרצייט נאָך זיין פאָטער. ער טוט עס כדי מקיים צו זיין זיין פאָטערס צוואה. פאר דעם דאזיקן חטא האָט מען אים אויסגעשלאָסן פון דער קאָמוניסטישער פארטיי.

אין איבערגאנגס פעריאָד, וואָס האָט זיך אגב געצויגן גענוג לאנג, זיינען געשטאנען אן שפיץ פון דער לאָקאלער מאכט עמי־הארצים און גראָבע יונגען, וואָס בעת דער רעוואָלוציע האָבן זיי זיך דערשלאָגן ביז צו די סאמע שפיצן. איך געדענק איינעם אזא דזשענטלמאן, וואָס איז צו אונז געשיקט געוואָרן אלס לאָקאלער מיליטער שעף. אין א געוויסן טאָג האָט אן אומבאקאנטער דערשאָסן איינעם פון די „טשעקא" לייט. די באהערדן האָבן דעם טאָג פון זיין לוויה דערקלערט אלס טרויער טאָג און אים איינגעאָרדנט א מלכות׳דיקע לוויה. באגראָבן האָט מען אים אין שטאָט־גארטן. צווישן די מספידים איז אויך געווען דער דערמאנטער מיליטער שעף. ווען עס איז געקומען זיין ריי צו ריידן האָט באהערשט די באגלייטער אן אבסאָלוטע שטילקייט, אלס אויסדרוק פון יראת־הכבוד פארן מאן וואָס האָט דערפילט אן אמט, וואָס אין יענער צייט איז ער באטראכט געוואָרן אלס איינער פון די וויכטיקסטע. נאָך א מינוט פון אבסאָלוטער שטילקייט האָט דער שעף זיך געווענדעט צום קבר און געזאָגט: „זיי געזונט, טייערער חבר, שלאָף רואיק". נישט קיין לייכטע מלאכה איז געווען זיך איינהאלטן און נישט אויסשיסן אין א געלעכטער.

## טעג פון הונגער

אונטערן אויסרייד אַז מען קען נישט איבערלאָזן שפייז און פראָוויאַנט זאַפּאַסן נאָענט פון דער גרעניץ, האָט די מאכט גענומען אויסרייניקן די געגנט פון אירע שפייז אוצרות און זיי אוועקגעשיקט אין צענטראַל רוסלאנד. נאָך א קורצער צייט האָט זיך גענומען שפירן אין דער גאנצער געגנט א מאנגל אין שפייז פּראָדוקטן. דאָס ביסל וואָס די באפעלקערונג האָט אָנגעזאמלט און באהאלטן איז בעת די אפטע זוכענישן און אבלאווס אריינגעפאלן אין די הענט פון דער מאכט. כדי אנצושרעקן

די באַפעלקערונג האָט מען פיל מענטשן וואָס מען האָט ביי זיי געפונען שפּייז־לאַגערן פאַרמשפּט צום טויט.

איינער פון די אָפיציעלע טריקן ארויסצונארן פּראָדוקטן, בעיקר טאבאק און פּעקלאַך, איז געווען דאָס אָפיציעלע קויפן. א קאָמיסיע וואָס איז געקומען צופאָרן פון צענטער האָט ארויסגעלאָזט א באַפעל, אז יעדער וואָס פאַרמאָגט א וועלכן עס איז קוואַנטום טאבאק איז אים מחויב צו פאַרקויפן דער רעגירונג, וואָס וועט אים באַצאָלן מיט שטאָפן. עס איז איבעריק צו דערציילן אז ווער עס האָט נאָר געקאָנט האָט געטאָן אַלץ צו באהאלטן כאָטש א טייל פונם טאבאק פאר א שלעכטער צייט. ליידער זיינען די אבלאוועס און זוכעניישן געווען זייער גרינטליכע און דער וואָס מען האָט ביי אים געפונען פאַרשטעקטן טאבאק איז שווער באַשטראָפט געוואָרן. אויך די פּויערים זיינען נישט ארויס „ריין" פון רעגירונגס „האנדל". מען האָט ביי זיי געקויפט אַלץ וואָס עס האָט זיך געמאכט: ווייץ, גערשטן, געטריקענטע פּרוכט, פערד, בהמות, חזירים א. א. מען האָט זיי געגעבן קוויטירונגען מיטן צוזאָג, אז בקרוב וועט מען זיי באַצאָלן. די עקספּראָפּריאציע האָט ארויסגערופן אן אלגעמיינע פאַרביטערונג. די שטרענגע שטראָפן האָבן נישט אָפּגעהאלטן צו באהאלטן וואָס עס האָט זיך געלאָזן און דער שווארצער מארק האָט זיך צעבליט. פיל האָבן באַצאָלט מיטן לעבן פאר עקאָנאָמישע זינד און דעם וואָס מען האָט נישט געכאַפּט האָט געלעבט אין שטענדיקער מורא.

אז דער קרייז איז אויסגעליידיקט געוואָרן פון זיינע שפּייז און פּראָוויאַנט זאַפּאַסן, זיינען יידן, וואָס זייער הויפּט באַשעפטיקונג איז געווען מסחר און מלאכה, אינגאנצן געבליבן אן פּרנסה. די פּויערים האָבן נישט געאַקערט און נישט געזייט, ווייל סיי ווי וועט די גערעטעניש אריינפאַלן אין די הענט פון די קאַנפיסקירער, און דער הונגער האָט אָנגעהויבן צו בושעווען צווישן דער באַפעלקערונג. די השגחה האָט אָבער נישט פאַרלאָזט דובאסאר און די הילף איז געקומען פון אן אומגעריכטן מקור. אין יענער צייט האָבן זיך באַוויזן אין אונזער שטאָט געסט פון פרעמדע מקומות, וואָס זייער ציל איז געווען דער דניעסטער, נישט אזוי דער דניעסטער גופא ווי דאָס אריבערשיפן זיך קיין בעסעראַביע וואָס איז געווען רומעניש. באַלד זיינען די געסט געוואָרן א קוואַל פון פּרנסה פאר א טייל פון דער דובאסארער באַפעלקערונג. אַדאַנק זיי האָט זיך אויך ענטוויקלט א נייע פּרנסה — שווארצן די גרעניץ. די ערשטע האָבן זיך אַנעם געטאָן צום נייעם פאַך די אונטערוועלט מענטשן, און נעבן זיי האָבן געהאַט פּרנסה „בכבוד" פיל אנדערע תושבים, נישט אויסשליסנדיק הויכע רעגירונג בעאַמטע.

די בשורה אז פון דובאסאר קען מען דערגרייכן דעם צווייטן ברעג פון דניעסטער האָט באַקומען פליגלען און פון מרחקים האָבן אָנגעהויבן ציען מאַסן קיין דובאסאר, אזוי ווייט אז דער ענין האָט שוין מער נישט געקענט בלייבן קיין סוד. אין א געוויסן טאָג האָט די פּאָליציי איינגעזאמלט אַלע פרעמדע וואָס זי האָט געטראָפן אין שטאָט און זיי צוריקגעשיקט יעדן איינעם אין זיין פריערדיקן וואוינאָרט. די וואָס מען האָט ביי זיי געפונען צירונג האָט מען ארעסטירט. דאָך איז שווער געווען איינצוהאלטן דעם מאַסן שטראָם וואָס האָבן געזוכט פּטור צו ווערן פון סאָוויעטישן „גן־עדן", און טראָץ די סכנות און קרבנות וואָס זיינען געפאַלן האָט דער שטראָם פון פּליטים

נישט אויפגעהערט. אלעמען האָט באהערשט איין ציל: אריבערשפאנען דעם דניעסטר פאר יעדן פרייז.

דערווייל האָט זיך דער סאָוויעטישער רעזשים קאָנסאָלידירט און אין שטאָט זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן פארשידענע אינסטיטוציעס: עקאָנאָמישע, מיליטערישע און פּאָליצייאישע, און דער צענטר האָט געשיקט באגלויבטע מענטשן, טרייע באָלשע־וויקעס, אָנצופירן מיט זיי. מעשה שטן האָט געטראָפן א נס און דער רוב דירעקטאָרן און הויכע באאמטע פלעגן פלוצים פארשווינדן און קיינער האָט נישט געוואוסט וואו זיי זיינען נעלם געוואָרן. אז אזא מין וואזשנער פארשוין איז אנטרונען איז באלד געקומען א צווייטער אויף זיין אָרט און געווײנלעך פלעג דער נייער פארטרויאונגס מענטש גיין אין די פוסטריט פון זיין פארגייער.

ביז דער רעוואָלוציע האָט אונזער משפחה פארמאָגט א גרויסע אונטערנעמונג פון מילך פּראָדוקטן. אז עס זיינען אויסגעבראכן די געשעענישן האָט זיך די אונטער־נעמונג פארמאכט. אז די סאָוויעטן האָבן זיך פארפעסטיקט האָבן זיי רעגיסטרירט אלע געוועזענע אונטערנעמונגען, צווישן זיי אויך אונזערע. זיי האָבן באשלאָסן צו באנייען די ארבעט און מיך האָבן זיי נאָמינירט אלס הויפט ארבעטער. מיט אפּאָר טעג שפעטער זיינען פון אדעס אראָפּגעקומען צוויי בעאמטע (ביידע יידן) באוואפנט מיט נאָמינאציעס, איינער אלס דירעקטאָר און דער צווייטער אלס זיין געהילף. אפּאָר טעג האָבן זיי זיך ארומגעדרייט אין הויף און געפּלאָנעוועט ווי „אויסצובררייטערן" די אונטערנעמונג. זיי האָבן אזוי לאנג „געפּלאנט" ביז זיי זיינען ביידע פארשוואונדן גלייך דער טייך וואָלט זיי איינגעשלונגען. אויף זייער אָרט זיינען געקומען אנדערע און אויך זיי האָבן זיך פארנומען אויפן זעלבן וועג.

די „טשעקא" האָט געדראָט מיט שווערע שטראָפן פאר יעדן וואָס וועט פּרוּוון אנטלויפן, און פאר דער „טשעקא" האָט מען געציטערט פחד מוות, פונדעסטוועגן איז די צאל פארשוואונדענע געשטיגן פון טאָג צו טאָג. דאָס שווארצן די גרעניץ האָט דערגרייכט ביז די העכסטע מאכט שפיצן. די קאזיאנע קאָמוניסטן פלעגן דערקלערן דאָס פארשווינדן פון זייערע „גרויסע" דורך אריבערפירן זיי אין אנדערע מקומות. קיינער אָבער האָט זיי נישט געגלויבט. עס איז געווען א סוד פאר גאנץ בראָד.

אן שפּיץ פון דער „טשעקא" אין דובאסאר איז געשטאנען א יונגער אדעסער בחור — קאמינסקי. אלס געהילף האָט ער באשטימט אן ארטיקן — יויקע גורעוויטש. אונטער זייער הערשאפט האָט די „טשעקא" אין אונזער שטאָט דערגרייכט צום קולמינאציע פונקט פון אכזריות. אז קאמינסקי האָט זיך באוויזן אין גאס פלעגן די פארבייגייער זיך גלייך אָפּטראָגן כדי זיך מיט אים נישט באגעגנען. איך אבער, אלס „געטרייער סאָוויעטישער הארעפּאשניק", האָב פאר אים נשט קיין מורא געהאט. אין איינעם אן אָוונט איז ער און זיין געהילף אויסגעוואקסן ביי אונז אין הויף. איך האָב זיי איינגעלאדן אין שטוב אריין און זיי מכבד געווען מיט טיי. מיטאמאָל האָבן זיך באוויזן עטליכע בחורים מיט טשעקיסטישע היטלען אויף די קעפּ און זיי האָבן איינגע־לאדן מיינע אורחים גיין מיט זיי. קאמינסקי און גורעוויטש האָבן זיך מיט מיר גאָר פריינדליך געזעגנט אנווינטשנדיק זיך צו טרעפן נאָכאמאָל. מיט אפּאָר טעג שפעטער

זיינען מיר געוואויר געוואָרן, אז די „געטרייע” באָלשעוויקעס זיינען אנגעקומען ביז קישינעוו. דאָרטן האָט מען זיי ארעסטירט. ביז היינט ווייס איך נישט וואָס מיט זיי איז געוואָרן.

אין זכות פון אונזער נאָענטקייט צום דניעסטער האָבן מיר גענאָסן פון אָפטע באזוכן פון בארימטע קינסטלער און חזנים, צווישן זיי דער בארימטער חזן דוד רויטמאן ז״ל, וואָס זיינען געקומען מהנה זיין מיט זייער קונסט די איינוואוינער פון אונזער שטאָט און אגב אויך זיין נאָענט צום גרעניץ. אין איינעם א טאָג האָט מען אונז אנגעזאָגט די פרייליכע בשורה, אז קיין דובאסאר איז געקומען אויף גאסטראָלן דער מאָסקווער מלוכה טעאטער. דעם ערשטן אָוונט האָט די טרופע פארגעשטעלט אנדרייעווס „די טעג פון אונזער לעבן” און דער זאל איז געווען איבערפולט. פארן אויפהויבן דעם פאָרהאנג איז ארויפגעגאנגען אויף דער סצענע א פארשטייער פון „פארקאם” (צענטראל קאָמי־טעט פון דער קאָמוניסטישער פרטיי) און האָט פייערליך אָנגעזאָגט דעם פובליקום דעם באשלוס פון דער ארבעטער און פויערים רעגירונג, געבן א געלעגנהייט די הארע־פאשניקעס וואס קענען נישט קומען קיין מאסקווע, זען אויף די ערטער דעם מאָסקווער קונסט טעאטער. ער האָט באגריסט די אקטיאָרן און זיי געוואונטשן א גוטן אנהויב אין זייער מיסיע מהנה צו זיין מיט זייער שפילן די הארעפאשנע מאסן אין די פארוואָר־פענע ווייטע מקומות. דעם צווייטן אָוונט האָבן זיי געשפילט די פיעסע „סילווא”, און נאָכן שפילן, אנשטאט צו גיין אין האָטעל, האָבן די ארטיסטן פארקירעוועט שטילער־הייט צום דניעסטער און זיך אריבערגעשיפט צום בורזשואזן ברעג.

דער הונגער האָט זיך געשטארקט פון טאָג צו טאָג. דער שווארצער מארק האָט זיך צעבליט און אָנגענומען ריזיקע פראפארצן. אין מארק האָבן זיך ארומגעדרייט פעדלער, וואָס האָבן פארקויפט דינע פענעצן ברויט פאר פאנטאסטישע פרייזן. דער הויפט מאכל איז געווען א קאשע פון קוקורוזע־מעל, וואָס מען האָט זי גערופן „זשאנד־רע”. דאָס דאָזיקע געקעכטס איז באשטאנען פון אביסל קוקורוזע־מעל אויסגעמישט מיט וואסער, געקאָכט אָן זאלץ און אָן צוקער. זאלץ איז דעמאָלט געווען דריי מאָל טייערער פון צוקער און נישט יעדער איינער האָט זיך געקענט איינשאפן אביסל זאלץ. עס האָט לאנג נישט גענומען און דער הונגער האָט אויך אָנגעשלאָגן אָן די טירן פון די פארמעגליכע. פיל געוועזענע נגידים זיינען געגאנגען איבער די טירן נישט צו בעטן נדבות, נאָר א פאָר לעפל ווארימע „זשאנדרע” אויפצוהאלטן די נשמה. די דאזיקע ארומגייער האבן דערגרייכט צו הונדערטער א טאג. טראָצדעם וואָס מיר האָבן געוואוינט אויסער דער שטאָט און ס׳איז נישט לייכט געווען צו אונז צוצוקומען, דאָך האָט זיך די טיר נישט פארמאכט. עס זיינען געווען פאלן וואָס מיר האָבן זיך געשעמט צו קוקן די נצרכים אין פנים אריין, כדי זיי נישט צו פארשעמען.

א באזונדער אומגליק האָט געבראכט די נייע שפייז — מאקוך. דאס איז דאס פסולת פון עס־בוימל וואָס מען פלעג עס געבן די בהמות. אז דער הונגער האָט זיך געשטארקט זיינען געווען הייזער וואָס מאקוך איז געווען די איינציקע שפייז. דער מאקוך האָט גורם געווען בויך טיפוס און ווער עס איז פון דעם קראנק געוואָרן האָט נישט גקענט קומען צו זיך.

באַזונדערס שווער איז געווען דער ווינטער 1921—22. אַרבעטס־בהמות, קי, שאָף, עופות — אַלץ איז אויפגעגעסן געוואָרן אָדער אַוועקגעפגר׳ט. כדי נישט צו זען די יסורים פון די פערד וואָס זיינען אויסגעגאַנגען פון הונגער, פלעגן די פויערים זיי אַרויסטרייבן אין ווייטע פעלדער. אויך אין הייץ מאַטעריאַל איז געווען אַ גרויסער מאַנגל און מענטשן זיינען געפאַלן ווי פליגן פון הונגער און קעלט. יעדן טאָג פלעגן אין דובאָסאַר שטאַרבן לפחות אַ צוויי צענדליק מענטשן. די מיליציע פלעג צוזאַמענעמען די טויטע קערפּערס און מאָביליזירט די מ׳שטיינס געזאָגט געזונטע מענטשן, כדי זיי צו ברענגען צו קבורה.

איינעם אַ טאָג האָט מיך מיין פאָטער אין אַ פאַרנאַכט געשיקט אין אַ געוויסן אָרט ברענגען צוויי פונט קוקורוזע מעל אויף אָפּצוקאָכן אַ „זשאַנדרע״ פאַר די באַזוכער פון אונזער הויז. אויף דער צענטראַלער גאַס האָב איך באַגעגנט אַ מיידעלע פון אַ יאָר 10, וואָס האָט געפירט איר פאָטער. געפינענדיק זיך שוין אַ 50 טריט פון זיי האָט דאָס קינד אויסגעבראָכן אין אַ געשריי. איך האָב אויסגעדרייט דעם קאָפּ און געזען ווי איר פאָטער זינקט צו דער ערד. דאָס מיידעלע האָט געפּרוּווט אים אָפּמינטערן — עס איז אָבער געווען אומזיסט. אין דער היים האָב איך דערציילט וועגן דעם פאַל און איך האָב זיך געגעסן פאַרוואָס איך בין נישט צוגעגאַנגען צו דעם מענטש וואָס איז אַוועקגעפאַלן אין מיטן גאַס. מיינע עלטערן האָבן מיר געטרייסט אַז סיי ווי וואָלט איך נישט געווען געקאָנט העלפן.

אין דער היים האָט דער פאָטער שטרענג אַכטונג געגעבן אויף דער ראַציאָנעלער צעטיילונג פון די פּאָרציעס, כדי נישט אויסצוגיין פון הונגער. ווען נישט דעם פאָטערס שטרענגער קאָנטראָל וואָלטן מיר נישט געווען איבערגעטראָגן יענע ביטערע צייט. אינדערפרי פלעג יעדער באַקומען אַ דין פּעניצל ברויט און צוויי געטריקנטע פלוימען צו דער טיי אויפן אָרט פון צוקער. מיין ייִנגערער ברודער יוסף, וואָס זיינע שפּורן זיינען פאַרפאַלן געוואָרן אין די סיבירער טונדרעס, פלעג היטן זיין ברויט פּאָרציע פון דער פרי אויף ביי טאָג, כדי צו עסן צוויי פּעניצלעך מיטאָמאָל און אַזוי שטילן אַביסל דעם הונגער. אויף מיטאָג פלעג מען אָפּקאָכן אַ פלוימען זופּ און „זשאַנדרע״. מיר האָבן דווקא נישט געליטן פון קיין האָלץ מאַנגל, ווייל האַרט נעבן דער שטוב איז געווען אַ גרויסער סאַד און וויינגאָרטן, פלעגן מיר אַרויסרייסן די ביימער און הייצן דעם אויוון. אין פאַרגלייך צו אַנדערע האָבן מיר זיך נאָך גערעכנט צווישן די גליקליכע.

פיל פון די וואָס האָבן געוואַנדערט אין די צפון געביטן צו קריגן אַביסל שפּייז, זיינען אומגעקומען אויף די וועגן. אַזוי איז אויך געווען דער גורל פון אונזער גוטן שכן, דער גוי איוואַן מאַזור. אין איינעם אַ טאָג האָט ער אונז אָנגעזאָגט אַז ער האָט באַשלאָסן צו פאָרן קיין מאָגיליאָוו, פּאָדאָלסקער גובערניע, אַ 200 קילאָמעטער פון אונז, וואו ער האָט געהאָפט קריגן אַביסל שפּייז פאַר די פערד וואָס עס האָט זיך אים איינגעגעבן אָפּצוהיטן. ער האָט אונז פאָרגעשלאָגן עפּעס צו ברענגען פון דאָרט. מיין פאָטער ז״ל האָט זיך געפרייט מיט דער געלעגנהייט מיט עפּעס צו באַרייכערן אונזער שפּייז „זאַפּאַס״ און האָט אים מיטגעגעבן אַ גרויסן פוטער. פאָרנדיק אַהין איז געפאַלן

איין פערד, אויף צוריק איז געפאלן דאָס צווייטע פערד, און ער אליין איז אויך אומגעקומען אויפן וועג. יידן און גויים האָבן זיך איינגעשטעלט דאָס לעבן,, אריבער די גרעניץ אויף צו ברענגען א לעבל ברויט אָדער צוויי. ערשט אין מיטן 1922 האָט די סאָוויעטישע רעגירונג דערלויבט אריינקומען שפייז פון אמעריקע דורכן „דזשוינט״. עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען שפייז־פעקלאך אין גרויסע צאָלן און די באפעלקערונג איז אויסגעהיטן געוואָרן פון הונגער טויט.

## אנטלויף ווייען

די אנטלויף ווייענישן פון סאָוויעטישן רוסלאנד האָבן זיך נישט אנגעפאנגען און אויך נישט געענדיקט אין דער נאכט וואָס מען איז אריבער דעם דניעסטער. אין דער אמת׳ן האָבן זיי זיך אנגעפאנגען מיטן באשלוס צו פארלאָזן רוסלאנד און האָבן זיך פארענדיקט מיטן פארלאָזן רומעניע. אויב דער פליט האָט נישט געהאט בדעה זיך צו באזעצן אין בעסאראביע.

ווינטער, סוף 1921, האָב איך אטנפלעקט דעם סוד פאר מיינע עלטערן, פרוי און אקטיווע חברים פון דער ציוניסטישער באוועגונג אין דובאסאר וועגן מיין באשלוס עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. וויסאקע האָט זיך שוין דעמאלט געפונען פון יענער זייט גרעניץ, און דער ציין־דאָקטאָר מישא דינער איז געוועז פון די בולטע ציוניסטישע עסקנים אין שטאָט. איך האָב אָנגעפאנגען ליקווידירן אלץ וואָס האָט זיך געלאָזן פארקויפן, כדי אנצוזאמלען אביסל געלט אויף הוצאות הדרך. פאר מיר, פאר מיין פרוי און דריי־חדשימדיק קינד האָב איך נאָר גענומען די נויטיקסטע חפצים און אין א פרייטיק זיינען מיר אין א וואגן אריבערגעפאָרן קיין יאגארליק. מען האָט אונז געבראכט אין הויז פון רפאל ראמפעל (מיט א פאר חדשים שפּעטער האָט אים דערמאָרדעט די אדעסער „טשעקא״), ווי עס איז געווען אפגערעדט פון פריער. מיר האָבן דאָרט אוועקגעלייגט אונזערע זאכן און אריינגעגאנגען צו מיין קרוב שמואל פאחיס, דוד פאחיסעס ברודער פון עין־גנים. בשעת דעם אוונטברויט איז אריינגעקומען לאה רעזניק (וואוינט היינט אין ארץ־ישראל) אונז וואָרענען אז דובאסארער טשעקיסטן זיינען איבערגעפאלן ראמפעלס שטוב און אז מיר דארפן זען ערגעץ צו פארשווינדן. רפאל איז ארעסטירט געוואָרן און מיר האָבן זיך אויסבאהאלטן דריי וואָכן ביי א ייד מיטן נאָמען אלתר. אז ראמפעל איז בפרייט געוואָרן איז ער אונז געקומען אָנזאָגן, אז דערווייל דארפן מיר זיך אומקערן קיין דובאסאר. איך האָב באשלאָסן אז נאָר איך אליין קער זיך אום קיין דובאסאר. אויפן וועג בין איך געוואויר געוואָרן, אז פרייטיק צונאכט זיינען דערמאָרדעט געוואָרן צוויי יידישע משפחות בעת׳ן אריבערפאָרן דעם דניעסטער — יעקב פילטשאקאווס טעכטער און זייערע מענער בערשאדסקי און יעקב גראסמאן. נאָר איין יינגל פון 10 יאָר איז געבליבן לעבן.

דער דאָזיקער פאל האָט געמאכט א שווערן רושם אין שטאט און א טייל פון מיין משפחה האָבן זיך אקעגנגעשטעלט מיין פלאן צו שווארצן די גרעניץ. די לאגע אָבער אין סאָוויעטישן רוסלאנד איז געוואָרן שווערער פון טאָג צו טאג און דער טראגישער פאל מיט די משפחות גראסמאן או בערשאדסקי איז ווי פארגעסן געוואָרן. ראמפעל איז ארעסטירט געוואָרן צום צווייטן מאָל און מען האָט אים אריבערגעפירט אין דער

קרייז אָפּטיילונג פון דער „טשעקא״. טראָץ די גרויסע סכנות מיט וועלכע דאס שווארצן די גרעניץ איז געווען פארבונדן, איז דאָך מיין באשלוס נישט צו בלייבן אין רוסלאנד פעסטער געוואָרן פון טאָג צו טאָג. איך האָב זיך פארבונדן מיט א מאָלדאָוואנער שייגעץ, וואָס איז געווען באקאנט אלס אן ערליכער און פאראנטווארטליכער „איבערשווארצער״. מיט אים האָב איך אָפּגעמאַכט ער זאָל אריבערפירן מיך מיט מיינע בני בית און מיין קוזין מאיר ראש מיט זיין יינגערער שוועסטער (וואוינט אין ראשון־לציון) און זייער קליין ברודערל.

אין איינעם א טאָג איז צו מיר געקומען דער „אריבערשווארצער״ און מיך געפרעגט צו מיר זיינען גרייט ביינאכט אריבערצוגיין די גרעניץ. איך בין נישט געווען גרייט און אים פארגעשלאָגן אפלייגן די נסיעה אויף אן אנדערער נאכט. מיין קוזין און זיינע באגלייטער האָבן נישט געוואָלט הערן פון אפלייגן און זיינען מיט אים ארויסגעגאנגען יענעם אָוונט. צו זייער אומגליק האָט עמיצער פארמסר׳ט ביי דער טשעקא די געגרייטע נסיעה און זי האָט ארויסגעשיקט געהיים־אגענטן נאָכצושפירן די „שווארצער״. ווען דאָס שיפל האָט זיך אביסל דערווייטערט פון ברעג, האָט מען אָנגעהויבן שיסן אויף זיי און זיי האָבן זיך געמוזט אומקערן. אלע וואס זיינען געפארן אין יענעם שיפל זיינען ארעסטירט געוואָרן דורך דער טשעקא, נאָר דעם בעל־דבר אליין, דעם „איבערפירער״, איז געלונגען שווימענדיק זיך אריבערכאפן צום צווייטן ברעג.

די טשעקא לייט זיינען געווען אנטוישט ווען זיי זיינען געוואויר געוואָרן אז איך בין נישטא צווישן די ארעסטירטע. דער פאקט האָט געעפנט מיינע אויגן צו זען אז די טשעקא שפּיאָנירט מיר נאָך און איך דאַרף מער פאָרזיכטיק זיין. פארטאָג בין איך אנטלאָפן קיין גראסעלאווע, 50 קילאָמעטער פון דובאסאר. מיט א וואָך שפעטער, קומענדיק שטילערהייט אהיים, האָט מיר דערציילט מיין שכן, א יונגער גוי וואָס האָט געארבעט אין דער טשעקא, אז מיינע רעפערענצן דאָרט זיינען זייער נישט קיין געהויבענע און ער ראט מיך וואָס גיכער זיך אריבערצופעקלען אויף דער צווייטער זייט. ער אליין האָט זיך פארגעשלאָגן מיך אריבערצופירן. דאס אריבערפארן האָבן מיר באשטימט אין א נאכט, וואָס ער האָט געדארפט אריבערפאָרן די גרעניץ מיט א דערלויבעניש אויף צו ברענגען פון דאָרט מיליטערישע דאָקומענטן. צו דער נסיעה האָבן זיך אָנגעשלאָסן נאָך אפאר מענטשן, און ווען עס איז פינסטער געוואָרן זיינען מיר ארויסגעגאנגען צו א בערגל נאענט צום טייך. דאָרטן האָבן מיר זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד און געווארט אויפן אָנקומען פון שיפל.

פון דער צווייטער זייט דניעסטר, אויפן בעסאראבער ברעג, האט צו אונז אריבער־געקוקט דאָס דאָרף גולקארני. פון זיינע הייזער האָבן ארויסגעפלעמלט ליכטער און דאָס געזאנג פון שקצים און שיקסעס האָ זיך געהערט פונדערווייטנס. אין דער נאכט שטילקייט האָט מען לייכט געקענט הערן דאָס געשפרעך פון די דארפסלייט און פון מאָל צו מאָל זיינען צו אונזערע אויערן דערגאנגען קולות פון הינט בילעריי און קי מעקעריי. אין אונזער זייט, נישט ווייט פון בערגל אויף וועלכן מיר זיינען געלעגן, געפינט זיך דאָס דאָרף קוטשיער, וואו איך בין אויפגעוואקסן ביז מיין ניינטן

לעבנסיאַר. דאָס דאָרף איז געווען איינגעהילט אין פינסטערניש, קיין הונט האָט נישט געבילט, קיין פערד האָט נישט געהירזשעט, קיי קו האָט נישט געמוקעט. א מעלאַנכאָלישער טרויער איז געלעגן אויסגעגאָסן אויפן דאָרף. און די דיסטאַנץ צווישן די צוויי דערפער איז בסך הכל א 200—300 מעטער. דאָך זיינען עס געווען צוויי וועלטן. מיט בענקשאַפט האָט דאָס הארץ געצויגן צום אקעגנאיבערדיקן ליכט און גרויס איז געווען דער רצון אהין אנצוקומען.

דאָס שיפל איז נישט געקומען און מיר זיינען צוריקגעגאַנגען מיט דעם וואָס מיר זיינען געקומען. דאָס „שווארצן" איז אפגעלייגט געווארן אויף אפאר טעג. אינם באַשטימטן טאָג האָט זיך אָנגעשלאָסן צו אונזער גרופּע משה טשאַפּליק, דער עלטסטער זון פון בארימטן חיים איסר. דאָס מאָל זיינען מיר געווען זיכער אז אלץ וועט אדורך בשלום. ווייל אליעזר, משה טשאַפּליקס זון איז געווען א טשעקא מענטש און ער איז געשטאַנען אויף דער וואך. ווען עס האָט זיך אראָפּגעלאָזט די נאכט האָט זיך די גאַנצע קאַראַוואַנע געטראָפן נעבן גרעניץ. דער אריבערפירער האָט מיר דערציילט, אז 20 מענטשן וואַרטן אריבערצופאָרן און אין שיפל איז דאָ פּלאַץ נאָר פאַר פינף, אָבער איך וועל זיין דער ערשטער. ווען איך בין שוין געזעסן אין שיפל, איז צו מיר צוגעקומען משה טשאַפּליק און מיר באַפוילן צו פאַרלאָזן דאָס שיפל. די סיבה דערפון ווייל ער און זיין ווייב און זייערס א מיידעלע און אפאר גוטע ברידער דארפן זיין די ערשטע. צוליב זיין יחוס (דעם זון דעם טשעקיסט) האָב איך פאַרשטאַנען אז עס איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר קיין דיסקוסיע און איך בין ארויסגעגאַנגען פון שיפל.

עס זיינען פאַרלאָפן נישט מער ווי געציילטע מינוטן און צו אונזערע אויערן איז דערגאַנגען קודם א פאַרדעכטיק שאָרכן און דערנאָך פאַרצווייפלטע געשרייען. דאָס שיפל האָט זיך איבערגעקערט און אלע אריבערפאָרער זיינען אריינגעפאַלן אין וואַסער. די וואָס זיינען געבליבן אויפן ברעג האָבן זיך בליצשנעל אפגעטראָגן, כדי נישט אריינצופאַלן אין די הענט פון דער גרעניץ־וואַך. איך בין געלאָפן אין איין אָטעם נישט וויסנדיק וואו מיינע פיס טראָגן מיך. די נאכט איז געווען א שטאַק פינסטערע און איך האָב נישט געקענט לאָקאַליזירן דאָס פּלאַץ וואו איך געפין זיך. ווען עס האָט אָנגעהויבן שאַריען אויף טאָג האָב איך דערקענט די סטעזשקע וואָס פירט צו אונז אין שטאָט אריין. טו־ט מיד האָב איך זיך דערשלעפּט צום הויז פון מיינעם א קרוב און אָנגעקלאַפּט אין טיר. דערשראָקענע האָבן זיי געעפנט די טיר און מיך אריינגענומען, אויף זייערע פראַגן וואָס טו איך דאָ אין דער שעה, האָב אויסגעפּלאַצט אין א געוויין און א שטיק צייט נישט געקאַנט אויסריידן א וואָרט.

יענעם פרימאָרגן האָט מען אין שטאָט דערציילט, אז משה טשאַפּליק און זיין קליינע טאָכטער זיינען דערטרונקען געוואָרן אין טייך. אז די ידיעה איז אָנגעקומען צו משה׳ס זון, אליעזר דעם טשעקיסט, איז ער אוועק צו יוסף וואורגאַן (די קאָנטראַ־באַנטשיקעס האָבן געזאָגט אז ער איז געווען דער באַלעבאָס פון שיפל), האָט אים ארויסגערופן אין מיטן פרישטיק עסן און אָן ארויסצורעדן א וואָרט האָט ער ארויסגעצויגן דעם רעוואָלווער און אין אים אריינגעשאָסן עטליכע קוילן. פון דאָרט איז ער אוועק

צו מיינע עלטערן און זיי אנגעזאָגט זיי זאָלן מיך אויפזוכן, פאַרזיכערנדיק זיי אַז מיר וועט קיין בייז נישט געשען.

וואָס גרעסער עס איז געוואָרן די כוואַליע פון די גרעניץ איבערלויפער, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרן די וואַכזאַמקייט פון דער טשעקאַ. כדי די טשעקאַ זאָל מיך אויפהערן ארומזוכן האָב איך געזאָרגט אַז עס זאָל פאַרשפּרייט ווערן אַ קלאַנג, אַז איך געפין זיך שוין אויף יענער זייט דניעסטער, אין בעסאַראַביע.

איך האָב נאָכאַמאָל געפּרוּווט ס׳מזל. דאָס מאָל האָט מיך באַגלייט מיין שוואָגער, אַ יינגל פון 12 יאָר. דורך געדרייטע וועגן האָבן מיר זיך דערשלאָגן אין דאָרף גויאַני, וואָס גרעניצט זיך מיטן שטעטל יאַגאָרליק, וואו עס האָבן געוואוינט מיינע קרובים. מיר האָבן באַזוכט איין פעטער און אַ צווייטן פעטער, קיינער האָט אונז נישט פאַרגעשלאָגן זיך דערכאַפּן דאָס האַרץ. איך האָב נישט געוואָגט בעטן עפּעס עסן, ווייל איך האָב געוואוסט אַז אויב מען לאַדט אונז נישט צום טיש, איז אַ סימן אַז אין שטוב איז גאָרנישטאַ. צום סוף זיינען מיר צוגעגאַנגען צו שמואל פּאַחיס. ער איז געווען דער פאַרמעגליכסטער אין דער משפּחה. דאָרט האָב איך געוואַרט אויף אַ שליח וואָס האָט מיר געדאַרפט ברענגען געלט פון דער היים. צווי אַ זייגער נאָכמיטאָג איז געקומען דער שליח און ער האָט מיר איבערגעגעבן אַז ביינאַכט וועלן אויף אונז וואַרטן די איבערפירער אין דאָרף קושניצי. אַלץ איז גרייט. קושניצי ליגט אָבער 30 קילאָמעטער פון יאַגאָרליק — ווי דערשלאָגט מען זיך אהין אָן אַ פערד און וואָגן? לאַנג צו טראַכטן איז נישט געווען קיין צייט. כ׳האָב אויסגעטאָן די שטיוול און דעם שווערן מאַנטל, און טראָץ דעם בייסיקן פראָסט האָב איך זיך גענומען גיין צופוס אין די גראָבע זאָקן. צו מיין גליק האָט געבלאָזן אַ שטאַרקער ווינט און איך בין געווען זיכער אַז די וואַך־פּאַטרולן וועלן אין אַזאַ געוויטער זיך נישט ארומדרייען אויף די וועגן.

איך האָב שוין געהאַט הינטער זיך צוויי און אַ האַלבע שעה גיך גיין און איך האָב נאָך געהאַט פאַר זיך לפּחות נאָך אַ שעה גאַנג. איך האָב זיך אַנגעשטרענגט אַנצוקומען פאַר זונונטערגאַנג צום שיידוועג דובאָסאַר—גריגאָריאָפּאָל—קושניצע, וואו רויבער האָבן דערמאָרדעט 7 דובאָסאַרער יידן. אין זיין צייט האָב איך געזען די זיבן טויטע קערפּערס און דאָס שוידערליכע בילד איז געשטאַנען פאַר מיינע אויגן. וואָס מער איך האָב זיך דערנענטערט צום טראַגישן פּלאַץ, אַלץ שאַרפער האָט דאָס בילד אויפגע־טויכט אין מיין פאַנטאַזיע. וויפל איך האָב זיך נישט אַנגעשטרענגט עס צו פאַרטרייבן און טראַכטן וועגן אַנדערע זאַכן, איז עס מיר נישט געלונגען. עס האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ גרויסע מורא. צום סוף האָב איך דערפילט אַז עמיצער דערנענטערט זיך צו מיר. איך בין געווען זיכער אַז דאָס איז איינער פון דער וואַך־פּאַטרול. אויסמיידן אים איז אָבער שוין געווען אוממעגליך. דער מאַן איז גלייך צוגעגאַנגען צו מיר, מיך געפרעגט ווי איך הייס און מיך אַנגענומען ביי דער האַנט צו גיין מיט אים. ער איז געווען איינער פון די איבערפירער.

נאָך אַנדערהאַלבן שעה גיין זיינען מיר צוגעקומען צום טייך. מיין באַגלייטער האָט מיר געהייסן זיך אוועקלייגן צווישן די קשאַקעס און זען נישט איינדרימלען

טאָמער וועט מיך על פי צופאל טרעפן איינער פון דער וואך. ער אליין איז אוועק זוכן די שמוגלער. טויט מיד ווי איך בין געווען האָב איך נישט געקענט גובר זיין דעם שלאף און איך בין איינגעדרימלט. אז איך האָב זיך א דערשראקענער אויפגעכאפט האָט עמיצער מיר פארמאכט דאָס מויל. עס איז געווען דערזעלבער מאן פון פריער. ער האָט מיר איבערגעגעבן אז די שמוגלער זיינען נישט געקומען. איך וועל מיט אים גיין צו זיך אהיים איבערוואַרטן ביז מארגן. אין שטוב האָט ער מיך ארויפגעפירט אויפן בוידים, מיר געבראכט א פערינע זיך צוצודעקן, אבער קיין שפייז האָט ער מיר נישט געבראכט. פארטאג איז ער ארויפגעקומען, מיך אויפגעוועקט און מיר אנגעזאגט אז איך מוז פארלאזן זיין הויז, ווייל מען שפירט אים נאָך. אוונט צייט דארף איך צוריקקומען. ער האָט מיר אנגעוויזן פונדערווייטנס א יידישע שטוב. איך בין גיך אוועק אהין און זיך אוועקגעזעצט אויף דער שוועל. דער באלעבאס האט געעפנט די טיר און ער האָט מיך געפרעגט וואָס איך פארלאנג. איך האָב אים דערציילט אז איך דארף ביי אים איבערוואַרטן ביז פארנאכט. ער האָט מיר אריינגענומען אין שטוב, מיך צוגעפירט צום פיעקעליק און א זאג געטאָן: „זייט אזוי גוט, קריכט ארויף אויבן און ליגט דאָרט רואיק”. ער אליין איז אוועק אין דאָרף צו זיינע געשעפטן.

פרייטיק איז געווען יענער טאָג. די באלעבאסטע איז אויפגעשטאנען און גענומען צוגרייטן שבת'דיקע מאכלים. די ריחות פון די געקעכטסן האָבן געררייצט מיין אפעטיט און דער הונגער האָט מיר גאָר שטארק דערקוטשעט. זי האָט מיר קיין עסן נישט פאָרגעשלאָגן. ווען דער באלעבאס האָט זיך אומגעקערט איז די ערשטע פראגע וואָס ער האָט געשטעלט זיין ווייב געווען צו זי האָט מיר עפעס געגעבן עסן. אין א ווייל ארום האָט מיר די פרוי געבראכט אן אנבייסן. אז איך האָב זי דערזען האָב איך זי גלייך דערקענט און זי אָנגערופן ביים נאָמען. זי איז געווען מיין חבר זייטשיקס א שוועסטער, א דובאסארער. אז זי האָט מיך דערקענט איז זי רויט געוואָרן פאר בושה און האָט זיך אנטשולדיקט וואָס זי קען מיר קיין בעסערן אנבייסן נישט געבן. איך האָב איר געדאנקט מיטן גאנצן הארצן. דאָס ביסל איז אויך גענוג געווען צו שטילן מיין שטארקן הונגער. ווען עס איז געוואָרן נאכט האָב איך זיך מיט זיי הארציק געזעגנט און בין אוועק צום באשטימטן פלאץ. צוזאמען מיט מיר זיינען אנגעקומען אויך די אריבערפירער. דאסמאל איז אלץ געגאנגען כשורה. דאס אריבערשיפן זיך האָט נישט גענומען קיין סך צייט. מיט א שעה שפעטער בין איך שוין געזעסן אין הויז פון א פויער אין בעסאראבער דאָרף אונטשיקאני.

מיטן אריבערשווימען דעם דניעסטר האָט זיך נאָך נישט פארענדיקט דער יסורים־וועג פונם פליט. אין קישינעוו, די בעסאראבער הויפטשטאט, האָבן זיך אין יענער צייט קאָנצענטרירט 80 פראָצענט פון די יידישע פליטים, געקומענע פון רוסלאנד. פיל פון זיי האָבן באשלאָסן צו פארבלייבן אין רומעניע און מיט געלט האָבן זיי דערוואָרבן רומענישע בירגערשאפט, פאר פיל איז אָבער קישינעוו נישט געווען מער ווי א טראנזיט סטאציע. די דאזיקע האָבן זיך פארשריבן אין א ספעציעלן קאָמיטעט, וואָס האָט זיך אָרגאניזירט ביי דער יידישער קהילה וואָס האָט זיך מטפל געווען מיט די פליטים. דער קאָמיטעט האָט געהאט זיינע אדוואקאטן, וואָס האָבן געהאט פארבינדונגען

מיט די רומענישע באהערדן און זיי האָבן זיך אפגעגעבן מיט דער יורידישער פּראָצע־דור וואס איז געווען פארבונדן מיט די פּליטים. לויטן געזעץ האָט יעדער פּליט געדארפט געמשפט ווערן דורך א מיליטער געריכט און אפקומען א שטראף פאר אומלעגאל אריינקומען אין רומעניע. ליידער איז נישט יעדער פּליט אפגעקומען נאָר מיט א געלט שטראף. פיל זיינען פארמשפט געוואָרן צו פארשידענע תקופות ארעסט. דאָס ערגסטע איז געווען מיט יענע פּליטים וואָס זיינען פארמשפט געוואָרן זיך אומצוקערן קיין רוסלאנד.

נאָך אַפּאָר חדשים זיין אין רומעניע האָט מען מיר געמאכט א פּראָצעס און פארמשפט צו 3 חדשים תפיסה. דער גורל האָט געוואָלט אַז אין טאָג פארן משפט איז מיין משפחה — מיין פרוי, ע״ה, מיין אייניעריקער זון און מיין צעניעריק ברודערל — אנגעקומען אין רומעניע. זיי האָבן זיך נישט פארשריבן, נאָר געווארט אויף מיין באפרייאונג. נאכן אפזיצן 3 חדשים אין תפיסה בין איך געבראכט געוואָרן פארן אויספאָרשונגס ריכטער, וועלכער האָט געפסקנט מיך צוריק שיקן פונוואנען איך בין געקומען. דערווייל האָב איך פונדאסניי בעדארפט גיין זיצן. דער פּליטים קאָמיטעט האָט מיין ענין איבערגעגעבן צו א באקאנטן רומענישן אדוואָקאט און נאך אן ענערגישער אינטערווענץ זיינער און דער גאראנטיע וואָס עס האָבן פאר מיר געגעבן הרב צירלסאָן, דר. בערנשטיין־כהן און מאדאם באביטש, בין איך באפרייט געווארן מיטן תנאי אז ביז א מאנאט דאַרף איך פארלאָזן רומעניע און אויסוואַנדערן קיין ארץ־ישראל.

איצט האָט מען געדארפט געפינען א לייזונג פאר דער משפחה, וואָס איז כלל נישט געווען פארשריבן אז זי געפינט זיך אין רומעניע. אדוואָקאט דר. לאנדאו האָט פארטראטן דעם פּליטים קאָמיטעט פאר די באהערדן. אים האָב איך געפרעגט וואָס צו טאָן. ער האָט לאנג נישט געטראכט און מיר א זאָג געטאָן: קום מיט מיר אין דער סעגוראנצע (געהיים פּאליציי). מיר זיינען אריינגעקומען אין א צימער פול מיט שראנקן וואָס זיינען געווען אָנגעפּאקט מיט טעקן. עס איז דארטן געזעסן איין איינציקער באאמטער. דר. לאנדאו האָט ביי אים געבעטן מיין טעקע, וואו עס איז בפירוש געווען פארשריבן אז איך בין געווען פארמשפט צו דריי חדשים טורמע פאר אומלעגאלן אריינקומען אין רומעניע און אז נאך א צווייטן מאָל זיצן אין תפיסה האָב איך זיך פארפליכטעט אין פארלויף פון איין חודש אויסוואנדערן קיין ארץ־ישראל. דערווייל איז דער באאמטער ארויסגעגאנגען פון צימער און דר. לאנדאו האָט גענומען די טעקע און נעבן מיין נאָמען צוגעשריבן די נעמען פון מיינע משפחה מיטגלידער. דער באאמטער איז צוריקגעקומען און דר. לאנדאו האָט אים אומגעקערט די טעקע. מיר האָבן זיך געזעגנט מיטן באאמטן און ארויסגעגאנגען.

אינדרויסן האָט מיר דר. לאנדאו דערציילט, אז דער גאנצער עסק האָט געקאָסט 20 ליי (א שילינג לויטן דעמאָלדיקן קורס). איך האָב פשוט נישט געקענט גלויבן מיינע אויערן. ווען מיט אפּאר טעג שפּעטער האָב איך באקומען אן איילאדונג אויף צו באקומען די רייזע פּאפּירן, האָב איך זיך איבערצייגט וואָס פאר א „גאָלדן לאנד״ רומעניע איז און וואָס פאר א אומבאגרעניצטע מעגליכקייטן דאָס לאנד פארמאגט.

✶ ✶ ✶

די יאָרן 22—1920 פאַרצייכנען א טרויריק קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דובאסאר אונטערן סאָוויעטישן רעזשים. די גאולה האפנונג וואָס האָט באַזעלט פיל אין די יאָרן 20—1917 איז אויסגערונען. רדיפות מצד דער טשעקאַ, רעקוויזיציעס און קאָנטריבוציעס, הונגער, נויט און איבערמענטשליכע אנשטרענגונגען צו אנטלויפן פון סאָציאַליסטישן „גן עדן" — בילדן איין קייט פון פּיין און ליידן.

מיין אנטלויפן פון רוסלאַנד, טראָץ אלע יסורים או מכשולים וואָס איך האָב געדאַרפט גובר זיין, האָט זיך סוף־סוף פאַרענדיקט גוט. ווייניקע האָבן געהאַט דאָס גליק אַז זייער אנטלויפן זאָל זיך אַזוי פאַרענדיקן. פיל אנטלויפענדיקע האָבן נישט דערלעבט צו זען דעם געגנאַרטן קעגאיבערדיקן ברעג. פיל זיינען דערהרגעט געוואָרן ביים איינשטייגן אין די שיפלאַך, פיל זיינען דערטרונקען געוואָרן נאָך איידער זיי האָבן דערלאַנגט דעם צווייטן ברעג; פיל זיינען באַרויבט און דערמאָרדעט געוואָרן שוין נאָכן האָבן דערגרייכט דעם גליקליכן ברעג און פיל זיינען צוריקגעשיקט געוואָרן דורך דער גרעניץ וואַך אָדער נאָך א פּראָצעס וואָס עס האָט זיי געמאַכט די רומענישע רעגירונג. טויזנטער האָבן געפונען דעם טויט אין די וואַסערן פון דניעסטר און קיינער ווייסט נישט וואו זייער' געביין איז אהינגעקומען.

זאָלן דידאָזיקע שורות דינען ווי א מצבה און ווי אַן אנדענק פאַר די טויזנטער אומגעקומענע מענער, פרויען און קינדער, סיי די וואָס זייערע נעמען זיינען באַקאַנט, סיי די אַנאָנימע, וואָס אין געראַנגל זיך אַרויסצוראַטעווען פונם סאָוויעטישן „גן עדן", זיינען זיי אומגעקומען דורך די ברוּיזענדיקע כוואַליעס פון דער שטורמישער תקופה — ווער פון הונגער, ווער דורך מגיפות וואָס האָבן געבושעוועט, ווער דורך דער שווערד און ווער אין די טיפע וואַסערן פון דניעסטער.

ערע זייער אנדענק.

הרי שיר (ניו־יורק)

# אירגון יוצאי דובוסרי באמריקה

בשנים 1—1902 התכנסו בפעם הראשונה קבוצת מהגרים, יוצאי דובוסרי, בניו-יורק והניחו יסוד להקמת אירגון של יוצאי דובוסרי. הבדידות שבה שרוי כל מהגר בארץ מגוריו החדשה, דוחפת אותו להתרפק על מהגר אחר עמיתו ובן-עירו, אשר נימים רבות כגון: זכרונות משותפים, ילדות דומה ואורח-חיים מקשרים אותם. מתוך דחפים כאלה וכיוצא בהם קמו עשרות „לאנדסמנשפטים" מיוצאי מזרח אירופה באמריקה ומתוך גורמים דומים הקימו המהגרים הראשונים מדובוסרי את אירגונם בארצות-הברית.

ברם, רק בסוף שנת 1918, עם שובו של משה פלדמן משירותו בלגיון העברי לאמריקה, התחיל האירגון של יוצאי דובוסרי לפתח פעולת סיוע מסועפת לטובת תושבי דובוסרי היהודיים, שנתרוששו בימי מלחמת העולם הראשונה ואחרי המהפכה הבולשביסטית נשבר

לגמרי מטה לחמם. במשך כל השנים, עד פרוץ מלחמת העולם השניה ועד בכלל, היה משה פלדמן הרוח החיה והכוח המניע של האירגון, ובראש וראשונה בפעולות הסיוע שלו, להן התמסר בכל לבו ונפשו.

משה פלדמן נמנה עם אותו סוג אנשים, המקבלים עליהם מתוך הרגשת חובה פנימית להיות שליחו של ציבור, של עדה, אשר הגורל המר להם — לזעוק את שברו באזני אותם המאושרים, אשר הגורל מנע מהם לשתות את כוס התרעלה. מבלי שאיש שלחהו והועידו לכך היה הוא לנושא תביעתם של אחינו בדובוסרי, שנרצחו והושמדו מידי קלגסיו של הבכור שטן, ושל השרידים, האודים המוצלים מאש, שבדרך נס מלטו את נפשם מידי הרוצח האכזרי. הוא נמנה על סוג האנשים שההשגחה עצמה הועידה אותם בשביל רוחם התוסס ונפשם הלוהטת להנציח את נשמות הנספים ולהקים להם יד ושם לדורי דורות. הוא היה מן המעטים אשר הגורל הועיד אותו לשאת קינה על קהילות יהודיות שנחרבו והוכחדו לא אחת ולא פעמיים בשנות גלותנו הארוכה.

הוא התהלך על אדמת אמריקה וכדיוגנס חיפש בפנס דובוסראים נשכחים — מתים וחיים, בין שנשארו בדובוסרי, בין שהגורל היהודי הפיצם ברחבי העולם. משה פלדמן התהלך כל ימיו ערירי, לא נשא אשה ולא הקים בית. ומי יודע, אולי השאיר את חלום משפחתו שם, בעיר הולדתו, ועל אדמת אמריקה נשא גלמוד את רווקותו, מחמת שעשרות שנות ישיבתו באמריקה, לא היה לאל ידו לעקרו מעיירתו־מכורתו ולהשרישו במכורה החדשה. גם באמריקה ייצג משה פלדמן חטיבה של נוסח והווי דובוסראי וכל השנים לא הצליח להשתלב לתוך המעשיות האמריקאית האפורה. מעודו חי בעולם של אתמול, באתמול של דובוסרי, עד כי הניח את היסוד למפעל עזרה לשרידי עירנו. במפעל זה, אשר לו התמכר בכל גופו ונפשו, מצא תיקון, ולו חלקי, לחייו הגלמודים אכולי הכיסופים.

בין אנשי דורנו היה משה פלדמן הדובוסראי בה׳ הידיעה. חן נופה של דובוסרי, דימויי הבראשית של מגרשיה הריקים למחצה, רחובותיה וסמטאותיה הקטועים, שביליה ומשעוליה, התמימות העיירתית; קטטות ודרכי שלום, מאבק לפרנסה בדוחק ושלוות שבעים; יהודים מן השוק, חנוונים, בעלי־מלאכה, נגידות של סוחרים ועניות מרודה — כל אלה חברו יחדיו והיו עולמו הרוחני של משה פלדמן, עולם המראות שהטיח על פניו את הנוף האמריקאי וחיי החולין המעשיים של יהודי מכל השנה. זר לרוחו היה ה„הוהא" האמריקאי; „טיים איז מוני" מעולם לא שימש לו צו חיים. הוא חי מחוץ לזמנו ומקומו. רק גופו חי באמריקה, ברוחו הוסיף להיות כל ימיו איש דובוסרי. גם כאשר נלחם בשורות הגדוד העברי למען כינונה של מלכות ישראל, לא חדל להיות איש דובוסרי, וכזה נשאר עד ליומו האחרון.

מכיון שהיה תמיד מאזין לקולו הפנימי, היה מצפונו ער תמיד לכל דבר שהיה לו קשר לעיר מולדתו. מכאן תביעתו מכל יוצאי דובוסרי „לעשות משהו" למען הדובוסראים הזקוקים לעזרה.



מלחמת העולם השניה נסתיימה. עם שוך הקרבות נגלה החורבן בכל מאיומיו, בשבע ספרותיו. 6 מיליון שנקברו חיים, שנרצחו, שנחנקו בכבשנים, שנשרפו והומתו בכל מיני מיתות משונות. מאפרן של מאות ערים ועיירות — בקע בקולי קולות השבר היהודי הנורא.

השרידים שנשארו בחיים פזורים ונפוצים בכל דרכיה האבלות של הנוד היהודי — זעקו לעזרה.

ביום בהיר אחד בא הוא לכותב הטורים האלה וללוינים, שרוי בדאגה, שבור ורצוץ ובפיו טענה: למה שותקים? צריך לארגן מיד מפעל עזרה, צריך להקים ועד חירום מיוצאי דובוסרי באמריקה וליצור אמצעים להקל במידת האפשר את מצוקת אחינו הנמלטים, הנמצאים ברוסיה ובארצות אחרות.

לא מכל יוצאי דובוסרי היו לנו כתובות. ברם, אפשר היה לסמוך על החוש הששי

## Dubossarer Landsleit to Plant Forest of 10,000 Trees



The Dubossarer Committee presenting a check for 3,000 trees to Mordecai Rudensky, Assistant Secretary of the Jewish National Fund. Left to right (seated): Mrs. Louis P. Levine, Mrs. Louis Levine, Mrs. Harry Sheer, Phyllis Levine. Standing, Martin Choina, executive secretary, JNF Landsmannschaften Dept.; Harry Sheer, Dubossarer Committee chairman; Louis P. Levine, treasurer; Louis Levine, member of Executive; Mordecai Rudensky; Moshe Feldman, co-chairman and organizer of the project.

The Dubossarer Landsleit Society, with branches in Israel, Argentina and Canada, as well as the United States, has already turned over to the JNF funds for the planting of 7,500 trees toward their goal of a forest of 10,000 trees to perpetuate the memory of their 18,500 martyred townsmen who perished at the hands of the Nazis in their home town Dubossari-Moldavia in the Ukraine in 1943.

The New York chapter of the Dubossarer Society provided the funds for 2,000 trees; the Philadelphia chapter, 1,000 trees; while 1,000 trees were planted by Dubossarer members in Israel, 2,000 by members in Canada and 1,500 by members in Argentina.

Realization of the project for Dubossarer participation in the JNF Martyrs Forest was brought about by the initiative of Morris Feldman, co-chairman of the Dubossarer Emergency Relief Committee, with the active cooperation of the late chairman, Ben Zion Itzkowitz; the newly-elected chairman, Harry Sheer; treasurer, Louis P. Levine; secretary, William Nerenberg and the following members of the Executive Committee: Hyman Frost, Louis Levine, Harry Singer and Abraham Sobel.

Harry Singer is president of the Dubossarer Society of New York.

Officers of the Philadelphia Dubossarer Society are: Benjamin Finkelstein, President; Joseph Kipnis, Vice President; Harry Kuchuk, Treasurer; Morris Bender, Recording Secretary; Morris Blaufield, Financial Secretary.

On the Committee: Jack Balck, Max Lerner, Louis Dickman, Morris Gazer, Louis Gordon, Sam Mansky.

ועד העזרה של יוצאי דובוסרי באמריקה מוסר לנציג הקרן הקימת את הצ'יק לנטיעת יער קדושי דובוסרי והסביבה.

דער דובאָסאַרער הילפּס קאָמיטעט אין אַמעריקע בעתן איבערגעבן דעם פאָרשטייער פון קרן קימת דעם טשעק אויף צו פלאַנצן דעם וואלד אויפן נאָמען פון דובאָסארער קדושים און סביבה.

של משה פלדמן להריח דובוסראי מרחוק... ואכן לא יצאו ימים מועטים והוא ליקט אותם כשבלים בודדות אחד אחד. הוא קרא והם נענו.

יוצאי דובוסרי באמריקה נענו לקריאתו בלב שלם ובמסירות. ולא רק אנחנו, העסקנים הותיקים נחלצנו לפעולה, אלא לפתע צצו כוחות חדשים, עד אז בלתי ידועים, בני הדור הצעיר, שחיזקו את ידי העסקנים והם עצמם התמכרו למפעל העזרה. ביחוד רואה אני חובה קדושה לציין ביראת כבוד את הפרקליט הצעיר, אברהם סובל, בנו של יוסל האופה מן השוק החדש, נכדם של אליעזר ואברהם שמעון סובל, שהיגר לאמריקה עם הוריו בעודנו ילד. כאן גדל, למד והיה לעורך-דין מצליח. אייב סובל התמכר בכל להט נשמתו הצעירה למפעל העזרה, הרחיב אותו על פני פילדלפיה, שיקאגו וערים אחרות, ואף בא במגע בענין זה עם יוצאי דובוסרי בארגנטינה. תודות לו ולבני עיר אחרים גדל מפעל העזרה והיה לדבר של ממש. וכן עד 1949 הצליח ועד העזרה להעביר 5000 חבילות מזון והלבשה לנמלטי דובוסרי ברוסיה, פולניה, רומניה, גרמניה, צרפת וישראל.

מבין 200 המשפחות מדובוסרי שניצלו על פי נס מידי קלגסי היטלר ועוזריהם ופונו לרוסיה האסיאטית, קשר ועד העזרה בניו־יורק קשר עם 150 משפחות, ומהם נודעו לנו יתר פרטים על גורלם הטראגי של רוב בני עירנו וקרובינו בדובוסרי, שיד הרוצחים השיגתם.

בשנת 1950 פירסם הועד חוברת מוקדשת למפעל ההצלה. גם חוברת זו היתה ברובה פרי עבודתם של משה פלדמן ואייב סובל, בעזרתה הפעילה של אשתו רוזה כעורכת-עוזרת, ובהשתתפותו של כותב הטורים האלה בתור יושב-ראש הועדה.

אחת המטרות שהציבו לעצמם פעילי אירגון יוצאי דובוסרי באמריקה היתה נטיעת יער של 18.500 עצים ביער הקדושים בהרי ירושלים להנצחת שמם של 18.500 היהודים שנרצחו בדובוסרי מידי הפושעים הנאציים. (כאן אני רואה צורך לציין, כי בנטיעת עשרת האלפים העצים הראשונים רב חלקו של הסניף בפילדלפיה). להוותנו נגדע אברהם סובל, שהתמסר בלב ונפש למפעל זה, באמצע פעולתו ונקטף בדמי ימיו והוא רק בן 48. עד היום מצפות 8500 נשמות לגואל שינציח את זכרן בנטיעת 8500 עצים ביער הקדושים.

בדרכו לבית-החרושת שלי רקם משה פלדמן במשך שבועות וחדשים את חלום ספר הזכרון לדובוסרי, אשר ישקף את החיים המסועפים, הרבגוניים של דובוסרי היהודית במשך דורות, אשר חלומות נעורים וחכמת זקנים דרו בה בכפיפה אחת; ספר אשר יגלם בשביל הדורות הבאים את דרך החיים של קהילה יהודית בדרום רוסיה על חוף הדניסטר, אשר יתן ביטוי לימי החול שלה ולשבתותיה ומועדיה, ימי אבלה ותקוותיה המזהירות. ספר שישמש אספקלריה לחיי היחיד והכלל, לזקן ולנער, לקטן וגדול, לקרבה משפחתית ולהווי העיירתי.

ימים ולילות רקמנו את „חלום היזכור", ולא השגחנו בימים, שבועות ושנים שחלפו. שורות הדובוסראים התחילו מדלדלים ואלה שעוד תמול שלשום היו צעירים מבקשים כבר היום פינה שלווה לשנות הזקנה שבאו כחתף.

והנה לפתע, בשנת 1961, חלה משה פלדמן מחלה אנושה. הוא נפל למשכב מעליו לא קם עוד. גם בשכבו על ערש דוי לא חדל לרקום את חלום „ספר היזכור", אשר ליגוננו הרב לא זכה לראותו יוצא לאור.



**ארגון יוצאי דובוסרי בפילדלפיה**

**דובאָסאַרער לאַנדסלייט פאַראיין אין פילאַדעלפיע**

הבאתי את משה פלדמן, את חברי הטוב, למנוחות עולם, ובחזרי מבית-הקברות חשתי מה גדולה יתמותי. רק אחרי מותו חשתי בגודל האחריות הרובצת עלי. ידי לא רפו וראיתי כחובה קדושה להמשיך במפעלו. למזלנו קיבלו עליהם בני עירנו בישראל את המשימה לאסוף את החומר לספר היזכור וכן להכינו לדפוס. ואמנם ספר הזכרון לקהילת דובוסרי, ששורות אלה המספרות על עבודתנו הצנועה באמריקה רואות בו אור, נהיה לעובדה קיימת — מצבה לקהילת ישראל שחיתה את חייה העצמיים, יצרה, התאבלה, שמחה, נאבקה על קיומה ונמחתה יחד עם מאות קהילות יהודיות אחרות מידי כוחות השטן, שהניפו את גרזנם על בית ישראל באירופה.

היה היתה קהילה יהודית פורחת בדובוסרי ואיננה עוד. ישמש ספר זה יד לזכרה לעולמי עד.

**הערי שיר** (ניו־יאָרק)

# דובאסארער לאנדסלייט פאראיין אין אמעריקע

אין די יאָרן 2—1901 האָבן זיך צום ערשטן מאָל צוזאמענגענומען דובאסארער אימיגראנטן אין ניו־יאָרק און געלייגט דעם יסוד פאר אן אייגענעם לאנדסלייט פאראיין. די עלנד און איינזאמקייט וואָס יעדער עמיגראנט באזונער פילט אין א פרעמד לאנד, בעיקר אין די ערשטע יאָרן ביז ער בירגערט זיך איין אין זיין נייעם וואוינארט, טרייבט אים זיך צוטוליען צו א צווייטן עמיגראנט, זיין בן־עיר, מיט וועמען עס פארבינדן אים פיל פעדים פון געמיינזאמע זכרונות, אן ענליכע קינדהייט און גלייכער לעבנס־שטייגער. אזוי זיינען געבוירן געוואָרן אויף אמעריקאנער באָדן צענדליקער לאנדסמאנשאפטן פון מזרח־אייראָפּעאישע יידן, און דאָס איז אויך געווען דער מאָטיוו וואָס האָט באוואויגן די ערשטע דובאסארער אין אמעריקע אויפצושטעלן אן אייגענעם לאנדסלייט פאראיין.

ערשט סוף 1918, מיטן אומקערן זיך פון משה פעלדמאן קיין אמעריקע נאכן האָבן געדינט אין יידישן לעגיאָן, האָט דער פאראיין אנגעפאנגען ענטוויקלען א פארצווייגטע הילפס־טעטיקייט פאר די דובאסארער יידן, וואָס זיינען שטארק פאראָרימט געוואָרן בעת דער ערשטער וועלט מלחמה און אינגאנצן דעקלאסירט געוואָרן נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע. במשך אַלע יאָרן איז דער לעבדיקער גייסט און באוועגנדער כוח פונם פאראיין און דער הילפס ארבעט געווען משה פעלדמאן, וואָס האָט זיך דער דאָזיקער ארבעט איבערגעגעבן בלב ונפש.

משה פעלדמען געהערט צו דעם קלאס מענטשן, וואָס נישט זייענדיק פון קיינעם געשיקט, נעמען זיי אויף זיך פרייוויליק דעם עול צו זיין דער שליח פון א ציבור, פון אן עדה, אויסצושרייען זיינע נויטן און באדערפעגישן, און אויך זיין א מאָנער, א פאָדערער ביי די וואָס דער גורל האָט זיי אויסגעהיט אויסצוטרינקען דעם ביטערן כוס פון פארניכטונג — אין נאָמען פון די פילע וואָס די רוצחישע האנט פון ארכי־רשע האָט זיי אויף א בעסטיאַלן אופן אומגעבראכט. ער איז געווען געקנאָטן פון דעם טייג וואָס די השגחה אליין האָט אים באשטימט כדי מיט זיין אומרואיקן גייסט און פלאמיקן וואָרט צו פאראייביקן די נשמות פון די אומגעקומענע, זאָגן קדיש נאָך זיי און פאר זיי אויפשטעלן א מצבה לדורות. ער איז געווען פון די וויי ניקע וואָס דער גורל אליין האָט אויף זיי ארויפגעלייגט די מיסיע צו זיין דער מקונן פון חרוב געוואָרענע קהילות, וואָס דער דורות לאנגער יידישער גלות איז פול מיט זיי.

ער האָט זיך ארומגעדרייט אויף אמעריקאנער ערד און מיט א דיאָגענעס לאמטערן ארומגעזוכט פארגעסענע — לעבעדיקע און טויטע דובאסארער — אין דובאסאר גופא און אין אלע לענדער וואו דער יידישער גורל האָט זיי פארטראגן. משה פעלדמאן איז




דובאסאַרער אין אַמעריקע. מיטגלידער פון רעליף קאָמיטעט. ערשטע פון רעכטס צו לינקס: הערי און העניע שיר, בענטשיק בנימין שוסטערס, בנימין פינקעלשטיין (פילאַדעלפיע), פייגע טייטלבוים, יאסל קיפּניס. עס שטייען פון רעכטס צו לינקס: מענדל לערנער, נעלי טייטלבוים, אַנשל נירענבערג, משה בענדערסקי, משה פעלדמאַן. אויפן הינטערגרונט די פּעקלאַך פון דער הילפס אַקציע.

דבוסראים באמריקה. חברי ועד העזרה. ברקע: החבילות שנועדו למשלוח לניצולי דובוסרי ברוסיה.

זיין גאַנץ לעבן געבליבן נישט פאַרהייראַט. ווער ווייסט, אפשר האָט ער זיין משפּחה־חלום איבערגעלאָזט אין זיין געבוירן־שטאָט, און אין דער אמעריקאנער פרעמדקייט האָט ער מיטגעבראַכט זיין בחורישקייט, זיין עלנטקייט, פון וועלכער ער האָט נישט געקענט אַרויסגיין, מחמת די צענדליקער יאָרן זיינע אין אמעריקע זיינען נישט געווען בכוח אים פון דאָרטן אויסצוואָרצלען און ממילא אים דאָ איינצוואָרצלען. אויך אין אמעריקע האָט ער מיט זיך פאַרגעשטעלט א שטיק דובאסאַרער נוסח און שטייגער, און זיך באַין אופן נישט געקענט אַריינפּאַסן אין דער גרויער אמעריקאַנער טאָגטעגלי־כער פּראַקטישקייט. ער האָט שטענדיק געלעבט אין א וועלט פון נעכטן פון דובאסאַרער נעכטן, ביז ער איז געוואָרן דער יסוד־לייגער פאַר א הילף אַקציע פאַר דער דובאסאַרער שארית הפליטה. אין דער דאָזיקער אַקציע, וואָס ער האָט זיך איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן האָט טיילווייז געפונען א תיקון זיין איינזאַם בחוריש־עלנד לעבן.

צווישן אונזער דור איז משה פעלדמאַן געווען דער אמיינסטן דובאסאַרער. דער חן פון דובאסאַרער לאַנדשאַפט, איר בראשיתדיקייט פון ניט דערבויטע שטחים, ניט

דערגאַנצטע גאַס און געסלאַך, ליקן און דורכגענג; דאָס תמימות׳דיקע קליינשטעטלדיקע לעבן, ברוגז און שלום, געראַנגל פאַר פּרנסה און זאַטע שלווה, מאַרק יידן, קרעמער, בעלי־מלאכות, סוחרישע נגידות און באַשקע־קבצנות — דאָס אַלץ איז געווען זיין גייסטיקע וועלט, דער מיראַזש, וואָס האָט ווי מיט אַ שלייער פאַרשטעלט פאַר אים די אַמעריקאַנער לאַנדשאַפט און דעם מענטשליכן פּראַקטישן באַדאַרף. פרעמד איז אים געווען דער אַמעריקאַנער „הוראַ״, דער באַגריף „מאַכן אַ לעבן״, „טיים איז מאַני״ איז פאַר אים נישט געווען קיין געבאָט. ער האָט געלעבט אויסער דער צייט און אָרט. פיזיש האָט ער געלעבט אין אַמעריקע — גייסטיק אין דובאָסאַר. אַפילו ווען ער האָט געקעמפט אין יידישן לעגיאָן פאַר דער אויפריכטונג פון מלכות ישראל האָט ער נישט אויפגעהערט צו זיין אַ בירגער פון דובאָסאַר, און אַזוי ביז צום לעצטן טאָג פון זיין לעבן.

און ווייל ער האָט שטענדיק זיך צוגעהערט צום קול פון דובאָסאַר אין זיך, איז ער שטענדיק אַרומגעגאַנגען מיט אַ וואָך געוויסן און זאָרג פאַר דובאָסאַרער. דערפאַר איז ער יאָרן לאַנג געגאַנגען פון שוועל צו שוועל און פון טיר צו טיר און אומעטום געמאָנט „עפּעס טאָן״ פאַר די דובאָסאַרער.

* * *

די מלחמה האָט זיך געענדיקט. דער חורבן האָט זיך אַנטפּלעקט אין זיין גאַנצער גרויזאַמער זיבן־ציפערדיקער גרויס — 6 מיליאָן: לעבעדיק באַגראָבענע, דערשאָסענע, פאַרגאַזטע, פאַרשרפ׳טע. פונם אַש פון הונדערטער שטעט און שטעטלאַך האָט זיך צעשריגן אויף קולי קולות דער אינסופיקער יידישער בראָך. די רעשטלאַך לעבנגע־בליבענע, צעזייטע און צעשפּרייטע אויף אַלע וועגן און שטעגן פון יידישן וואַגל — האָבן געקלאַמערט נאָך הילף.

אין איינעם אַ שיינעם טאָג איז ער געקומען צום שרייבער פון די שורות און צו די לעווינס, און אַ פאַרדאגה׳טער, אַ צעוויי־טיקטער, צעלייגט זיינע טענות: הלמאי מען שווייגט... מען דאַרף גלייך אינטערנעמען אַ הילף אַקציע, גרינדן אַ רעליעף קאָמיטעט פון די דובאָסאַרער אין אַמעריקע און שאַפן מיטלען כדי צו לינדערן די נויט פון דעם הייפל לעבן געבליבענע דובאָסאַרער ברידער, וואָס געפינען זיך אין רוסלאַנד און אין אַנדערע לענדער.

נישט פון אַלע דובאָסאַרער האָבן מיר געהאַט אַדרעסן. מען האָט זיך אָבער געקענט פאַרלאָזן אויף משה פעלדמאַנס זעקסטן חוש צו דערשמעקן אַ דובאָסאַרער מייל ווייט... ער האָט זיי צוזאַמענגעקליבן ווי באַזונדערע זאַנגען און זיי האָבן זיך אָנגעהויבן זאַמלען אַרום אים, געערופן דורך דעם הייליקן חוב.

דובאָסאַרער לאַנדסלייט אין אַמעריקע האָבן זיך וואַרים אָפּגערופן. נישט נאָר מיר, די אַלטע עסקנים, האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט, עס האָבן זיך באַוויזן נייע פון פריער אומבאַקאַנטע כוחות, וועלכע האָבן געשטאַרקט די הענט פון די טוער און זיך אויך אַליין אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט. באַזונדערס וויל איך דערמאַנען מיט יראת הכבוד דעם יונגן אַדוואָקאַט אַברהם סאַבעל, יאסל דעם בעקערס אַ זון, אַן איי־ניקל

פון אליעזר ווידיסלאַווער און אברהם שמעון סאבעל, וואָס איז געקומען מיט זיינע עלטערן קיין אמעריקע אלס קינד. דאָ האָט ער זיך דערצויגן, געלערנט און געוואָרן א דערפאַלגרייכער אדוואָקאט. אָט דער אייב סאבעל האָט זיך אריינגעוואָרפן מיט א יוגנטליכן ברען אין דער הילפס אקציע, האָט זי אויסגעברייטערט און אויסגעשפרייט איבער פילאַדעלפיע, שיקאגאָ און אנדערע שטעט, און אויך אנגעקניפט באציאונגען מיט די דובאסארער אין ארגענטינע. אדאנק אים און אנדערע לאנדסלייט איז די הילפס אקציע געוואָרן א יש. אין 1949 האָט דער עמערגענץ קאָמיטעט שוין געהאט אריבער געשיקט 5000 שפייז און קליידער פעקלאך צו די דובאסארער נויטבאדערפטיקע אין רוסלאנד, פוילן, רומעניע, דייטשלאנד, פראנקרייך און ישראל.

פון די 200 דובאסארער משפחות וואָס האָבן זיך על פי נס געראטעוועט פונם



ישראל און פייגע זשעניו און זייערע אייניקלאך
קיפניסעס שווער פון פילאַדעלפיע.

ישראל ופיגה ז׳עניו ונכדיהם בפילדלפיה.

היטלער גיהינום, וואָס זיינען עוואקואירט געוואָרן אין אזיאטישן רוסלאנד, האָט דער ניו־יארקער עמערגענץ־קאָמיטעט אנגעקניפט שריפטליכע פארבינדונגען מיט ארום 150 משפחות. פון זיי האָבן מיר זיך צוביסלאך דערוואוסט מער איינצלהייטן וועגן דעם טראגישן גורל פון אונזערע לאנדסלייט און קרובים אין דובאסאר.

אלס המשך פון דער טעטיקייט פונם הילפס קאָמיטעט איז געווען דאָס ארויסגעבן אין יאָר 1950 דעם „סואווועניר זשורנאל פון דער דובאסארער עמוירדזשענס רעליעף״.

אויך דאָס ארויסגעבן דעם זשורנאַל איז געווען בעיקר די ארבעט פון משה פעלדמאַן און אייבי סאבעל, מיט דער אקטיווער הילף פון זיין פרוי ראָזע אלס געהילפס־רעדאק־טאָר און מיט דער באטייליקונג פונם שרייבער פון די שורות אלס טשערמאַן פון יובּיליי זשורנאַל.

איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאבן וואָס די דובאסארער טוער אין אמעריקע האָבן פאר זיך אנגעצייכנט איז געווען דאס פארפלאנצען 18,500 בוימער אין יער הקדושים אין די בערג פון ירושלים, אויף צו פאראייביקן דעם אנדענק פון די טראגיש אומגע־בראכטע 18,500 יידן, וואָס די היטלער רוצחים האָבן אויסגעמאָרדעט אין דובאסאר. (זאָל דאָ פארצייכנט ווערן אז דער פילאדעלפיער ברענטש האָט פיל בייגעטראָגן צו דער פארפלאנצונג פון די ערשטע 10,000 בוימער). צו אונזער גרויסן ווייטיק איז אברהם סאבעל, וואָס האָט זיך מיט לייב און לעבן אפגעגעבן דער דאזיקער אונטערנע־מונג, פלוצים געשטאָרבן פון א הארץ־שלאג אין עלטער פון קוים 48 יאָר. ביז היינט ווארטן 8,500 נשמות, אז אין זייער אָנדענק זאלן פארפלאנצט ווערן אין דער ארץ־ישראל ערד די בוימער צו וועלכע זיי האָבן נאָך נישט זוכה געווען...



אויפן וועג צו מיין פאבריק האָט אין משך פון וואָכן און חדשים משה פעלדמאַן אויסגעחלומט דעם געדאנק פון א „יזכור בוך", וואָס זאָל כולל זיין דאָס פארצווייגטע קאָלירפולע לעבן און שאפן פון דער יידישער דובאסאר אין פארלויף פון דורות, וואו חלומות פון יוגנט און לעבנס חכמה פון זקנים האָבן זיך געפּארט, וואו עס זאָל פארצייכנט ווערן פאר די קומענדיקע דורות דער לעבנס שטייגער פון א יידישער קהילה אין דרום רוסלאנד, ביים דניעסטער. אירע וואכן טעג און שבתים און ימים טובים, אירע טרויער טעג און אויפגעשיינטע האָפנונגען. א בוך וואָס זאָל פארצייכנען דעם יחיד און דעם כלל, אלט און יונג, גרויס און קליין, קרוביש נאָנטקייט און שטעטלשע היימישקייט.

טעג און נעכט האָבן מיר געחלומט דעם „יזכור חלום", נישט באמערקנדיק ווי עס פארלויפן דערווייל טעג, וואָכן און יאָרן. די רייען פון די דובאסארער ווערן שיטערער, ערשט נעכטן יונגע ווערן אלט, און היינט זוכן זיי אויסצולעבן זייער עלטער שטיל און רואיק אין זייערע פאַרהאָרעוועטע אויסגעוואַרימטע ווינקעלאַך...

און פלוצים, אין יאָר 1961, איז ער משה פעלדמאַן ערנסט קראנק געוואָרן. ער איז געפאַלן צו בעט און זיך מער נישט אויפגעהויבן. שוין אויפן קראנקן בעט האָט ער ווייטער געוועבט דעם חלום פונם „יזכור בוך". ער האָט ליידער נישט דערלעבט אים זען אָפּגעדרוקט.

כ'האָב משה פעלדמאַנען, מיין טייערן חבר, געבראַכט צו קבורה און זיך דערפילט שרעקליך פאריתומט. כ'בין אָבער נישט געוואָרן אפּהענטיק. ערשט נאָך זיין טויט האָב איך דערשפּירט די גרויסע אחריות וואָס איז פלוצים געפאלן אויף מיינע פלייצעס. צום גליק האָבן די דובאסארער לאַנדסלייט אין ישראל אויף זיך גענומען די ארבעט פון זאמלען מאטעריאַלן און צוזאמענשטעלן דעם ספר, און דאָס „יזכור בוך", וואו עס



דובאסארער אין אמעריקע. אין די טעג פון דער הילפס אַקציע פאַר די דובאסארער לעבן געבליבענע אין רוסלאַנד. הערי שיר, משה פעלדמאַן, הענע שיר און איר שוועסטער טייטלבוים פון אַרגענטינע.

דובוסראים באמריקה. בימי מפעל העזרה לניצולי דובוסרי ברוסיה.
בתמונה: הרי שיר, משה פלדמן, הנה שיר ואחותה טיטלבוים מארגנטינה.

ווערן אריינגעשריבן אויך די דאָזיקע שורות פון אונזער באשיידענער ארבעט אין אמעריקע, איז א פאקט — א מצבה פאר א יידישער קהילה וואָס האָט געלעבט, געשאַפן, געטרוימט און זיך געפרייט, געקעמפט און טראגיש פארשניטן געוואָרן צוזאמען מיט הונדערטער אנדערע יידישע קהילות, וואָס דער ארכי־רוצח האָט אויפגעהויבן אויף זיי זיין מערדערישע האנט.

געוועזן א יידישע קהילה אין דובאסאר און איז מער נישטאָ. זאָל דאָס דאָזיקע בוך זיין אן אנדענק פאר איר.

ל. רובין (בואנוס־אירס)

# דובוסראים בארגנטינה

ביום 25 ביולי 1948 התכנסו בביתו של בן-עירנו ברנרדו גורביץ ע״ה 11 אנשי דובוסרי, שבזמנם היגרו לארגנטינה, כדי לקבל את פניו של משה פלדמן המנוח מניו-יורק לשמוע מפיו את הסיפור הדרמטי על השמדת הקהילה היהודית בדובוסרי והטבח האיום שערכו הרוצחים הנאצים באחינו בעיר מולדתנו.

עם תום סיפורו המזעזע של בן-עירנו-אורחנו, הוחלט בו במקום להקים ועד-חירום, שמתפקידו היה לבוא במגע עם כל יוצאי דובוסרי הנמצאים בארגנטינה ולגייסם למפעל עזרה עבור שארית הפליטה של קהילתנו הנכחדת. נבחר ועד בהרכב החברים: ברנרדו גורביץ, משה וינוקור, הרשל ירוזלימסקי וכותב הטורים האלה, שניגש מיד לעבודה מעשית. כתובות של יוצאי דובוסרי לא היו ולא קל היה לאתר את כל בני עירנו החיים בארגנטינה, אלא שהועד התגבר על קושי זה ועל קשיים נוספים ותוך זמן קצר נערכה מגבית בין רוב יוצאי דובוסרי ולחבר משה פלדמן בניו-יורק, שעמד בקשר עם ניצולי עירנו, הועבר המשלוח הכספי הראשון.

עם ביצוע מפעל העזרה הראשון שהיה ספונטאני, הוברר לנו כי בזה לא תם תפקידנו וכי כהמשך למפעל הראשון צריכה לבוא פעולה מאורגנת ואינטנסיבית בשלושה כיוונים: א) הקמת קשר ישיר עם הנמלטים, כדי להקל באמצעות סיוע חמרי את המצוקה בה היו שרויים; ב) להבין ולהוכיח להם כי אחיהם בארגנטינה לא ישכחום ולא יטשום; ג) להקים גוף ציבורי קבוע, שיטיל על עצמו ביצוע שני התפקידים הראשונים, אשר יכלול בתכנית עבודתו גם פעולה תרבותית במטרה ליצור פינה משפחתית בשביל יוצאי דובוסרי ברוח הווי עיר המולדת, שתוכל גם לעמוד נגד רוחות הטמיעה המנשבות ברחוב היהודי בארץ זו.

כרגיל, כל התחלות קשות. לא בנקל הצלחנו לכנס מחדש את יוצאי דובוסרי וליצור קשר ביניהם אחרי כל כך הרבה שנים של ניכור, בהן כל אחד היה שקוע במאבקו האישי להסתדר ולהשתרש בארץ החדשה. השתמשנו באמצעים שונים: פנינו למצפון, עוררנו רגשי אחווה, זכרונות שנשכחו במשך שנים, וקמעה קמעה, תודות לעמלם המסור של קומץ פעילים, נענה רוב יוצאי עירנו ובכוחות משותפים יסדנו את האירגון של יוצאי דובוסרי בארגנטינה.

עמיתנו משה פלדמן מניו-יורק מסר לידנו רשימה של נמלטי דובוסרי הפזורים על פני רוסיה כולה, ולכל אחד מהם, על פי כתובתו הפרטית, שלחנו חבילות מזון, בגדים, גם חרפיים וגם קיציים, כלי בית שונים וכן תרופות. מכתבי התודה מלאי ההתרגשות שקיבלנו מאחינו ברוסיה שימשו הוכחה חותכת לחשיבות מפעלנו.

משהוקלה מצוקת בני עירנו ברוסיה, החלטנו להמשיך לפעול בשטח הסיוע למען יוצאי דובוסרי במדינת ישראל. התקשרנו עם הח׳ ד. ל. גרנובסקי בתל-אביב וביקשנו מידו רשימה של בני עירנו הנמצאים בארץ הזקוקים לעזרה. כשנתקבלה הרשימה העברנו להם




אירגון יוצאי דובוסרי בארגנטינה

דובאָסאַרער לאַנדסלייט פאַראיין אין אַרגענטינע.

עשרות חבילות של מצרכים שונים, שבאותה תקופה היה מורגש מחסור בהם בישראל.

כאן נוכחנו לדעת מה גדול הסיפוק של האדם, שניתנת לו ההזדמנות לסייע לזולת. מי שראה את השמחה בה נשים וגברים שיקעו עצמם בעבודת הסיוע — בקניית המצרכים, אריזתם ומשלוח החבילות, בקור בחורף ובחום בקיץ — יכול היה להבחין מה גדול כוח הסולידריות והסיפוק הנפשי שהעזרה לזולת עשויה לגרום לעוזר. בנידון דידן נתגלמה במפעל זה ההרגשה של כופר-נפש, אשר אנהנו, המאושרים, שניצלנו מגורל אחינו האומ-ללים, חייבים לשרידי השואה.

בידוע, מצוה גוררת מצוה. עבודת הסיוע קרבה ואיחדה אותנו ועוררה את הצורך והמשאלה להזדמן לעתים קרובות גם כדי להימצא בסביבה משפחתית-תרביתית של אנשים קרובים זה לזה. תכפו המפגשים לשמוע הרצאה טובה והמסיבות הספרותיות-אמנותיות שערכנו עמדו על הרוב על רמה נאותה. את החגים הלאומיים חגגנו בצוותא, ערכנו עצרות-זכרון לאישים דגולים, ובכלל השתדלנו לנצל כל הזדמנות לקיים מצוות שבת אחים יחד.

אני רואה חובה לציין לשבח את העבודה המסורה של ועדת החברות, שהתארגנה על יד האירגון, ששקדה כי במפגשים תשרור אוירה משפחתית, על הרוב ליד שולחנות ערוכים, והחברות עצמן הכינו את הכיבוד ושימשו את הקהל. כל המפגשים הללו הוכתרו בהצלחה גם מוסרית, גם חמרית.

בכל ימי קיומו של האירגון שילבנו את הסיוע לבני עירנו מעבר לים בפעולה תרבותית ענפה וכן לא נמנענו מלתרום ביד רחבה לכל המפעלים והמגביות הכלל לאומיים והמקומיים. לא היה נשף או מסיבה שהמשתתפים לא תרמו לקרן-הקיימת והאירגון גם נרשם בספר הזהב של הקרן-הקיימת.



**פאַרוואַלטונג פון קרעדיט קאָאָפּעראַטיווע „25 דע מאַזשאָ"**

עס זיצן פון רעכטס: מאָטל שאַפּירא (וויצע פּרעזידענט), סימאָן גרינבערג (פּרעזידענט), לעאָן רובין (סעקרעטאר). עס שטייען פון רעכטס: יואל קופּערמאַן (קאַסיר), כ. סאלאטא (כערענטע),
נ. בעלינקין (אקטן סעקרעטאר), ב. ראשקאָווסקי (סינדיקאָ סופּלענטע), ד.י. וויינשטאָק (דירעקטאָר),
נ. בעלינקין (אַקטן סעקרעטאַר), ב. ראשקאָווסקי (סינדיקאָ סופּלענטע), ד.י. וויינשטאָק (דירעקטאָר),
מאלאמוד (דירעקטאָר סופּלענטע), פּ. דובנער (דירעקטאָר סופּלענטע), י. גורעוויטש (פּראָ־סעקרעטאַר), א. מעלמאַן (דירעקטאָר).



**פאַרוואַלטונג פון דובאַסאַרער לאַנדסלייט פאַראיין אין אַרגענטינע**

עס זיצן פון רעכטס: חיים וויינשטיין (קאַסיר), ישראל גורעוויטש (וויצע פּרעזידענט), לעאָן רובין (פּרעזידענט), ארנאַלדאָ מעלמאַן (סעקרעטאר), פּעדראָ דובנער (פּראָ־קאַסיר).



**די פאַרוואַלטונג און פרויען קאָמיטעט פון דובאָסאַרער לאַנדסלייט**
**פאַראיין אין ארגענטינע אין יאר 1953, צום 5טן אניווערסאר פונם פאראיין.**

פון רעכטס זיצן די פרויען: פאולינא וועקסלער, מאני דובנער, פאולינא מעשביין, דאָרא גרינבערג, חומע רובין, חנה זעלצער, רבקה סאמאָילאָף, זשעני זעלצער, ראָסא איצקאָוויטש, מרים בראָדסקי. עס שטייען: פסח דובנער, זאב פּאָלינסקי, שמעון גרינבערג, לוי יערוסאלימסקי, לעמל רובין, מ. ווינאָקור, הערשל יערוסאלימסקי, אייזיק מעלמאן, משה איצקאָוויטש, חיים צירולניק.

בבית-העלמין היהודי בטבלדה (בואנוס-איירס), המקום שבו הקים הישוב היהודי בארגנטינה מצבת-זכרון ל-6 מיליון הקדושים שניספו מידי הנאצים ועוזריהם, מתאספים בבית-העלמין על יד המצבה כל בני עירנו בארגנטינה ומתייחדים עם זכרם של 18.500 קדושי עירנו, אשר כנופיות הרוצחים הנאציים השמידו בדובוסרי. בדברי הספד ובאמירת „קדיש" ננעלת עצרת האבל.

כאשר בני עירנו במדינת ישראל ובתפוצות הביאו את היוזמה להנציח את קדושי דובוסרי ע"י נטיעת חורשה על שמם ב„יער הקדושים" בדרך לירושלים, הרימונו תרומה ניכרת לביצוע היוזמה. בהזדמנות זו יורשה לי לקבוע עובדה: בעת שפעילי יוצאי דובוסרי דנו בשאלת הצורה של ההנצחה, היה האירגון בארגנטינה שהציע נטיעת חורשה של



**דובוסראים בארגנטינה, ע"י מצבת הקדושים בבית העלמין בטבלדה (פרבר בבואינוס איירס).**

**דובאָסאַרער אין אַרגענטינע ביי דער מצבה פון די קדושים אויפן בית עלמין אין טאבלאדא (א פאָרשטאָט לעבן בוענאָס איירעס).**

10.000 עצים ב„יער הקדושים". ולבסוף, משנתגבשה היזמה להוציא ספר „יזכור" להנצחת קהילתנו, העמיד האירגון את עצמו לרשות היזמה ותרם את חלקו להגשמתה.

✶ ✶ ✶

בהמשך הזמן הוקטנה והלכה פעולת הסיוע, ואילו הפעולה התרבותית של האירגון

סבלה מחוסר תנאים נאותים. אז הבשיל הרעיון לייסד קואופרטיב לאשראי, אשר באמצ-עותו יווצר הבסיס הכספי לרכישת בית, שישמש מקום מיפגש ליוצאי דובוסרי וכן יהיו בו תנאים נאותים לפיתוח פעולה תרבותית ענפה.

בשנת 1955, בישיבה מורחבת, הונח היסוד למוסד הקואופרטיבי שלנו. נבחרה הנהלה בהרכב דלקמן: שמעון גרינברג — יו"ר; הרשל ירוזלימסקי ע"ה — גזבר; וכותב הטורים האלה — מזכיר. כאן רואה אני צורך לציין, שאע"פ שמר שמעון גרינברג עצמו אינו יוצא דובוסרי — אשתו דבורה היא בת עירנו — קשור הוא לעיר מולדתנו וליוצאיה, כאילו נולד בה. תודות לכשרונו ונסיונו הרב בענינים קואופרטיביים, הוזמן מר גרינברג לעמוד בראש המוסד החדש. ואכן הודות לנסיונו ועבודתו המסורה התפתח הקואופרטיב יפה ולא עברו ימים מרובים והוא רכש בית גדול עם כל הנוחות לפעולה תרבותית ענפה של אירגוננו. לימים הצטרפו לקואופרטיב אנשים חדשים, לאו דוקא יוצאי דובוסרי, ולשבח יוגד כי יחסם לארגוננו הנו חיובי בהחלט והקואופרטיב מוסיף לתמוך מבחינה כספית ומוסרית כל פעולה של אירגוננו.

דומני שזה המקרה היחיד, בכל אופן בארגנטינה, אשר מוסד כספי-כלכלי קם לא על יסוד צרכים חמריים, אלא צמח מתוך אירגון של בני עיר שמטרתו — הגשת סיוע לפליטי השואה וטיפוח חיי תרבות של קבוצת יהודית הקשורים ביניהם ע"י מסורת וזכרונות משותפים. למעשה לא נוסד הקואופרטיב כדי להוסיף עוד מוסד כספי ליהודי ארגנטינה, אלא לשמש משען לאירגון יוצאי דובוסרי, שהוא עצמו מהווה מוסד תרבותי ומרכז לחיים יהודיים אינטנסיביים.

ל. **רובין** (ב. איירעס)

# דובאסארער אין ארגענטינע

דעם 25־טן יולי 1948 האָבן זיך פאַרזאַמלט עלף דובאסארער לאנדסלייט אינם הויז פון בן־עיר בערנאַרדא גורעוויטש ע"ה, אויפצונעמען דעם גאַסט פון ניו־יאָרק, דעם ערשט נישט לאַנג פאַרשטאָרבענעם משה פעלדמאַן ז"ל, און אויסהערן זיין דראַמאַטישע שילדערונג וועגן אונטערגאַנג פון דער יידישער קהילה אין דובאַסאַר און שרעקליכן בלוטבאָד וואָס די נאַצישע רוצחים האָבן דורכגעפירט איבער אונזערע ברידער אין אונזער היים־שטאָט.

„נאָכן אויסהערן די טראַגישע שילדערונג ווערט באַשלאָסן איינשטעלן אַן עמערגענץ קאָמיטעט, וואָס זאָל זיך גלייך שטעלן אין קאָנטאַקט מיט די דובאַסאַרער אין אַרגענטינע און זיי מאָביליזירן אויף צו שאַפן מאַטעריעלע הילף פאַר דער שארית הפליטה פון אונזער געוועזענער קהילה.

דער אויסגעוויילטער קאָמיטעט אין באַשטאַנד פון בערנאַרדאָ גורעוויטש, משה

ווינאַקור, הערשל יערוסאַלימסקי און דער שרייבער פון די שורות איז גלייך צוגעטראָטן צו פּראַקטישער אַרבעט. אַדרעסן פון די פּאַראַנענע לאַנדסלייט זיינען נישט געווען, דאָך האָט דער קאָמיטעט אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט זיך פאַרבונדן מיט זיי און גובר זייענדיק פאַרשידענע אַנדערע שוועריקייטן איז גלייך דורכגעפירט געוואָרן אַ קאַמפּיין און אָפּגעשיקט געוואָרן די ערשטע געלט זאַמלונג צום חבר משה פעלדמאַן אין ניו־יאָרק, וואָס איז געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט די על פּי נס לעבן געבליבענע דובאָסאַרער יידן.

נאָך דער ערשטער ספּאָנטאַנער הילפסאַקציע איז אונז געווען קלאָר, אַז עס דאַרף איר נאָכפאָלגן אַן אָרגאַניזירטע אינטענסיווע הילפסאַרבעט, דורך וועלכער, ראשית: מיר דאַרפן זיך שטעלן אין דירעקטן קאָנטאַקט מיט די לעבנסגעבליבענע, כדי צו לינדערן דורך מאַטעריעלער הילף זייער נויט; והשנית: זיי געבן צו פילן אַז מיר, זייערע ברידער



רב (בערנאַרדאָ) גורעוויטש ז״ל.

אין אַרגענטינע, וועלן זיי נישט פאַרלאָזן און נישט פאַרגעסן; והשלישית: שאַפן אַ קערפּערשאַפט וואָס זאָל אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן דורכפירן די אויבנדערמאַנטע אויפגאַבן, נישט פאַרנאַכלעסנדיק גלייכצייטיק די דובאָסאַרער לאַנדסלייט אין אַרגענטינע דורך איינשליסן אין דער פאַריינס טעטיקייט קולטור אַרבעט, שאַפנדיק פאַר דער לאַנדסמאַנ־שאַפט אַ פאַמיליאַרע סביבה, וואו זי זאָל זיך קענען גייסטיק אויסלעבן אינם טראַדי־ציאָנעלן שטייגער פון דער אַלטער היים, אַ סביבה וואָס זאָל זיך אויך קענען אַקעגנשטעלן די אַסימילאַציע ווינטן וואָס בלאָזן אין די יידישע היימען.

ווי דער שטייגער — זיינען כל התחלות קשות. גאָר שווער איז געווען דאָס צוזאַמענקלייבן די לאַנדסלייט און דאָס פאַרבינדן זיי פונדאַסניי נאָך אַזוי פיל יאָרן אָפּגעפרעמדקייט, ווען יעדער האָט געפירט זיין פערזענליכן קאַמף זיך איינצואָרדנען אין נייעם לאַנד. מיר האָבן אַפּעלירט צום געוויסן, אַרויסגערופן סענטימענטן, זכרונות וועלכע זיינען אין פאַרלויף פון יאָרן פאַרגעסן געוואָרן, און צוביסלאַך, אַדאַנק דער

איבערגעגעבענער ארבעט פון אפאָר אַקטיוויסטן, האָבן זיך דער רוב לאַנדסלייט אָנגע־רופן און מיט געמיינזאַמע כוחות זיינען מיר צוגעטראָטן רעאַליזירן דעם פּלאַן פון אויפשטעלן אין אַרגענטינע א דובאסארער הילפס־פאַריין.

ביי משה פעלדמאַן אין ניו־יאָרק האָבן מיר געבעטן די רשימה פון געראטעוועטע דובאסארער, צעשפּרייטע איבער גאַנץ רוסלאנד, און יעדן אויף זיין אַדרעס האָבן מיר איבערגעשיקט פּעקלאך שפּייז, מלבושים, ווינטערדיקע און זומערדיקע, פארשידינע הויז זאכן און אויך מעדיקאמענטן, פאר וועלכע מיר האָבן באקומען הארצרייסנדיקע דאַנק בריוו.

ווען די נויטן פון די דובאסארער אין רוסלאנד זיינען געלינדערט געוואָרן האָבן מיר באַשלאָסן פארצוזעצן די טעטיקייט פאר די נויטבאדערפטיקע לאנדסלייט אין ארץ־ישראל. מיר האָבן זיך פארבונדן מיטן חבר ד. ל. גראנאָווסקי אין תל־אביב און ביי אים געבעטן א רשימה פון די לאנדסלייט וואָס דארפן הילף און זיי ארויסגעשיקט צענדליקער פּעקלאך פון אלערליי פּראָדוקטן.

דאָ האָבן מיר זיך איבערצייגט אין דער ריכטיקייט פון געדאַנק, אז די סאטיס־פאקציע פון דעם העלפער שטייגט אמאָל איבער דעם גענוס פון געהאָלפענעם. מען האָט געדארפט זען מיט וואָס פארא ענטוזיאזם און פרייד מענער און פרויען האָבן זיך אריינגעוואָרפן אין דער הילפסארבעט, ביים איינקויפן די פּראָדוקטן, פארפאקעווען זיי און אָפּשיקן די פּעקלאך, נישט אָפּשרעקנדיק זיך פאר קעלט ווינטער און פאר היץ



פרויען קאמיטעט ביים דובאסארער פאראיין אין אַרגענטינע. זיצן פון רעכטס צו לינקס: פּאַלאַ מעשביי, נחמה רובין, רבקה סאמוילאָף, אַנאַ מעלמאַן, זשעני זעלצער. שטייען: פּאולינא וועקסלער, מרים וויינשטיין, קאטאלינא זיעלער, מרים דובנער, קלאַראַ בראַילאָווסקי.

ועדת נשים ע״י אגודת יוצאי דובוסרי בארגנטינה.

זומער — כדי צו באגרייפן ווי גרויס עס איז דער כוח פון ברידער סאָלידאַריטעט און די נשמה פרייד פון קענען העלפן. אין אונזער פאל איז עס אויך געווען א מין כופר נפש, וואָס מיר די גליקלעכע, האָבנדיק זיך געראטעוועט אין צייט, האָבן אויסגעמיטן דעם אומקום וואָס האָט געטראָפן אונזערע אומגליקליכע ברידער אין דער אלטער היים.

ווי דער שטייגער — מצווה גוררת מצווה. די הילפס ארבעט האָט אונז פונדאסניי פאראייניקט און אַרויסגערופן דעם וואונטש זיך אָפטער צוזאמענצוקומען, כדי זיך גייסטיק קולטורעל אויסלעבן אין אַ נאָענטער היימישער סביבה. אונזערע אָפטע צוזאַמענטרעפן ביי רעפעראטן, ליטעראַרישע און קינסטלערישע אונטערנעמונגען זיינען געשטאַנען אויף א גאָר הויכן ניוואָ. מיר האָבן גענומען פייערן צוזאמען די נאציאָנאלע ימים טובים, דורכפירן געדענק־אָוונטן פאר יידישע און נישט יידישע פערזענליכקייטן, און בכלל אויסגענוצט יעדע געלעגנהייט פון שבת אחים יחד.

איך געפין פאַר נויטיק אונטערשטרייכן די אומדערמידליכע איבערגעגעבענע אַרבעט פון פרויען קאָמיטעט, וואָס האָט זיך אָרגאניזירט ביים פאַריין, וואָס האָט געזאָרגט אז די צוזאַמענטרעפן זאָלן דורכגעפירט ווערן אין א געמיטליכן פאמיליערן אמביענט, אָפט ביי געדעקטע טישן, צוגעגרייט און סערווירט טאַקע דורך די פרויען זעלבסט. די דאָזיקע צוזאַמענקונפטן האָבן תמיד געהאַט א מאַטעריעלן און מאָראַלישן דערפאָלג.

אין משך פון דער עקזיסטענץ פון פאריין האָבן מיר דורכגעפירט א פאַרצווייגטע הילפס און קולטור־ארבעט, איינשליסענדע באשטייערונגען פאר אלגעמיין נאַציאָנאַלע און ארטיקע געזעלשאפטליכע באדערפענישן. זאמלונגען פארן קרן־קיימת האָבן באגלייט אַלע אונזערע אונטערנעמונגען. דער פאריין אלס דובאסארער לאנדסמאנשאפט איז אויך פארצייכנט אין ספר הזהב פון קרן־קיימת.

צו פאראייביקן דעם אנדענק פון אונזער חרוב געוואָרענער קהילה אין דובאסאר, האָבן מיר אויפן בית־עולם אין טאבלאדא (בוענאָס־איירעס), וואו דאָס ארגענטינער יידנטום האָט אויפגעשטעלט א מאָנומענט צו פאראייביקן דעם אנדענק פון די 6 מיליאָן קדושים, אומגעקומענע דורך די נאציס, געשטעלט א טאָוול לזכר דער חרוב געוואָרענער היים־שטאָט. יעדעס יאָר זאַמלען זיך צונויף די דובאָסאַרער לאַנדסלייט מיט זייערע פאַמיליעס אויפן בית־החיים און ריכטן אָפּ יאָרצייט נאָך די 18,500 קדושים וואָס די היטלער באנדעס האָבן אומגעבראכט אין דובאסאר. מיט א הספד נאָך די אומגעקומענע און א קאָלעקטיוון קדיש ווערט דער יאָרצייט געשלאָסן.

ווען עס איז געבוירן געוואָרן די איניציאַטיוו ביי די דובאסארער אין ארץ־ישראל און אין די תפוצות צו פאראייביקן אונזערע קדושים דורך פלאנצן אויף זייער נאָמען א וואַלד אין „יער הקדושים״ פון קרן־קיימת, אויפן וועג קיין ירושלים, האָבן מיר בייגעטראָגן א באַדייטנדן חלק צו רעאַליזירן די דאָזיקע איניציאַטיוו. איך האָף אז מען וועט עס נישט אויסטייטשן אַלס גאווה אויב איך וועל פעסטשטעלן, אז בעת מען האָט דעבאטירט די פראגע אויף וואָס פאר אן אופן דובאסארער יידן אויף דער וועלט דארפן פאראייביקן דעם אנדענק פון אונזער אויסגעהרג׳עטער קהילה, איז די איניציאטיוו צו פלאנצן א וואלד פון 10,000 ביימער אין „יער הקדושים״ געקומען פון ארגענטינער הילפס־פאריין.

און צום סוף ווען עס איז געבוירן געוואָרן דער געדאנק ארויסצוגעבן דאָס דאָזיקע

געדענק בוך, האָט זיך אונזער פאראיין גלייך געשטעלט צו דינסט פון דער אידיי און אויך בייגעטראָגן זיין חלק צו איר רעאליזאציע.

מיטן פארלויף פון דער צייט האָט זיך די הילפס ארבעט פונם פאראיין ביז גאָר פאַר־קלענערט און די קולטור ארבעט וואָס דער פאראיין פירט אויס האָט געפאָדערט בעסערע באקוועמליכקייטן, וואָס זיין ערשט וואוינאָרט האָט נישט פארמאָגט. דאַן האָבן די אקטי־וויסטן פונם פאראיין באשלאָסן גרינדן א קרעדיט קאָאָפעראטיוו, וואָס זאָל שאפן די פינאַנציעלע באַזע פאַר אַן אייגן הויז, וואָס זאָל פאַרמאָגן די נויטיקע באַדינגונגען פאַר אַ מער אויסגעברייטערטער קולטור טעטיקייט און זאָל אויך דינען אלס היים פאר די דובאסארער לאנדסלייט און זייערע פאמיליעס אויסצולעבן זיך אין א היימישער טראדי־ציאַנעלער סביבה.

־אין יאָר 1955 איז אויף אַן אויסגעברייטערטער זיצונג געלייגט געוואָרן דער יסוד פאַר דער קרעדיט קאָאָפעראַטיוו. עס איז אויסגעוויילט געוואָרן אַן עקזעקוטיוו אין באשטאנד פון שמעון גרינבערג, הערשל יערוזאלימסקי ע״ה און דער שרייבער פון די שורות, פרעזידענט, קאַסיר און סעקרעטאר רעספעקטיוו. דער פרעזידענט ה׳ שמעון גרינבערג איז אפילו נישט קיין דובאסארער, זיין פרוי דבורה איז א בת־עיר. ער פילט זיך אָבער צוגעבונדן צו אונזער היים־שטאָט און לאנדסלייט, גלייך ווי ער וואָלט געווען א געבוירענער אין דובאסאר. אדאנק זיינע דערפאַרונגען און פראקטיק אין קאאפעראַטיווע ענינים, איז ער איינגעלאַדן געוואָרן צו שטיין אַן שפיץ פון דעם ניי געגרינדעטן אנשטאַלט. אַדאַנק זיינע פעאיקייטן און דער איבערגעגעבענער צוזאמענאַרבעט פון דעם אויסגעוויילטן קאָאָפעראטיוון ראט, האָט דער קאָאָפעראטיוו געמאַכט גרויסע פאָרשריט און נאָך א רעלאטיוו קורצער צייט איז דערווארבן געוואָרן אן אייגן הויז מיט די געהעריקע באקוועמ־ליכקייטן פארן פאראיין דורכצופירן זיין קולטור ארבעט. אין משך פון דער צייט האָט דער קאָאָפעראטיוו אריינגעצויגן נייע פרישע כוחות, נישט דוקא קיין דובאסארער. זייער באציאונג אָבער צום פאראיין איז ביז גאָר א פאָזיטיווע און דער קאָאָפעראטיוו שטיצט ווייטער פינאנציעל און מאָראליש אלע אונטערנעמונגען וואָס דער פאראיין פירט דורך.

איך גלויב אַז דאָס איז אפשר דער איינציקער פאל וואָס א פינאנציעל־עקאָנאָמישע אינסטיטוציע איז נישט געבוירן געוואָרן אויפן יסוד פון מאטעריעלע באדערפענישן, נאָר איז אַרויסגעוואַקסן פון אַ לאַנדסלייט פאראיין וואָס זיין צוועק איז הילף פאר די לעבנס־געבליבענע נאָך דער גרויסער קאַטאַסטראָפע וואָס עס האָט געטראָפן אונזער פאָלק בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, און פלעגן א פארצווייגט קולטור לעבן פון א גרופע ייִדן, וועמען עס פארבינדן געמיינזאמע זכרונות און טראדיציעס. פאקטיש איז דער קאָאָפעראטיוו געגרינדעט געוואָרן נישט כדי צו פארמערן די צאָל פינאנץ אינסטיטוציעס פון ארגענטינער יידן, נאָר צו דינען אלס אָנשפאר פאר דעם דובאסארער לאנדסלייט פאראיין, וואָס איז פאר זיך אליין א קולטור אינסטיטוציע און א ווינקל פון אינטענסיוו יידיש לעבן.

* * *

פאָלגענדע ארגענטינער אינסטיטוציעס האָבן בייגעטראָגן מיט געוויסע סכומים אויף צו שאפן די פאָנדן ארויסצוגעבן דעם דובאסארער ספר הזכרון:

קרעדיט קאָאָפעראטיווע, „25 ד׳ע מאזשאָ” — פרעזידענט סימאָן גרינבערג;



**דובאסארער לאנדסלייט פאַראיין אין אַרגענטינע. נחמה רובין באַערט דעם ה׳ בערנאַרדא גורעוויטש מיט אַ זילבערנעם ארדן פאַר זיין איבערגעגעבענער אַרבעט פאַר די דובאסארער לעבן געבליבענע.**

**נחמה רובין עונדת אות הצטיינות עשוי מכסף לדב גורביץ לציון עבודתו המסורה עבור ניצולי דובוסרי.**

קרעדיט קאָאָפּעראטיווע „פּאלערמאָ״ — פּרעזידענט נאטאליאַ איידנער;
האנדעלס קאָאָפּעראטיווע „קאנגאזשאָ״ — פּרעזידענט נאטאליא ניגעליס;
קרעדיט קאָאָפּעראטיווע „בוענאָס איירעס״ — פּרעזידענט ישראל דאווידאָוויטש;
קרעדיט קאָאָפּעראטיווע „בעסאראביא״ — פּרעזידענט דאוולא דערקי;
בעסאראבער פאראיין — פּרעזידענט חיים חיות;
פאראיין פלאָרעס נארטע — פּרעזידענט ישראל ליעזשין.

פיל מיטגעהאָלפן דעם פריינד ל. רובין אין דער ארבעט פון שאַפן פאָנדן פארן יזכור בוך האָבן די הערן ישראל גורעוויטש און ארנאָלדאָ מעלמאן — וויצע פּרעזידענט און סעקרעטאר פון דובאסארער פאראיין אין ארגענטינע.

# א ווענדונג פון דובאסארער יידן צו זייערע לאַנדסלייט אין ארגענטינע

צוגרייטנדיק די מאטעריאלן פאר דעם ספר, האָבן מיר באקומען פון ה׳ בערנארדא (בערל) גורעוויטש ע״ה, א דובאסארער, וואָס האָט זייט די פריע צוואנציקער יארן געלעבט אין ארגענטינע, א צייטונגס אויסשניט, דערשינען אין וועטעראַן פון דער יידישער פרעסע אין ארגענטינע „די יידישע צייטונג״, דעם 17־טן סעפטעמבער 1926, בין כסה לעשור, אין פארבינדונג מיט א ווענדונג פון דובאסארער יידן צו זייערע ארגענטינער לאַנדסלייט, זיי העלפן אויפשטעלן א נייעם פלויט ארום דעם בית־עולם.

זייער ווייניק אינפארמאציע האָבן מיר וועגן דער תקופה זייט דער קאָמוניסטישער רעזשים האָט זיך באפעסטיקט אין אוקראינע ביז די היטלער אינוואזיע אין יאָר 1941. דער דאָזיקער בריוו אונטערגעשריבן פון די אנגעזעענסטע בעלי־בתים אין דובאסאר, דעם רב און די שוחטים, שטעלט מיט זיך פאר טראָץ זיין קורצקייט א דאָקומענט, וואָס וואַרפט אַ ליכט וועגן לעבן און נויטן פון א יידישער קהילה אונטערן סאָוויעטישן רעזשים אין די צוואנציקער יאָרן. מיר ברענגען אים דאָ לויט ווי ער איז געווען פארעפנטליכט אין „די יידישע צייטונג״ אין דער יידישער איבערזעצונג (דער בריוו איז געשריבן אין העברעאיש. ליידער האָבן מיר ניט דעם העברעאישן אָריגינאַל און מיר ברענגען אים ווי ער איז דערשינען אין דער בוענאָס־איירעסער יידישער צייטונג).

די ווענדונג איז געווען אדרעסירט צו די הערן ב. גורעוויטש, בענדערסקי און יצחק דיין.

„מיר אונטערגעשריבענע איינוואוינער פון דובאסאר בעטן אייך צונויפזאמלען נדבות פאר א נייעם פלויט ארום דעם בית עלמין. זייט דער צייט פון הונגער איז אונזער שטאָט פאראָרימט געוואָרן און מיר האָבן נישט די מעגליכקייט אלעס וואָס איז נויטיק פארן בית־הקברות. דער בית עולם איז צוליב פילע טויט פאלן פארפולט געוואָרן און מיר האָבן געמוזט איב פארגרעסערן.

גאָט וועט אייך אין דעם זכות פון אייער ברייטהארציקייט אָנצייכנען צום לעבן.

די צונויפגעזאַמלטע געלטער בעטן מיר אייך שיקן אויפן אַדרעס פון הרב שמואל ראבינאָוויטש, דובאסארער רב, און אויף די נעמען פון ר׳ דוד טאבין און דוד ליפשין. אונטערגעשריבענע:

שמואל פנחס ראבינאוויטש בהרב ר׳ חיים שמעון, מורה הוראה דפה; א. קראמאר, שו״ב דפה; מ. צ. בראנפמאן, בן־ציון בר׳ אפרים ז״ל שו״ב גרינבלאט; מ. בר׳ אלקנה שו״ב ושוחט; א. פילטשיקאוו, ז. בענדערסקי, ד. ליפשין, ד. ראבינאוויטש, א. מיוחס, ש. וואלאוויג, י. מלמד, י. ה. סאדעצקי, י. קורוויץ, י. קויפמאן, ז. שדענקין, מ. ריווילים.״

אלס רעזולטאַט פון דער ווענדונג האָט ה׳ ב. גוראוויטש פארעפנטליכט אַן אויפרוף דורך „די יידישע צייטונג״ צו די דובאסארער אין ארגענטינע און שכנות׳דיקע לענדער בזה הלשון:

„מיר אונטערגעשריבענע בעטן אייך אונז דערלויבן זיך ווענדן דורך „די יידישע צייטונג" צו אונזערע בני עיר, ווי אויך צו אלע יידן וואָס ביי זיי איז טייער די מצווה פון חסד של אמת. די אלע וואָס וועלן לייענען די בקשה פון די בעלי־בתים פון אונזער שטאָט דובאסאר וואָס ווערט דאָ געבראכט, זאָלן אין די טעג פון ימים נוראים זיך דערמאנען אָן זייערע ליבע פארשטאָרבענע, פאר וועלכע זיי קענען שוין מער גאָרנישט טאָן חוץ ווי א חסד של אמת. יום־יכפור צו הזכרת נשמות זאָל יעדער פון אייך מנדר זיין פאר דער גרויסער מצווה מיט וועלכער אונזערע אָרימע פריינד פון יענער זייט ים זיינען אונז מזכה, ובזכות זו וועלן מקויים ווערן די אלע ברכות וואָס זיי שיקן אונז צום נייעם יאָר.

בערנארדא גוראוויטש".

די דאזיקע אקציע וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן דורך ב. גוראוויטש און נחום פעק האָט אריינגעבראכט די סומע פון 180 דאָלער, וואָס איז אריבערגעשיקט געוואָרן קיין דובאסאר אויפצושטעלן א פלויט ארום בית־עולם.

לואיס (אליעזר) טשערניק

# עפּיזאדן פון מיין יוגנט אין דובאסאר

ווי איך דערמאן זיך האָט זיך אין ערשטן צענדליק פון דעם יאָרהונדערט געגרינדעט אין דובאסאר א טעאַטער טרופּע, צוזאמענגעשטעלט פון אייגענע כוחות. דער פאָטער פון דער טרופּע איז געווען בודעינסקי, א ייד א טרוימער, א אידעאַליסט, מיט אַ נשמה פון אַ קינסטלער. אליין איז ער גאָר געווען אַ ווענט און שילדן מאלער, אַן ארבעט וואָס ער האָט זי, אגב, זייער גוט געמאַכט. וואָס פאר א שייכות ער האָט פריער געהאַט צו טעאַטער ווייס איך נישט, איך ווייס נאָר אז אין א העלן טאָג האָט ער צוזאַמענגערופן די יוגנט, מערסטנס פריקאזטשיקעס פון די קלייטן און פאר זיי פאָרגעבראכט דעם געדאנק אַנהויבן שפּילן טעאַטער פאר די דובאסארער יידן.

איך געדענק מיט וואָס פארא התלהבות מיר האָבן אויפגעכאַפּט דעם געדאנק און מיט אונזער גאנצן יוגנטליכן ברען האָבן מיר זיך אין די אָוונטן א נעם געטאָן צו די פּראָבן. צוערשט האָט ער מיט אונז איינגעקנעלט וואָס איז אזוינס טעאַטער, אונז איבערגעגעבן פארשידענע כללים פו שפּילן און דאַן זיך גענומען צו דער ארבעט.

מיר האָבן אויפגעפירט פאַרשידענע פּיעסן, זיך פארמאָסטן אפילו מיט גאָרדינס „גאָט, מענטש און טייפל" און פּיעסן פון אנדערע מחברים. אונזער שפּילן האָט אויס־גענומען און אונזער טרופּע האָט אַריינגעבראכט פיל פרייד און יום־טוב'דיקייט צווישן דובאסארער יידן. די הויפּט אקטיאָרן זיינען געווען הערשל און שמואל פאסטאלאוו, יעקב ניסענבוים, שכנא העפּטער, יאָסל קיפּניס א. א. פון די מיידלאך געדענק איך: רייזל נאָווימייל, נעכע בערקאָוויטש און אויערבאך.

מיין ערשטן קאָנטאַקט מיט פּאָליטישע באַוועגונגען האָב איך צו פאַרדאַנקען ז ר ח פ ל א ם, א שוסטער פון פאך. ער איז ווייזט אויס געווען א אקטיווער טוער ביי די בונדיסטן אין אונזער שטאָט און ביי אים אין הויז בין איך בייגעווען דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן א געהיימע פאַרזאַמלונג פון דובאסארער יידישע סאָציאַליסטן. געקומען צו איר בין איך א דאנק זיינעם אַ יונגערן ברודער, מיט וועלכן איך בין געגאַנגען צוזאַמען אין שולע, און ער טאַקע האָט עס מיך „פאַרשלעפט" צו יענער קאָנספּיראַטיווער פאַר־זאמלונג. מען האָט דאָרט פאָרגעלייענט זאכן וואָס איך האָב האלב פארשטאַנען און האַלב נישט. זרח האָט אויך געוויזן דורך א פּראָזשעקטאָר בילדער פון פארשידענע חיות און דערביי געגעבן די געהעריקע דערקלערונגען. ווי איך פארשטיי האָט עס געדארפט זיין אַ מין פּאָפּולערע לעקציע איבער נאַטור געשיכטע. אויף מיר האָט יענע פארזאמלונג געמאכט א אייסערגעוויינליכן איינדרוק, קען זיין צוליב איר קאָנספּיראטיוון כארקטער, קען זיין צוליב דעם פּראָזשעקטאָר מיט די בילדער. אזוי צו אזוי, יענע ערשטע פאַרזאַמ־לונג מיינע אין א פּאָליטישער באַוועגוג איז פאר מיר געווען אַ גרויסע דערלעבעניש.

✶ ✶ ✶

געווען איז אין דובאסאר א יידישער דאָקטאָר — ל י י ב ע ל ע  פ א ל י נ ק א ו ו ס ק י, אַ מענטש א דימענט, געהיילט ארימע אָן געלט, און די באַפעלקערונג, בעיקר די אָרימע, האָבן אים זייער ליב געהאַט. אַלס רעגירונגס דאָקטאָר איז איינע פון זיינע אויפגאבן געווען פארהיטן די שטאָט פון עפּידעמיעס. דער דאָזיקער לייבעלע פאלינקאווסקי פלעג אין אַ שיינעם פרימאָרגן ארויפפאלן אין מארק צוזאמען מיט ניקיטא דעם גאראדאוואי (פּאָליציסט), וואָס האָט געטראָגן מיט זיך א קאן מיט קעראסין. זיי פלעגן גיין פון שטעל צו שטעל און ווי ער האָט נאָר דערזען פאוּפוילטע פרוכט אָדער קאַליע געוואָרענע שפּייז (געבעקס א.א.וו.) באַדעקט מיט פליגן און ווערים, פלעג ער גלייך הייסן ניקיטאן באגיסן די פּראָדוקטן מיט קעראסין. די פּראָדוקטן האָט שוין אפילו דער אָרימער עולם נישט געקויפט. ווער ווייסט וויפיל מענטשן, קינדער און דערוואַקסענע פאלינקאווסקי האָט פארהיט אדאנק זיין אָריגינעלן קאמפּס־מעטאָד, קעגן אַנשטעקנדיקע קראנקהייטן.

✶ ✶ ✶

געווען ביי אונז א ייד ח י י ם  פ י נ ק ע ל ש ט י י ן. אין דובאסאר איז ער געווען נאָר אַ האַלבער תושב. ער איז געווען א „פערווע גילדע" סוחר און געוואוינט אין פעטערבורג. ער האָט אַבער אסך פארבראכט אין דובאסאר, וואו ער איז געווען דער אייגנטימער פון דער גרויסער טאבאק פאבריק „לאפערם". חיים פינקעלשטיין איז געווען א ייד מיט א הדרת־פּנים און אין שטעטל האָט מען געשמועסט אז ער האָט אַ פּרייעם צוטריט צו די פעטערבורגער הויכע פענסטער. חיים פינקעלשטיין האָט באַשעפטיקט אסך מענטשן, יידן און גויים. א באזונדערן פּלאץ האָט אין זיין פאבריק פארנומען י ו ס ף  ו ו י ס א ק י, וואָס האָט פארנומען דעם אַמט אלס בוכהאַלטער. יוסף וויסאקי איז געווען א גרויסער אידעאַליסט, דער פּאַקטישער ציוניסטישער מנהיג אין דובאסאר. ווען די חברה  מ פ י צ י  ה ש כ ל ה  האָבן גענומען גרינדן חדרים מתוקנים אין די יידישע שטעט און שטעטלאך אין רוסלאנד, האָט וויסאקי איבערצייגט פינקעלשטיינען ער זאָל העלפן גרינדן א מאָדערנע שולע אין דובאסאר, וואו צוזאמען מיט די יידישע

לימודים און העברעאיש אלס גערעדטע שפראך זאָלן אויך געלערנט ווערן רוסישע און אלגעמיינע לימודים. מיט פינקעלשטיינס הילף איז געגרינדעט געוואָר די ערשטע מאָדערנע העברעאיש־רוסישע שולע ביי אונז אין שטאָט. די שולע האָט זיך געפונען אין דער שענסטער געגנט פון שטאָט, אקעגן דעם בולוואַר. זי האָט פונקציאָנירט אין אַ ציכטיקער געביידע מיט שיינע, געראַמיקע לופטיקע קלאַסן, מיט אַ שיינעם הויף פאַר גימנאַסטיק און שפילערייען. איך האָב געהאַט דאָס גליק צו זיין פון אירע ערשטע שילער.

דער ערשטער דירעקטאָר און לערער איז געווען אברהם יצחק יאגאלניצער (גולני), וואָס איז געווען א גאָט געבענטשטער פעדאַגאָג, וואָס האָט זיך זייער באַליבט געמאַכט ביי די תלמידים. צו יעדן איינעם פון אונז האָט ער זיך באַצויגן מיט ליבשאַפט ווי מיר וואָלטן געווען זיינע אייגענע קינדער. אין א קורצער צייט האָבן מיר דערגרייכט וואונדערבאַרע רעזולטאַטן. א באַזונדערע נייעס איז געווען דאָס באַנוצן זיך מיט העברעאיש אלס לעבעדיקע שפראך. ווען יאַגאָלניצער האָט באַשלאָסן צו פאַרלאָזן דובאסאר און זיך פארן באַזעצן אין ארץ־ישראל, האָבן מיר אָפּגענומען די ידיעה מיט געמישטע געפילן: מיר זיינען געווען צופרידן וואָס ער פאַרווירקליכט זיין חלום, און מיר זיינען געווען טרויעריק וואָס מיר פאַרלירן אַזאַ גוטן און ליבן לערער.

אונזער צווייטער לערער איז געווען ישראל גרינשפאַן. ער איז געווען א באַגאַבטער פעדאַגאָג און מיט אים האָבן מיר געלערנט גרינטליך די העברעאישע ליטעראַטור און יידישע געשיכטע. ער איז געבליבן אונזער וועגווייזער אויך אין די שפּעטערע יאָרן, בעת אין דובאסאר האָט זיך געגרינדעט דער פאַראיין „התחיה“, אין וועלכן עס האָט זיך אַנגעשלאָסן די בעסטע יוגנט פון שטאָט.

אונטער יוסף וויסאקיס פירערשאַפט האָבן מיר, די מיטגלידער פון „התחיה“, געפירט פראַקטישע ציוניסטישע ארבעט פאַרן קרן־קיימת, שקלים פאַרקויף א. א. דער „התחיה“ פעריאָד איז געווען איינע פון די שענסטע און פרוכטבאַרסטע עפּאָכן אין לעבן און ענטוויקלונג פון דער יידישע יוגנט אין דובאסאר.



**תלמידי הגימנסיה „הרצליה" בשנת 1912.**
**שמעון בן עמי (השני בישיבה) וחכמוביץ (האחרון בצד שמאל) — ילדים מדובוסרי שנשלחו ע"י הוריהם להתחנך בארץ.**



**קבוצת דובסראים באר־ישראל בשנת 1907**
**מימין לשמאל עומדים: אייזיק הורוויץ, יעקב מאירוב, נחום רזניק, נחום הורוויץ, אהרן הורוויץ, אליעזר גוטרמן. יושבים: שמואל גוזמן, ברכה מאירוב, ליבע פילר, ליב שוחט, שלמה ורטהיים, יוסף בן־עמי. למטה: יוסף קצף.**

דובוסראים ויגורליקאים בארץ ישראל



קבוצת דובוסראים בארץ בשנת 1923 בראשון לציון.



**יוצאי יגורליק בעין גנים**

**מימין לשמאל: מענקי ובעלה זלמן פוחיס, נעמן בן גדליה ורחל רכב, אברהם גלוזמן, אמו ואביו בנציון גלוזמן — מראשוני עין גנים; דב פוחיס ואשתו ינטה, נכדתם — מרים בת יעקב, גדליה ורחל רכב, דוד פוחיס — ממיסדי עין גנים, אשתו חיה, בנם יצחק, שנפל במלחמת הקוממיות.**

**דובוסראים בארץ־ישראל**



**בעבודת מיון הטבק בראשון לציון בשנת 1925.**
**ששת המסומנים הם יוצאי דובוסרי: 1) אברהם פייער; 2) מיכאל טומשין ז"ל; 3) מרדכי טומשין; 4) מאיר ראש; 5) ישעיהו קן־תור; 6) אברהם מושקוביץ.**



**בראשון לציון בשנת 1924. לרגל עלייתם של מיכאל ומסיה שטינברג התאספו באחת השבתות קבוצת דובוסראים גדולה בגן המושבה.**



ישראל וחנה טבצ׳ניק ז״ל; בנם יהושע ז״ל (עלה לארץ ב־1905); כלתם חיה שרה; בתם מלכה ובעלה יהושע לוין ז״ל; משה, בנימין ואריה — בני יהושע טבצ׳ניק.



המלחין הישראלי משה ביק, יליד דובוסרי מנצח על מקהלה בחיפה.

## יחיאל רזניק ז״ל

# במקום שבעלי תשובה עומדים...

ר׳ יחיאל רזניק, למדן מופלג ואיש נכבד בעירנו דובוסרי, כתב את הדפים הבאים, המיוסדים על סיפור־אגדה ידוע בקהילתנו על אודות ה„בעל־תשובה״ המפורסם שקברו נמצא בבית־העלמין הישן בדובוסרי. ר׳ יחיאל היה יליד קולוראש ונשא לאשה את בתו של ר׳ שימעלה דיין, צדיק תמים, גדול בתורה ומקובל. אחרי נישואיו — התיישב בעירנו עד עלייתו לארץ לפני למעלה מחמשים שנה. היה מתושביה הראשונים של תל־אביב, בה חי והגיע לשיבה טובה. עד ליום פטירתו בגיל 93 ב־ו׳ חשון תשכ״ג, לא פג טעמו ולא נס ליחו ושכלו נשאר צלול ממש עד לרגעי חייו האחרונים. את הדפים האלה כתב בשנת תשי״ד, בהיותו כבר זקן מופלג, קרוב לתשעים. הוא עסק בכתיבה ובמחקר ובין השאר כתב מסה בשם „דוד בבית שאול״, וכן „החיים בתקופת השופטים״.

את הסיפור־האגדה על „בעל התשובה״ כתב במיוחד בשביל ספר הזכרון הזה.

ברוך שהחיינו והגיענו... נפשי מלאה רגשי תודה להשי״ת על החסד שעשה עמי יהחייני עד כה למען אראה בפעמי המשיח, באתחלתא דגאולה. וכשם שמברכין... ברם, נפשי רצוצה ולבי ידווה על האסון האיום שהומט עלינו, על אבדן 6 מיליונים, אחינו ואחיותינו, כולם קדושים, צדיקים וחסידים, אנשי מעשה ולומדי תורה לשמה, כוכבים יקרים וזוהרים שאורם כבה לעולם. על כל אלה בוכיה נפשי.

העם היהודי גם בימי שמחתו הגדולים שרוי באבל כבד, ובימי חג ומועד יאנח ויבכה על מותם הטראגי של קדושיו ומתפלל לעליית נשמתם. בכייתנו הנה בכיה לדורות, בכי בציבור עם כל בית ישראל, ובכי במסתרים — איש איש על שארי נפשו ועל אנשי קהילתו שנימחו מספר החיים. בהזדמנות זו רצוני לקיים, „כשם שמברכין על הטובה״ ולהודות להשי״ת שנתן בי כוח להשתתף, ולו בתרומה זעירה, במצבה הנצחית שאנשי עירנו מקימים לקהילת דובוסרי בהוצאת ספר הזכרון הזה. מי יתן ודפים אלה יהיו לרצון לקוראי הספר וישמשו לבנה אחת לבנין הכללי המוקם בזה.

תל-אביב, תשי״ד, השנה הששית לעצמאותנו.



בעיירתנו דובוסרי היינו חבורה של אברכי משי. עסקנו בתורה ובית-המדרש שימש לנו גם מקום תורה, גם בית ועד לדברי חסידות ולשיחת רעים. פעמיים בשבוע במשך שנים זכינו לתענוג רוחני מיוחד. אחת: בליל יום חמישי, בעת שהתכנסנו לשמוע שיעור בפרשת השבוע עם פירוש רש״י מפי ר׳ אהרן דער באבעס (עד היום אין אני יודע על שום מה קראו לו בשם זה). היה תענוג מיוחד ללמוד חומש עם רש״י עם ר׳ אהרל, זה היה ממש לימוד עליו. ייזכרו לו שעוריו המרתקים לצדקה ותאיר נשמתו באור החיים הנצחיים. ואחת: בערב בו ישבנו שעות אחדות בחברתו של ר׳ ישראל ליב שוחט זצ״ל, אביו של ר׳ קלמן פיינשל שו״ב ז״ל שהיה בא לבית־המדרש שלנו, ומיד אחר תפילת ערבית היינו מצטופפים סביבו לשמוע מפיו סיפורי חסידים. בכשרון מיוחד לספר ניחן

ר׳ ישראל לייב. דבריו היו מקסימים את שומעיו. איש אמת היה ומתוך פחד וזהירות שמא יכשל חו״ח במלה לא בדוקה, או במסירת עובדה שלא על טהרת דיוקה, היה תמיד מעיר בענווה: ,,ילדים, חלילה מכם, אין אני אחראי שהדברים ארעו בדיוק כך, נדמה לי שאני זוכר עד היום את הדברים שאני מספר לכם״.

באחד הערבים שהיה מוקדש לזכרו של הבעש״ט, פתח ר׳ ישראל ליב את סיפורו בזו הלשון: כידוע, יצא שלוש פעמים הבעש״ט זצ״ל לארץ-ישראל, וסיכן בכך את חייו ואת חיי בתו הודל, וכל פעם נאלץ לחזור בו. הסיבה שהניעה את הבעש״ט הקדוש לסכן שלוש פעמים את חייו כדי להגיע בדרכים המשובשות שבאותם הימים לארץ-ישראל היתה להפגש עם צדיק יסוד עולם, הרב ר׳ חיים עטר, בעל ,,אור החיים״, שכן כל צדיקי הדור האמינו כי זימונם של שני הגדולים תביא את הגאולה. לאחר ששלוש פעמים נחלץ הבעש״ט בנס מסכנת נפשות, נמנו וגמרו צדיקי הדור כי מן השמים מעכבים והחבריה החליטה לשלוח איש אחר במקומו של הבעש״ט. שלחו את ר׳ גרשון מקיטוב, גיסו, ואת ר׳ יואל בעל מגיד מישרים מנמירוב, זקנו של חותני הרב הצדיק ר׳ שמעולה נחום לוי״ס, כלומר חותני היה דור חמישי לר׳ יואל. לאחר שגם שליחותם נכשלה, נקטו באמצעים אחרים ואחד האמצעים היתה הושבת צדיקים גדולים במקומות מסויימים. אחד מהם היה הרב הצדיק בעל ,,צפנת פענח״, והשני היה הרב הצדיק, בוצינא קדישא, ר׳ מנדלי, שמנוחתו בביתן העלמין הישן בדובוסרי.

ר׳ ישראל ליב נקב בשמו של ר׳ מנדלי, דרך אגב, לסיפור המעשה. אפס אני התעניינתי במיוחד בו ורציתי לדעת יותר פרטים על חייו ופעלו של אותו צדיק וביקשתי הזדמנות ,,לחטוף״ שיחה בענין זה עם חותני ר׳ שמעולה ז״ל. הדבר עלה בידי ויום אחד סיפר לי חותני נ״ע את הסיפור הבא:

השאלה מי היה ר׳ מנדלי, גזע מוצאו ומאין בא נשארה תעלומה עד היום. רק לאחר שנים נודע כי הבעש״ט והחבריה שלו, צדיקי הקלויז מברודי בראשו של המוכיח מפולנאה, הטילו עליו להתישב בדובוסרי. יותר מזה לא ידעו ואין יודעים עד היום. ודאי היו דברים בגו.

לימים קרה מעשה מוזר, שבראשיתו היה אפוף מסתורין ואחר כך נחשפה תעלומתו בזכותו של ר׳ מנדלי. ומעשה שהיה כך היה:

בליל יום-כיפור, בתפילת ,,כל נדרי״, בעת שכל הקהל הרב שמילא את בית-הכנסת היה מוקסם מתפילת ר׳ מנדלי, נכנס בחשאי לבית-הכנסת נכרי, קאצאפ רחב-גרם ובעל קומה, ,,מוסקוביץ״ טיפוסי. בצעדי חרש שלא ירגישו בו, חמק לקרן זוית ושם פרץ בבכי מר. גדול היה התמהון בין המתפללים ואיש שאל את רעהו: מה מעשיו של גוי רב עצמה זה בבית-הכנסת ובליל יום-כיפור? בעת ההפסקה הראשונה ניגש מאן דהוא אל ר׳ מנדלי וסיפר לו על התופעה המוזרה. הצדיק עשה מחווה של ביטול בידו, כאומר: אין בכך כלום.

אחר תפילת ,,כל נדרי״ החל הקהל מתפזר; מעטים נשארו בבית-הכנסת לאמירת תהלים, כמנהג, וסמוך לחצות הלכו גם הם, איש איש לביתו למנוחת לילה. אל הנכרי לא ניגש איש והאחרונים שעזבו את בית-הכנסת השאירוהו במקום בו עמד. למחרת בבוקר מצאוהו המתפללים באותה קרן זוית שעמד אמש וכך כל היום. מפעם בפעם היה ממרר בבכי קורע לב ועיניו זולגות דמעות.

גמרו תפילת נעילה ובחלל האויר הדהדה תקיעת השופר. כולם ברכו זה לזה בשנה טובה, בשנת מחילה וסליחה, והקהל והרבי יצאו אל חצר בית-הכנסת לקדש את הלבנה. גם הנכרי נלווה אליהם ובכוח פילס לו דרך לא הרחק מהרבי. בעת קידוש הלבנה לא חדל מלהתיפח בבכי, משל לא היה גבול למקור דמעותיו. עם תום קידוש הלבנה פנה ר׳ מנדלי כה וכה, כמחפש את הנכרי. משהבחין בו רמז לו לגשת אליו. זיק של שמחה ניצת בעיני הנכרי. ר׳ מנדלי הזמין אותו אל ביתו.

לאחר הסעודה התקבצו, כנהוג, חסידים רבים אל בית הרבי לשמוע תורה מפיו. כולם ציפו בכליון-עינים למוצא פיו של ר׳ מנדלי, שבודאי יגלה את תעלומת הנכרי ביום הכיפורים בבית-הכנסת. אחרי רגעים אחדים של דומיה הרים הרבי את עיניו ואמר לנכרי: נו, ספר את סיפור חייך. והאיש התחיל לספר:

„אבי היה „סיביריאק" (אסיר שהוגלה לרצות את עוונו בסיביר). עד היום אין אני יודע במה חטא ובשביל מה הוגלה לשם. משריצה את עוונו לא חזר לרוסיה האירופאית והשתקע בסיביר. שם נשא אשה ושנים רבות לא זכה לבנים. אני נולדתי כמעט לעת זקנתו. תמיד היה מזכיר לי שיהודי אני, וכשנולדתי הביא במיוחד למקום מושבנו מוהל-מנתח ממרחקים כדי להכניסני בבריתו של אברהם אבינו, כדין, דבר שעלה לו בדמים מרובים. יום אחד הוציא ספר, הצביע עליו ואמר: ראה, בני, לספר זה קוראים „סידור", זה ספר תפילות. הוא לימד אותי את האלף-בית. לראשונה עשה הדבר עלי רושם, אך במרוצת הימים הלך הוא ונטשטש.

לאבי היתה חנות של אריגים ופעם אחת בשנה היה נוסע למוסקבה לקנות סחורה ישר אצל החרשתנים. כשהייתי בן שלוש-עשרה נכנסתי לעבוד עם אבי בחנותו. לא יצאו ימים מועטים וגיליתי כשרון רב למסחר. עד מהרה למדתי לדעת טיבם של כל האריגים ושל לקוחות אבי ונכנסתי בראשי ורובי לעסק. כעבור שנים אחדות מתה אמי, ואבי שאהב אותה מאוד — זקנה קפצה עליו, כוחותיו נחלשו ושוב לא יכול היה לנסוע למוסקבה, נסיעה קשה ומיגעת שארכה שבועות אחדים. באין ברירה הוחלט שעלי לנסוע למוסקבה. נסיעתי הראשונה הצליחה בכל, קניתי אריגים טובים ויפים במחיר המקובל והסוחרים והחרשתנים בעיר הבירה התיחסו אלי בחיבה ובאהדה. ביחוד נשאתי חן בעיניו של חרשתן אחד גדול בשם טימושנקו. בעת ביקורי הבא במוסקבה הזמינני טימושנקו להתארח בביתו בכל עת שהותי בעיר.

בת יחידה היתה לטימושנקו, ריבה נאה בגילי, שהתידדתי עמה לשמחתו הרבה של אביה. הוא השתדל כי נצא יחד לבלות בכל עת ששהיתי במוסקבה. כך חלפו שנים אחדות. מדי פעם בבואי למוסקבה, נסעתי ישר לבית טימושנקו, בו נתקבלתי בשמחה ובגילויי אהבה. יום אחד הזמינני טימושנקו לחדר עבודתו, הושיב אותי מולו ואמר לי: איש חולה אני וגם הולך ומזדקן. כידוע לך, בעל נכסים רבים אני ובת יחידה לי. כל יום שחולף גוברת והולכת חרדתי לגורל בתי אחר מותי. ידידי וקרובי מצפים ליום בו אעצום עיני, כדי לתת את נטשה לאחד הבחורים הריקים שמחזרים אחריה. פוחזים הם בחורים אלה וקלפנים וצמרמורת תאחזני מדי חשבי שבתי היחידה, בבת עיני, עלולה ליפול לידיו של אחד מהם, ואילו אתה נשאת חן מלפני ורצוני שתקח את נטשה לאשה. כל אשר לי לך יהיה בעודי בחיים, כי משוכנע אני כי רק אתך תראה נטשה אושר בחייה.

דבריו של טימושנקו נעמו לי מאוד, כי עתיר נכסים היה האיש וגם נטשה מצאה חן בעיני. בכל זאת התחמקתי מלתת לו תשובה חיובית. ימים ידברו — היתה תשובתי.

חזרתי הביתה ולא סיפרתי לאבי מאומה מכל מה שדיבר אלי טימושנקו, אולם בלילות על משכבי הרהרתי הרבה בדבריו, שגרמו לי יותר מליל נדודים אחד... לא עברו ימים מרובים ואבי חלה במחלה אנושה והרגשתי שקצו קרב והולך. ימים ולילות סעדתי אותו בחליו, אך מצבו הלך ורע מיום ליום. הכרתו ניטשטשה וימים אחדים שכב בדמדומים. יום אחד, בעמדי על יד מטתו, פקח לפתע עיניו וניצוץ של הכרה ניצת בהן. הוא הטיל בי מבט מלא תחנונים שקרע את לבי. שעה ארוכה היו עיניו תלויות בי ושתי דמעות גדולות, רותחות, התגלגלו על לחייו המצומקות. בקול חלוש לחש: „בני יחידי, היה יהודי...” אלה היו המלים האחרונות ששמעתי מפי אבי. הוא עצם את עיניו ולא פקחן עוד.

ימים ארוכים התאבלתי על מות אבי. גלמוד ועזוב נשארתי בעולם ללא קרוב וללא רע. נפשי בכתה במסתרים ולא מצאתי נוחם. חלפו הימים והזמן המרפא כל חולי הפיג גם את דכאוני. יצאתי למוסקבה לקנות סחורה ושהותי בבית טימושנקו בחברת נטשה, שהשתדלה ככל האפשר לנחמני ולהשכיח מלבי את מות אבי, הפיגה מעט מעט את אבלי יהתאוששתי לגמרי. בביקורי הבא במוסקבה נשאתי את נטשה לאשה.

את חנות האריגים בסיביר חיסלתי ולפני עזבי את עיר מולדתי לצמיתות הלכתי אל בית-הקברות להפרד מקברות אבותי. בעמדי על יד קבר אבי תקפוני רגשי אשמה וחרטה על שלא קיימתי את רצונו האחרון ובאתי בברית הנישואין עם נכריה, אך בבואי למוסקבה, לכרך הסואן וההומה, ובקבלי עלי את ניהול עסקי חמי, שכחתי מהר את אבי ואת עברי. העסקים שגשגו ונכסי רבו והלכו משנה לשנה. אשתי ילדה לי שני בנים זכרים וזמן קצר לאחר הולדת הילד השני הלך חותני לעולמו.

כדי להרחיב עוד יותר את עסקי החלטתי לא לחכות עד שהסוחרים יבואו למוסקבה לקנות את אריגי, אלא להביא כמויות עצומות של סחורה לערי הפלך הגדולות. אירגנתי שיירה של עשרות עגלות עמוסות סחורה ויצאתי עמה לאודיסה. הנסיון הצליח, הסחורה נחטפה ממש מידי וכעבור חדשים מספר אירגנתי שיירה שניה.

בהגיעו לפרק זה של סיפורו התחיל קולו רועד, גרונו נשתנק ומעיניו פרצו דמעות. לאחר שנרגע קמעה המשיך: והנה אתמול... בעברי עם השיירה ליד בית-הכנסת, קלטה אזני פתאום את צלילי תפילת **כל נדרי** יוצאים מפי הרבי... הרגשתי כאילו פקע מיתר בלבי... ירדתי מהמרכבה, צוויתי לשיירה להמשיך דרכה ונכנסתי לבית-הכנסת... שוב נשתנק גרונו, דמעות צורבות התחילו יורדות על לחייו ושעה ארוכה מרר בבכי. הרבי הניח כף ידו על כתפו והאיש נרגע.

— ועתה, מה בדעתך לעשות? — שאל אותו הרבי רכות.

— אני רוצה להיות יהודי. כל היום ראיתי את עיני אבי מתחננות לפני לחזור לצור מחצבתי. היום, ביום הקדוש הזה לכל העם היהודי, ניתקתי עם העולם הנכרי בו הייתי שרוי כל כך הרבה שנים... רבי הקדוש, עזור לי לחזור לחיק היהדות!

וחמי זצ״ל סיים את סיפורו: „הוא היה לבעל תשובה, ומי יזכה לעמוד בד׳ אמותיו? — ואכן סופו מעיד על גדולתו.

בוקר חורף אחד שהצינה גברה בו, בא השמש לחמם את המקווה ומצא את בעל התשובה יושב על המדרגות ללא רוח חיים. בליל הצינה נפח את נשמתו הקדושה.

למחרת ערכו לו לוויה שכל תושבי העיר השתתפו בה, והצדיק ר׳ מנדלי בחר במו ידיו את מקום קבורתו וציווה: כאשר יבוא יומי, אנא קברו אותי על יד קברו של בעל התשובה.

בבית-העלמין הישן בדובוסרי אפשר לראות עד היום את שני הקברים, זה על יד זה, של שני הצדיקים, ר׳ מנדלי ובעל התשובה, זכותם תגן עלינו ועל כל ישראל, אמן.

**יחיאל רעזניק** ז״ל

# דער „בעל תשובה"

ר׳ יחיאל רעזניק, א גרויסער למדן, פון די חשובסטע בעלי־בתים אין דובאסאר, האָט אָנגעשריבן די פאָרליגענדיקע רשימה, געבויט אויף דער באקאנטער לעגענדע וואָס איז ארומגעגאנגען אין אונזער שטאָט וועגן באוואוסטן בעל תשובה, וואָס זיין קבר געפונט זיך אויפן אַלטן בית־עולם. ר׳ יחיאל איז אליין געווען א קאלאראשער און האָט חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון ר׳ שימעלע דיין, וואָס איז געווען א צדיק תמים, א גדול בתורה און א מקובל. נאָך דער חתונה האָט ער זיך באזעצט אין דובאסאר, וואו ער האָט געוואוינט ביז ער איז עולה געווען קיין ארץ־ישראל מיט העכער פופציק יאָר צוריק. עד איז געווען פון די ערשטע איינוואוינער פון תל־אביב. די דאָזיקע רשימה האָט ער אָנגעשריבן ספעציעל פארן ספר הזכרון שוין זייענדיק א זקן מופלג. ביז צום טאָג פון זיין פטירה האָט ער זיך געהאלטן פריש און מונטער און געווען ביים קלאָרן שכל. צווישן אנדערע זאכן וואָס ער האָט אָנגעשריבן פארנעמען א באזונדערן פלאץ זיינע עסייען „דוד אין שאולס הויז" און ,דאָס לעבן אין דער צייט פון די שופטים". ר׳ יחיאל איז נפטר געוואָרן ו׳ חשון תשכ״ג, אין עלטער פון 93 יאָר.

ברוך שהחיינו והגיענו... מיין נשמה איז פול מיט דאנקבארקייט צו השם יתברך פארן חסד וואָס ער האָט מיט מיר געטאָן און מיך געלאָזט לעבן, כדי צו זען מיט מיינע אויגן די טריט פון משיח, די אתחלתא דגאולה. וכשם שמברכין... מיין זעל איז אָבער צעבראָכן און מיין הארץ בלוטיקט איבער דעם גרויסן בראָך וואָס האָט געטראָפן אונזער פאָלק, איבערן פארלוסט פון 6 מיליאָן שוועסטער און ברידער, קדושים און צדיקים חסידים און אנשי מעשה, לומדים און עוסקים בצרכי ציבור — טייערע און לייכטענדיקע שטערן, וואָס זייער ליכט איז אויסגעלאָשן געוואָרן אויף אייביק. אויף זיי אלע וויינט מיין נשמה.

דאָס יידישע פאָלק, אויך אין זיינע גרויסע פרייד־טעג, איז פארזונקען אין א טיפן טרויער, און אין זיינע ימים־טובים טוט ער קרעכצן און באוויינען דעם טראגישן טויט פון זיינע קדושים און איז מתפלל פאר זייער עלית נשמה. אונזער געוויין איז א בכיה

לדורות, א געווײן בציבור מיטן גאנצן הויז געזינד פון ישראל, און א געווײן אין דער שטיל — יעדער אײנער אויף זײנע נאָענטע און שטאָט־לײט וואָס זײנען אויסגעמעקט געוואָרן פונם ספר החיים. ביי דער געלעגנהייט וויל איך מקיים זיין „כשם שמברכין על הטובה" און דאנקען השם יתברך וואָס ער האָט מיר געגעבן כוח זיך משתף צו זיין מיט דער דאָזיקער באשיידענער ארבעט אין דער מצבה וואָס מיר שטעלן אויף צו פאראייביקן דעם אנדענק פון דער דובאסארער קהילה מיטן ארויסגעבן דעם דאזיקן ספר הזכרון. זאָל גאָט געבן און די דאָזיקע בלעטלאך זאָלן זיין לרצון די לייענער פון דעם בוך און דינען ווי איין ציגל צום אלגעמיינעם בנין וואָס ווערט מיט דעם ספר אויפגעשטעלט.

תל־אביב—יפו, תש"ך, אין 6־טן יאָר פון אונזער זעלבסטשטענדיקייט.

אין אונזער שטעטל דובאסאר זיינען מיר געווען א גרופע „זיידענע יונגערמאנ־טשיקעס". מיר זיינען געווען יונגעלייט וואָס האָבן עוסק געווען אין תורה און דער בית־מדרש איז פאר אונז געווען נישט נאָר א מקום תורה, נאָר אויך א בית ועד פאר חבר'ישע שמועסן און חסידישע מעשיות. אין פארלויף פון יאָרן פלעגן מיר צוויי מאָל אין וואָך געניסן פון א ספעציעלן תענוג רוחני. איינמאָל — דאָנערשטיק באנאכט, בעת מיר פלעגן זיך צוזאנמענעמען צו הערן א שעור חומש מיט רש"י פון דער פרשת השבוע מיט ר' אהרל דער באבעס (ביז היינט ווייס איך נישט פארוואָס מען האָט אים אזוי גערופן). עס איז געווען א באזונדער פארגעניגן לערנען מיט ר' אהרלען חומש מיט רש"י. דאָס איז ממש געווען א פריילאכער לימוד. זאָלן זיינע העכסט אינ־טערעסאנטע שיעורים באלויכטן זיין נשמה אין גן־עדן.

דער צווייטער תענוג פלעג זיין דער אָוונט ווען מיר פלעגן זיצן לאנגע שעה'ן מיט ר' ישראל לייב שוחט זצ"ל, ר' קלמן פיינשילס ז"ל פאטער, וואָס פלעג קומען אין אונזער בית מדרש און גלייך נאָך מעריב פלעגן מיר זיך ארומזעצן ארום אים הערן חסידישע מעשיות. ר' ישראל לייב איז געווען באשאנקען מיט אן אויסער־געוויינליכן דערציילן טאלאנט. זיינע רייד פלעגן ממש פארכישופן די צוהערער. אן איש אמת איז ער געווען און פון גרויס פחד און פאָרזיכטיקייט חלילה נישט געשטרויכלט צו ווערן מיט אן אומפינקטליכקייט אָדער מיט איבערגעבן א פאקט וואָס ער איז נישט אינגאנצן געווען זיכער אין זיין ריכטיקייט, פלעג ער צוגעבן מיט עניוות: „איר ווייסט קינדער, אזוי האָב איך געהערט, קען איך דען קאווירן אז מיינע רייד זיינען דורכאויס פינקטליך?" אדער: „חלילה, איך בין גישט פאראַנטוואָרטליך אז די זאכן האָבן זיך געווי אזוי געטראָפן, עס דוכט זיך מיר אז איך געדענק וואָס איך דערצייל אייך".

אין איינעם אן אָוונט וואָס איז געווען געווידמעט דעם הייליקן אנדענק פון ר' ישראל בעל שם טוב, האָט אָנגעפאנגען ר' ישראל לייב זיין דערציילונג בזה הלשון: כידוע, האָט דער בעש"ט זצ"ל דריי מאָל זיך געלאָזט אין וועג אריין אנצוקומען קיין ארץ־ישראל און געשטעלט אין סכנה זיין לעבן און דאָס לעבן פון זיין טאָכטער האָדל. דריי מאָל האָט ער אונטערגענומען די נסיעה און דריי מאָל האָט ער זיך געמוזט אומקערן. די סיבה וואָס האָט באוואויגן דעם הייליקן בעש"ט איינצושטעלן דריי מאָל זיין לעבן און זיך ארויסלאָזן אויף די געפערליכע אומזיכערע וועגן קיין ארץ־ישראל —

איז געווען כדי זיך צו טרעפן מיטן צדיק יסוד עולם, ר׳ חיים עטר, דער מחבר פון „אור החיים״, וואָס לויט דער אמונה פון די צדיקי הדור וואָלט דאָס טרעפן זיך אין ארץ־ישראל פון די צוויי גדולים געבראַכט משיחן.

נאָכדעם ווי אַלע דריי מאָל האָט זיך דער בעש״ט בדרך נס ארויסגעראַטעוועט פון סכנת נפשות, האָבן באַשלאָסן די צדיקי־הדור אַז מן השמים מעכבים (דער אָפּהאַלט קומט פון אויבן) און חברותא האָט באַשלאָסן צו שיקן אַן אַנדערן און נישט דעם בעש״ט. דער אויסוואַל איז געפאַלן אויף ר׳ גרשון קיטעווער, דעם בעש״ט׳ס שוואָגער, און אויף ר׳ יואל נעמיראָווער, דער בעל מגיד מישרים, דער זיידע פון מיין שווער, דער צדיק ר׳ שימעלע נחום לויס. מיין שווער איז געווען ר׳ יואל׳ס אַן איר אור אייניקל. נאָכדעם ווי אויך זייער שליחות איז דורכגעפאַלן, האָט די חברותא אנגענומען אַנדערע מיטלען און איינע פון זיי איז געווען אוועקזעצן גרויסע צדיקים אויף באַשטימטע פלעצער. איינער פון זיי איז געווען הרב הצדיק, דער בעל „צפנת פענח״, און דער צווייטער איז געווען הרב הצדיק, בוצינא קדישא, ר׳ מענדעלע, וואָס רוט אויפן אַלטן דובאָסאַרער בית־עולם.

ר׳ ישראל לייב האָט נאָר אַגב אורחא דערמאָנט ר׳ מענדעלעס נאָמען. איך אָבער האָב געהאַט אַ ספּעציעלן אינטערעס זיך צו באַקענען מיט מער פּרטים וועגן לעבן און מעשים פון דעם דאָזקן צדיק און האָב געזוכט אַ געלעגנהייט צו כאַפּן אַ שמועס וועגן דעם ענין מיט מיין שווער ר׳ שימעלע ז״ל. דער ענין האָט זיך מיר איינגעגעבן און אין אַ געוויסן טאָג האָט מיין שווער, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל ער האָבן, מיר דערציילט די פאָלגענדע מעשה:

דו פרעגסט ווער עס איז געווען ר׳ מענדעלע? זיין אָפּשטאַמונג און פונוואַנען ער איז געקומען איז ביז היינט איינגעהילט אין אַ טיפן סוד. אין פאַרלויף פון די יאָרן איז מען געוואויר געוואָרן איין זאַך: אַז דער בעש״ט און זיין חבריה, די צדיקים פון בראָדער קלויז, אַן דער שפּיץ פון פאָלנער מוכיח, האָבן אים געהייסן זיך באַזעצן אין דובאָסאַר. מער פון דעם האָט מען דעמאָלט נישט געוואוסט און מען ווייסט אויך נישט היינט. מן הסתם איז דער ענין גאָרנישט פשוט....

מיט יאָרן שפּעטער האָט געטראָפן אַ מאָדנער פאַל, וואָס זיין אָנפאַנג איז געווען איינגעהילט אין אַ מיסטעריע, וואָס איז שפּעטער אויפגעדעקט געוואָרן אין ר׳ מענדעלעס זכות. ומעשה שהיה כך היה:

איינמאָל, יום־כיפור באַנאַכט, צו „כל נדרי״, בשעת גאַנץ קהל אין שול איז געווען פאַרכאַפּט פון ר׳ מענדעלעס זאָגן כל נדרי, האָט זיך שטיל אריינגעשלייכט אַ גוי, אַ הויכער ברייט ביינערדיקער קאַצאַפּ, אַן אמת׳ער מאָסקאַל. מיט שטילע טריט האָט ער זיך צוגערוקט צו אַ ווינקל און דאָרט האָט ער אויסגעבראַכן אין אַ ביטער געוויין. פאַרוואונדערטע האָבן די מתפללים געפרעגט איינער דעם צווייטן וואָס טוט דער דאָזיקער ריזיקער גוי אין שול און נאָך דערצו יום־כיפור באַנאַכט? ביי דער ערשטער הפסקה איז עמיצער צוגעגאַנגען צו ר׳ מענדעלען און אים דערציילט וועגן מאָדנעם פאַל. דער צדיק האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, מבטל מאַכנדיק דעם גאַנצן ענין.

נאָך כל נדרי האָט דער עולם אָנגעהויבן זיך פאַנאַדערגיין. ווייניקע זיינען געבליבן אין שול זאָגן תהילים, ווי דער מנהג איז, און נאָענט צו חצות האָבן אויך זיי איינציקווייז פאַרלאָזן די שול און אַהיימגעגאַנגען. קיינער איז צו דעם פרעמדן נישט צוגעגאַנגען, און די לעצטע וואָס האָבן פאַרלאָזן די שול האָבן אים איבערגעלאָזן אויפן זעלבן אָרט וואו ער האָט זיך אוועקגעשטעלט בעת זיין אַריינקומען. צומאָרגנס אינדערפרי האָבן אים די מתפללים געטראָפן אין דערזעלבער פּאָזע אין זעלבן ווינקל און אַזוי דעם גאַנצן טאָג. פון מאָל צו מאָל פלעג דער פרעמדער אויסברעכן אין אַ האַרצרייסנדיקן געוויין און פון זיינע אויגן פלעגן זיך גיסן טרערן.

מען האָט פאַרענדיקט נעילה און אין דער לופט האָט אָפּגעהילכט די לעצטע תקיעה. אַלע מתפללים האָבן איינער דעם אַנדערן אָנגעווואונטשן אַ גוט יאָר, אַ יאָר פון מחילה און סליחה, און דער עולם צוזאַמען מיטן רבין זיינען אַרויסגעגאַנגען אין שול־הויף מקדש זיין די לבנה. דער פרעמדער איז זיי נאָכגעגאַנגען און מיט כּוח האָט ער זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג נאָענט צום רבין. אויך בעת דער גאַנצער עולם האָט מקדש געווען די לבנה האָט ער נישט אויפגעהערט ביטער צו יאָמערן, עס האָט אויסגעוויזן אַז זיין טרערן קוואַל האָט גאָר נישט קיין דנאָ. פאַרענדיקט מקדש זיין די לבנה האָט זיך ר׳ מענדעלע אַרומגעקוקט ווי זוכנדיק עמיצן. באַמערקנדיק דעם פרעמדן האָט ער אים געמאַכט אַ צייכן ער זאָל זיך צו אים דערנענטערן. אַ פונק פון שמחה האָט אויפגעבליצט אין פרעמדנס אויגן. ר׳ מענדעלע האָט אים איינגעלאַדן צו זיך אין הויז.

נאָך דער סעודה האָבן זיך, ווי דער שטייגער, פיל חסידים פאַרזאַמלט ביים רבין צו הערן תורה. אַלע האָבן געוואַרט מיט אומגעדולד. זיכער וועט ר׳ מענדעלע מגלה זיין דעם פרעמדנס געהיימניספול דערשיינען יום כפור אין שול. נאָך אַ פּאָר מינוט שטילשווייגן האָט דער רבי אויפגעהויבן די אויגן און אַ זאָג געטאָן צום פרעמדן: נו, דערצייל דיין לעבנסגעשיכטע. גלייך האָט דער פרעמדער אָנגעהויבן דערציילן:

„מיין פאָטער איז געווען אַ „סיביריאַק" (אַן אַרעסטאַנט וואָס איז פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר). ביז היינט ווייס איך נישט וואָס איז געווען מיין פאָטערס זינד און פאַרוואָס ער האָט דאָרט געדאַרפט אָפּריכטן גלות. ווען ער האָט פאַרענדיקט די שטראָף, האָט ער זיך מער נישט אומגעקערט אין אייראָפּעאישן רוסלאַנד נאָר געבליבן וואוינען אין סיביר. ער האָט חתונה געהאַט און לאַנגע יאָרן האָבן מיינע עלטערן נישט געהאַט קיין קינדער. איך בין געבוירן געוואָרן ווען מיין פאָטער איז שוין כמעט געווען אַן אַלטער מאַן. ביי יעדער געלעגנהייט פלעג ער מיר דערמאָנען אַז איך בין אַ ייד און אַז ווען איך בין געבוירן געוואָרן האָט ער ספּעציעל געבראַכט פון מרחקים אַ מוהל־אָפּעראַטאָר כדי מיך צו יידישן. פיל געלט האָט געקאָסט דאָס ברענגען דעם מוהל. אַ געוויסן טאָג האָט ער אַרויסגענומען אַ ספר, מיך צוגערופן און געזאָגט: זעסט מיין קינד, דעם ספר רופט מען „סידור". דאָס איז אַ געבעט־בוך. ער האָט מיר געלערנט אלף־בית און לייענען אין „סידור". אין אָנפאַנג איז מיר דער ענין געפאַלן. שפּעטער האָב איך פאַרלוירן דעם אינטערעס צום גאַנצן ענין.

מיין פאָטער האָט געהאַט אַ שניט־קראָם און איין מאָל אין יאָר פלעג ער פאָרן קיין

מאָסקווע איינקויפן שטאָפן פאַר אַ גאַנץ יאָר ביי די מאָסקוועד פאבריקאנטן. אַלט ווערנדיק 13 יאָר האָב איך אָנגעהויבן ארבעטן מיט מיין פאָטער אין קלייט. איך האָב זיך באַלד ארויסגעוויזן פעאיק צו מסחר און אין א קורצער צייט בין איך געוואָרן א מבין אויף אַלע קלאַסן שטאָפן, זיך גוט באקענט מיט מיין פאָטערס קונים. בקיצור, איך האָב זיך מיט מיין גאַנצן לייב און לעבן ארייגעלאָזן אין מסחר.

נאָך אַ קורצער צייט איז געשטאָרבן מיין מוטער און מיין פאָטער, וואָס ער האָט זי שטאַרק ליב געהאַט, איז מיט איינמאָל אַלט געוואָרן, זיינע כוחות האָבן אים פאַרלאָזן נישט קענענדיק מער אונטערנעמען א נסיעה קיין מאָסקווע, וואָס האָט געדויערט עטלעכע וואָכן. נישט האָבנדיק קיין ברירה האָבן מיר באַשלאָסן איך זאָל פאָרן קיין מאָסקווע. מיין ערשטע נסיעה איז געווען מזל־ברכה׳דיק. איך האָב געקויפט גוטע און שיינע שטאָפן און נישט טייער; די פאבריקאנטן האָבן מיר ארויסגעוויזן ליבשאַפט און סימפאַטיע. מער פון אַלעמען האָב איך נושא חן געווען ביי א גרויסן פאַבריקאַנט מיטן נאָמען טימאשענקא. בשעת מיין צווייטן באזוך אין מאָסקווע האָט טימאָשענקא מיך פארבעטן צו זיך אין הויז און מיר פארגעשלאגן זיין דירה במשך דער גאנצער צייט וואָס איך וועל זיך פארזאמען אין מאָסקווע.

א בת יחידה האָט געהאַט טימאשענקא, אין מיין עלטער, אַ שיינע און אַ געראָטענע. צו זיין גרויסער פרייד האָב איך זיך מיט איר באפריינדעט און יעדעס מאָל ווען איך פלעג זיין אין מאָסקווע פלעג דער פאָטער אונז סטימולירן ארויסגיין און פארברייגגען צוזאמען. אזוי זיינען פארלאָפן אייניקע יאָר. יעדעס מאָל ווען איך פלעג קומען קיין מאָסקווע פלעג איך גלייך פארפאָרן צו טימאשענקאן אין הויז, וואו מען פלעגט מיך באגעגענען מיט פרייד און ליבשאפט.

אַ געוויסן טאָג האָט מיך טימאשענקא פארבעטן צו זיך אין קאבינעט, האָט מיך אַוועקגעזעצט אקעגן זיך און אָנגעהויבן בזה הלשון: הער זיך איין, איך בין אַלט און קראַנק. ווי דיר איז באקאנט בין איך זייער א רייכער מאַן און האָב נאָר די איינע טאָכטער — נאטאשא. מיט יעדן טאָג וואָס גייט אוועק ציטער איך מער פארן גורל פון מיין טאָכטער נאָך מיין טויט. איך ווייס — מיינע פריינט און קרובים קוקן ארויס אויפן טאָג ווען איך וועל צומאכן אן אויג און דאַן וועלן זיי פארקנסן נאטאשאַן פאר איינעם פון די פוסטע בחורים וואָס דרייען זיך ארום איר. איך קען זיי גוט די דאַזיקע בחורים, זיי זיינען אלע ליידיקגייער און קאָרטן־שפילער. אַ שוידער נעמט מיך ארום ביים געדאַנק אז מיין איינציקע טאָכטער, דאָס שווארצאפל פון מיין אויג, קען חלילה ארייג־פאַלן אין די הענט פון אַזאַ איינעם. דאקעגן דו געפעלסט מיר און מיין וואונטש איז זאָלסט חתונה האָבן מיט מיין נאטאשאן. מיין גאַנץ פאַרמעגן וועט זיין דיינס נאָך ביי מיין לעבן. ביי דיר בין איך איבערצייגט וועט נאטאשא געפינען איר גליק.

טימאָשענקאס פאָרשלאג איז מיר געווען זייער צום האַרצן. רייך איז ער געווען און אויך נאטאשא איז מיר געפעלן. דאָך האָב איך אים נישט געגעבן קיין פאָזיטיווע תשובה. אך האָב אם געגעבן אן אויסווייכנדיקן ענטפער — „לאָמיר געבן צייט דער צייט”.

איך האָב זיך אומגעקערט אהיים און מיין פאָטער גאָרנישט דערציילט וועגן

טימאַשענקאָס פאָרשלאַג. אין די נעכט, אָבער, אויף מיין געלעגער, האָב איך פיל נאָכגעטראַכט וועגן דעם ענין און נישט איין שלאָפלאָזע נאַכט האָבן מיר פאַראורזאַכט טימאַשענקאָס רייד.

נאָך אַ קורצער צייט איז מיין פאָטער געפערליך קראַנק געוואָרן און איך האָב געפילט אַז זיין סוף דערנענטערט זיך. טעג און נעכט האָב איך נעבן אים געוואַכט, צוזעענדיק ווי זיין מצב ווערט ערגער מיט יעדן טאָג. זיין באַוואוסטזיין איז מטושטש געוואָרן. אַ פּאָר טעג איז ער געלעגן אין דעליריום, ביז פלוצים איינמאָל, שטייענדיק נעבן זיין בעט, האָט ער מיטאַמאָל אויפגעעפנט די אויגן און אַ פונק פון באַוואוסטזיין האָט אין זיי אויפגעפלאַמט. ער האָט מיך דורכדרינגענד אָנגעקוקט מיט אַ תחנונימדיקן בליק, וואָס האָט מיר ממש צעריסן דאָס האַרץ. אַ לאַנגע ווייל איז זיין בליק געווען אָנגעשטעלט אויף מיר און צוויי גרויסע זודיקע טרערן האָבן זיך אַראָפּגעקייקלט אויף זיינע איינגעשרומפטע באַקן. מיט אַ שוואַך קוים הערנדיק קול האָט ער ארויסגעשעפטשעט: „מיין קינד, מיין איינציקער זון, בלייב אַ ייד...” דאָס זיינען געווען די לעצטע ווערטער וואָס איך האָב געהערט פון מיין פאָטער. ער האָט פאַרשלאָסן זיינע אויגן און זיי מער נישט געעפנט.

פיל טעג האָב איך געטרויערט אויף מיין פאָטערס טויט. איינזאַם און אַליין בין איך געבליבן, אָן אַ קרוב, אָן אַ גואל. מיין האַרץ האָט געוויינט אין דער שטיל נישט געפינענדיק קיין טרייסט. טעג זיינען פאַרפלויגן און די צייט וואָס איז אַ רופא פאַר אַסך קראַנקהייטן האָט אויך אָפּגעטעמפט מיינע ליידן. איך בין געפאָרן קיין מאָסקווע קויפן סחורה און מיין ווילן אין טימאַשיענקאָס הויז און נאַטאַשאַס געזעלשאַפט, וואָס האָט געטאָן אַלץ מיך צו מאַכן פאַרגעסן מיין פאָטערס טויט, האָבן צוביסלאַך געשטילט מיין טרויער און איך האָב זיך געשטאַרקט. בעת מיין נעקסטטן באַזוך אין מאָסקווע האַב איך געהייראָט נאַטאַשאַן.

די שניט קראַם אין סיביר האָב איך פאַרקויפט. פאַר מיין פאַרלאָזן מיין געבורטסשטאָט בין איך אוועק אויפן בית־הקברות זיך געזעגנען מיט מיינע טויטע עלטערן. שטייענדיק פאַר מיין פאָטערס קבר האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ טיף שולד און חרטה געפיל פאַרוואָס איך האָב נישט מקיים געווען זיין לעצטן רצון און געהייראָט מיט אַ טאָכטער פון אַ פרעמדן גלויבן. קומענדיק אָבער קיין מאָסקווע, אין דער גרויסער רוישנדיקער שטאָט, און איבערנעמענדיק די אָנפירונג פון מיין שווערס געשעפטן, האָב איך גיך פאַרגעסן מיין פאָטער און מיין פאַרגאַנגענהייט. די געשעפטן האָבן געבליט און זיך צעוואַקסן און מיין פאַרמעגן איז גרעסער געוואָרן פון יאָר צו יאָר. מיין פרוי האָט מיר געבוירן צוויי זין און באַלד נאָכן געבורט פון צווייטן זון איז מיין שווער געשטאָרבן.

כדי אויסצוברייטערן נאָך מער מיינע געשעפטן האָב איך באַשלאָסן נישט וואַרטן ביז סוחרים וועלן קומען קיין מאָסקווע קויפן מיינע שטאָפן; איך האָב אָרגאַניזירט אַ גרויסע קאַראַוואַנע פון צענדליקער אָנגעלאָדענע וועגענער מיט סחורה און בין מיט איר אַוועק אין די דרום פּראָווינצן. די ערשטע קאַראַוואַנע איז געגאַנגען קיין אָדעס. דער פּראָוואָו איז געלונגען. איך האָב די סחורה ממש פאַרצוקערט. מיט אַפּאָר חדשים שפּעטער האָב איך אָרגאַניזירט אַ צווייטע קאַראַוואַנע.

צוקומענדיק צו דעם פונקט פון זיין דערציילונג האָט זיין קול אָנגעהויבן ציטערן, דער האַלז איז אים ווי פארשנורעוועט געוואָרן און פון זיינע אויגן האָט אויסגעבראָכן אַ קוואַל פון טרערן. נאָכדעם ווי ער האָט זיך אַביסל באַרואיקט האָט ער פאָרגעזעצט: „נעכטן אין אָוונט... דורכפאָרנדיק מיט דער קאַראַוואַנע נעבן דער שול, האָט מיין אויער פלוצים אויפגעכאַפּט דעם זיס־נאָגענדיקן כל נדרי ניגון... איך האָב געפילט ווי אין האַרץ זאָל מיר האָבן געפּלאַצט אַ סטרונע... איך בין אַראָפּ פון וואָגן, האָב געהייסן דער קאַראַוואַנע ווייטער פאָרן און איך האָב זיך אריינגעשלייכט אין שול...” נאָכאַמאָל האָט אים אַנגעפאַנגען שטיקן אין האַלדז און ברענענדיקע טרערן האָבן גענומען רינען איבער זיינע באַקן. אַ לאַנגע ווילע האָט ער געהעשעט אין אַ יאַמערליכן געוויין.

דער רבי האָט ארויפגעלייגט זיין דלאָניע אויפן פרעמדנס אַקסל און ער האָט זיך באַרואיקט.

— און איצטער, וואָס טראַכסטו טאָן? — האָט אים דער רבי געפרעגט מיט אַ ווייכער שטימע.

— איך וויל צוריק זיין א ייד. אַ גאַנצן טאָג האָב איך געזען מיין פאָטערס אויגן און זיי האָבן זיך געבעטן ביי מיר איך זאָל זיך אומקערן צו מיין שטאַם. היינט, אין דעם דאָזיקן הייליקן טאָג פארן גאַנצן יידישן פאָלק, האָב איך איבערגעריסן אַלע פעדים מיט דער גויישער וועלט, און וועלכער איך בין געווען פארזונקען אזויפיל יאָרן... הייליקער רבי, העלפט מיר זיך אומקערן אין שויס פון יידנטום!

מיין שווער זצ״ל האָט פאַרענדיקט דעם סיפור המעשה בזה הלשון: „ער איז געוואָרן אַ בעל תשובה. ווער קען האָבן די זכיה צו שטיין אין זיינע ד׳ אמות? זיין ענדע זאָגט עדות אויף זיין גרויסקייט”.

אין אַ קאַלטן ווינטערדיקן פרימאָרגן, ווען דער שמש איז געגאַנגען איינהייצן דאָס באָד, האָט ער געטראָפן אויף די טרעפּ זיצן דעם בעל תשובה א פארפרוירענעם. אין יענער פראָסטיקער נאַכט האָט ער אויסגעהויכט זיין הייליקע נשמה.

צומאָרגנס אויף זיין לוויה האָט אים באַגלייט די גאַנצע שטאָט, און דער צדיק ר׳ מענדעלע האָט מיט זיינע אייגענע הענט אויסגעקליבן דאָס אָרט וואו אים מקבר צו זיין, און ער האָט געלאָזט אָנזאָגן: „ווען מיין צייט וועט קומען, בעט איך איר זאָלט מיך מקבר זיין אָט דאָ, נעבן דעם קבר פונם בעל תשובה”.

אויפן אַלטן דובאסארער בית־עולם קען מען ביז היינט זען צוויי קברים, איינער נעבן צווייטן פון די צוויי צדיקים — ר׳ מענדעלע און דער בעל תשובה — זכותם תגן עלינו ועל כל ישראל, אמן.

אייזיק הורוויץ

# ראשיתו של התיאטרון היהודי בדובוסרי

## א.

השנה 1901. תיאטרון יהודי נחשב כענין של מעשי בדים. במידה ששמעו עליו היה קיומו קשור בשמו של אברהם גולדפדן, שאי-פעם נקלע לדובוסרי והציג, לפי יודעי דבר, דברי ליצנות על אודות „שני קוני למל" והסבתא יחנה שעוסקת במעשי כשפים, מבשלת זפת בדוודים גדולים, מטפסת על עליות וגגות, מחפשת את יום האתמול וכיוצא באלה מעשי להטוטים. אנשים הגונים, בעלים בעמם, רגלם לא דרכה לחזות בהבלים ובדברי ליצנות כגון אלה. ואכן, אחרי עמל קשה לאגור כמה עשרות רו"כ לפרנס את ה„ארטיסטים" שלו ולהוצאות הדרך, עקר גולדפדן עם ה„חברותא" שלו כשעור בשרו בשיניו.

כזה היה מעמדו של התיאטרון היהודי בעירנו בעת שלא היתה בה לא ספריה ולא זכר למועדון תרבות, ועתון עברי או בשפת יידיש קראו יחידי סגולה.

לעומת זאת היו מזמן לזמן פוקדים את עירנו מגידים ודרשנים, מהם שבאו להטיף מוסר, מהם שבאו לדרוש על חיבת ציון. כשבא מגיד או דרשן לעיר הודבקו מודעות בבתי-הכנסת ובבתי-המדרשות, בהן הודיעו כי בשבת אחרי הצהרים ידרוש פלוני אלמוני המטיף בקלויז הישן והקהל הנכבד הוזמן לבוא ולשמוע את הדרשה. ואילו על תיאטרון, על נאומים פרוגרמטיים והופעות ציבוריות בשביל שכבות העם הרחבות — לית מאן דכר שמיה. יהודים חרדים ויראי שמים התלוצצו על ה„מגידות" של הנואמים המודרניים ועל אנשי התיאטרון היו אומרים בבוז: מה מראים הם ה„אקטיורצ'יקים" הללו? פרצופים מרוחים? טלית-קטנה הפוכה? והחצופות? מגלות רגלים ערומות עם — עם... השם ישמרנו ויצילנו! ומי הם? אוכלי טריפות, מופקרים, לצים מושחתים, המבאישים את השם היהודי ומשחירים לנו את הפנים, מביאים צעירי ישראל לידי מחשבות זרות וחילול השם ר"ל.

לתוך אוירה כזו של קרתנות נחשלת נקלע יום אחד בחור צעיר, קלמן ביילים, שבא לדובוסרי לביקור אצל אחיו ישראל מאיר מלמד. מהורודוק, עיירה בפלך גרודנו, בא האיש ובבואו אלינו היתה כבר מאחוריו פרשה שלמה של פעילות תיאטרונית. שכן בעיירתו נמנה על חוג של חובבי תיאטרון, בו מילא תפקיד גם של שחקן וגם של במאי והחשוב מכל שבחור זה היה בראשו ורובו שקוע באמנות הבמה, אותה אהב אהבת נפש.

ישראל מאיר מלמד, חתנו של חיים השמש, היה ידיד טוב שלי והוא שביקשני כי אביא את אחיו לבין חוגי הנוער בדובוסרי.

הוא בא לעירנו בסוף עונת הקיץ, ושפת הדניסטר, לשם באנו להתרחץ, הפכה עד מהרה למקום המפגש של הנוער עם קלמן ביילים. כבר בפגישות הראשונות עמו גילינו כי הוא כוח העשוי לתת דחיפה קדימה לנוער הקרתני והרדום, בני הטובים בדובוסרי.

לאחר שיחות אחדות עם קלמן ביילים הבשילה בנו ההכרה, כלומר בחלק המתקדם יותר של הנוער הדובוסרי, כי עלינו להתחיל באיזשהו מעשה. ביזמתו ובעזרתו הרכבנו חבורה של כעשרה בני נוער להציג את המערכון „דאָס ליד פון ברויט" (שיר הלחם) של מ. מ. ורשבסקי, וקלמן, בעזרתו של וולוול קזאצקר, בעל בריטון, זמר יפה ויודע פרק במוסיקה, התחילו לאמן אותנו בתפקידים.

בחול המועד סוכות אירגנו יחד עם ציוני דובוסרי, באולמו של הרשל חייקל׳ס, נשף חגיגי, שתכניתו היתה מורכבת מנאומים, נגינה ושירה, וכקינוח סעודה הצגנו, ה„להקה" של עשרת הבחורים, על במה קטנה שהותקנה בפינה אחת של האולם, את „שיר הלחם".

לבושי חולצות צחורות, ביד אחת הקלשון ובשניה אלומות שבלים, צעדנו ושרנו בלהט חגיגי את השיר העססי:

גרויסער גאָט, מיר זינגען לידער,
אונדזער הילף ביזטו אַליין;
נעמט צונויף די סנאָפּעס, ברידער,
ביז די זון וועט אונטערגיין.

(אלוהים אדירים / פינו מלא שירה / רק בך מבטחנו; / אחים, אספו האלומות / עד כי תבוא השמש).

על הבמה הזעירה, מוארת באור מסתורי, דמינו לצלליות על גבי אופק מוקסם, לצללי בין-ערביים, לרוחות רפאים מעולם זר ורחוק, הנעים במיקצב ולוחשים:

לאָז די זון אונדז בריען, בראָטן,
זי האָט אונדז געשיינט צום גליק;
זעט — דאָס ברויט איז אונדז געראָטן,
קינדער — קיינמאָל ניט צוריק!

(השמש תצרב אותנו / האירה דרכנו להצלחה; / שורו, יבולנו — ברכה / אחים, לעולם לא להיסוג).

התמונה חישמלה ממש את הקהל, השירה הקסימה, האור המסתורי עירפל כאילו את מוחות הצופים וממאות לבבות נרגשים, עינים קרועות לרווחה ופיות פעורים זרמה תפילה חרישית, מתחננת:

לאָז די זון אונדז בריען, בראָטן,
... קינדער, קיינמאָל ניט צוריק...

אולמו של הרשל חייקל׳ס הפך בן-רגע להיכל אמנות ותהילות ותשבחות מהולות בדמעות גיל נשפכו על ראשי הילדים היקרים שנסכו לתוך לבות היהודים העגומים נטפי גיל ונחמה.

כזרע ברכה שנטמן באדמה חרושה נבט ופרח הניצן הראשון של התיאטרון היהודי בדובוסרי. עם ההצגה הראשונה הונח היסוד.

ב.

קבלת הפנים הנלהבת לה זכתה הופעתנו הראשונה עודדה אותנו מאוד וכספית התרומם בנו בטחוננו העצמי. וכדי שלא יוצנו גלי ההתלהבות שהציפו אותנו, חברי ה„להקה", בגין ההצלחה, החלטנו לעבד מיד תכנית פעולה לעתיד הקרוב, ועתה — כחוג מאורגן של חובבי תיאטרון.

קלמן הציע להתחיל בהכנות להצגת המחזה „זרובבל" מאת מ. ל. לילינבלום, מילודרמה מלווה בשירה, בנויה על הרקע של גלות בבל ושיבת ציון. בעיירתו הורודוק הציג הוא את המחזה „זרובבל" בהצלחה רבה. לאחר שקלמן הקריא לפנינו את המחזה בן חמש המערכות והוא מצא חן בעינינו, החלטנו להציג אותו. נבחרה ועדה בת שלושה חברים, שמתפקידה היה לחלק את התפקידים ולישאת באחריות בכל ההכנות עד לאחר ההופעה. שלושת החברים היו: וולוול קזאצקר, קלמן ביילים וכותב הטורים האלה.

מבין החברים שהשתתפו בהצגה כשחקנים זכורים לי כיום: קלמן, וולוול ואחיו נחמן קזאצקר, יוסף פיינשיל, יעקב אימאם, ברלה מליאר, יאנקל ניסנבוים ויאנקל (או שם אחר) שייקע גלזרס. לי, כסוס גרם המושך היטב, הקצו קלמן וולוול שלושה תפקידים בארבע מערכות — הראשונה, השניה, הרביעית והחמישית. נוסף לשלושת התפקידים במשחק הוטלו עלי עוד כמה תפקידים אדמיניסטרטיביים, כגון: הגזברות, הדפסת כרטיסים (טרם היה בית דפוס בדובוסרי ואני בידי התקנתי את הכרטיסים ע"י החתמתם בחותמת גומי שהזמנו עבור ה„להקה"), כתיבת מודעות והדבקתן בבתי-הכנסת וכיוצא בכך. כן סייעתי בידם של וולוול וקלמן ברכישת המלתחה, חמרי איפור וזוטות אחרות שנדרשו להצגה.

בהזדמנות זו רואה אני חובה לציין בהקשר זה את שמותיהם של עוד שני חברים, אמנם לא שחקנים, אולם מסורים לתיאטרון שתרמו הרבה להצלחת המיבצע, והם: משה צלניק, שסיפק לנו מוצרי איפור שונים מה„אַפּטקרסקי מגזין" שלו (חנות למוצרי רוקחות), ושמואל גוזמן שאהב להסתופף סתם בחברת „אנשי תיאטרון" ותמיד גילה נכונות לעזור ככל שהשיגה ידו. ואכן, שמואליקל גוזמן זה פתר לנו בעייה אחת קשה במשחק. באחת המערכות היה צורך להעלות קרבן על הבמה ומן השמים צריכה היתה לרדת אש לכלות את הקרבן. המצב היה קשה ולא ידענו כיצד להיחלץ ממנו. שמואל מצא פתרון. מאחורי הקלעים טיפס על שולחן, מילא את פיו נפט, בידו החזיק נר דולק, ובשעה שהאש צריכה היתה לרדת מן השמים ולכלות את הקרבן, נשף בכוח בפה המלא נפט על הנר דרך סדק גדול על הבמה. שלהבת גדולה נראתה על הבמה ואחריה עמוד עשן שעטף אותה. הקרבן נרצה והקהל באולם התיאטרון התחיל רץ בבהלה גדולה אל הפתחים. כך העלה קרבנות התיאטרון היהודי בדובוסרי באותם הימים.

נחזור לענייננו.

בלהט ובמרץ זינקנו לתוך הפעולה, אע"פ שבין השחקנים היו גם אחדים שהתעצלו וצריך היה „לסחוב" אותם אל החזרות. קושי נוסף נתגלה בתוך ההכנות — לא יכולנו להשיג בחורות לתפקידי הנשים. מחוסר ברירה מילאו שני בחורים את תפקידי שתי הנשים אשר במחזה. ברלה מליאר שיחק שלומית האהובה ובנו של שייקע גלזרס שיחק את האם.

מיד אחרי חג הסוכות התחלנו בחזרות. ישראל מאיר המלמד העמיד לרשותנו את

ה„חדר" שלו בערבים ופעמיים-שלוש בשבוע התאספנו לחזרות. בהתחלה היה הכל זר וחדש ונאלצנו להתגבר על מכשולים רבים כדי לרכוש את החמרים הדרושים, לתפור את ההלבשה ולהתקין את התפאורה. וזאת לדעת, מראשית צעדינו השתדלנו כי הכל יהיה מסודר וערוך בצורה הטובה ביותר, וזה עלה לנו בעמל רב, זמן וכסף. קנינו בדים, מצאנו חברות-מתנדבות שהתקינו את הבגדים בהתאם לרוח התקופה וסגנונה, לפי תיאוריו של המחבר והוראותיו המעשיות של קלמן ביילים. גם קפלטים וזקנים נדרשנו לרכוש ובזה נעזרנו במיוחד ע"י פייקה, נערתו של נחמן, ואחותה — שתיהן בעלות מקצוע בפאות נכריות. ואילו בחצר ביתנו, בבית-הכנסת הקטן של קיילה חיים מרדכי'ס, בעזרת הנשים, אגרנו את כל החמרים, הרהיטים והתפאורה, ומדי פעם משהותקן משהו בשביל ההצגה, הועבר הדבר הישר לעזרת הנשים.

בסוף נובמבר היינו מוכנים ושכרנו בחמשה רובל את ה„גורודסקוי טיאטר" ל-11 בדצמבר, הערב שהאולם היה פנוי. עכשיו צף מכשול חדש. צריכים היינו להשיג רשיון מאת המשטרה, אחרת לא הסכימה הנהלת התיאטרון להשכיר לנו את האולם. החלו ריצות וחיפוש דרכים כיצד להגיע לפריסטב (ראש המשטרה) כדי לקבל מידו את הרשיון הנכסף. שוב האיר לנו המזל והפעם בדמותו של ידידי שמלקה מלמד, שהיה מקורב למלכות, יוצא ונכנס אצל הפריסטב. שמלקה ניאות לקבל עליו את השליחות בתנאי שאלווה אליו בביקורו אצל ראש המשטרה.

בוקר אחד שמנו פעמינו אל המשטרה. על פי עצתו של שמלקה לקחתי עמי את הספר „זרובבל" ושטר של שלושה רובל, אשר שמלקה הניח כ„סגולה" בין הטבלה הקדמית והדף הראשון, אשר עליו היתה מודפסת ה„דאָזוואָלענאָ צענזוראָי" (הרשאת הצנזורה). משבאנו לחדר ההמתנה ביקש שמלקה ראיון אצל הפריסטב ומיד נשמעה התשובה „ווסטופאָט" (יבוא). נכנסנו למשרדו ובמלים קצרות הסביר לו שמלקה את מטרת ביקורנו. תוך כדי דיבור הושטתי לפריסטב את הספר תוך כדי פליטת המלים: „עטאָ קניגאָ דאָזוואָלענאָ צענזוראָיו" (הנה הספר עם ההרשאה של הצנזורה). הפריסטב פתח את הספר, גילגל בזריזות מופלאה את „השלישיה" (שלושה רובל) לכף ידו, סגר אותה בהכרה עצמית כמעט צבאית, קימט את המצח, המהם כמה הברות והחזיר לי את הספר בטון מצווה למחצה: „דאָ, טאָקס, זנאָטשיט נאָדאָ ראזרעשעניע" (כן, כן, כלומר נחוצה הרשאה). הוא גם יעץ לנו לשלוח מברק לאיספרבניק (ראש המשטרה בעיר המחוז) בטירספול בזו הלשון: „פראָשו ראזרעשיט יעווריסקאָ-ניעמיעצקי דאָמאָשני בעזפלאָטני ספעקטאָקל" (אבקש להרשות הצגת מחזה יהודי-גרמני, פנימי, ללא תשלום) ולחתום את שמי. כשתגיע תשובת האיספרבניק הוא יודיע לנו.

למותר לומר שעשיתי כל מה שיעץ לנו הפריסטב. שלחתי את המברק וחכיתי להודעה. כעבור יומיים בא לביתי שוטר והזמין אותי למשרדו של הפריסטב. הלכתי אל שמלקה, לקחתי עמי את הספר, תחבתי „שלישיה" במקום הידוע והלכנו שנינו לראות את פני האדון.

כשראה אותנו הפריסטב עם הספר הסביר לנו פנים ובשמחה עשויה, מתקתקת, הרעים: „יעסט ראזרעשעניע" (ישנה הרשאה). שמלקה הושיט לו את הספר ובעת שגילגל את ה„שלישיה" לתוך כף ידו, קרא באזנינו את תשובת האיספרבניק: „אָביאָוויטיע אייזיקו

גוראוויטשו, טשטא יעוורעיסקא-ניעמיעצקי דאַמאַשני בעזפּלאַטני ספּעקטאַקל ראזרעשאַיו"
(„הודע לאייזיק גורביץ, שאני מרשה הצגת המחזה היהודי־גרמני באופן פנימי ללא תשלום" — הכוונה ללא מכירת כרטיסים).

לפני צאתנו מחדרו התרה בנו הפריסטב בקפדנות מעושה: ראו, אהיה בתיאטרון, ואם תשחקו בעברית ולא בעברית-גרמנית (יידיש) אתן פקודה להוריד את המסך. הבינונו את הרמז ואת האיום. ידענו שלא יבוא לתיאטרון ובחוץ פרצנו בצחוק עליז.

ערב 11 בדצמבר 1901. לפני פתח התיאטרון צפיפות רבה. כל הכרטיסים מכורים. אולם בחוץ, לפני התיאטרון עומדים רבים ואין הם רוצים לוותר על הזכות לחזות במחזה יהודי. חזינו מראש את המצב העשוי להיווצר והכינונו בעוד מועד ערמת אבנים, מהן התקנו במהירות „גליורקה" במקום הפנוי שבין הכניסה והספסלים. מי שהזדרז מצא לו מקום עמידה ב„גליורקה". וכפי שניתן להבין לא חסרו קופצים גם למקומות עמידה.

האולם היה מלא מפה אל פה. הסדרנים יצאו ממש מכליהם להבטיח את הסדר בתוך הקהל הרב והמנומר. השעה שמונה. מנורות הנפט שהאירו את האולם נכבו. דומיה השתררה והקהל העצום עצר ממש את הנשימה מרוב צפיה. באיטיות מודגשת עולה המסך ודובוסרי היהודית זוכה זו הפעם הראשונה בתולדותיה לראות את בניה משחקים בתיאטרון ביידיש. (תיאטרון ברוסית הוצג מזמן בדובוסרי).

השעה שתים-עשרה. המסך ירד. ההצגה נסתיימה, אך הקהל עומד שעה ארוכה, מוחא כפים בהתרגשות ואינו יכול להינתק מהתיאטרון. תשואות וקריאות עידוד מחרישות אזנים מהדהדות זמן רב בתוך האולם.

גם בחוץ קשה היה לצופים להפרד וללכת הביתה וחבורות חבורות התגודדו ברחובות ופי האנשים לא פסק מלהביע התלהבות ותמיהה על ההצגה. „איזה משחק! כיצד הפליאו לשחק! מנין למדו זאת? כיצד הגיעו לכך? כפרה ארוחה טובה, כפרה עשר כוסות יין משובח בעד משחק אחד כזה!" תהילות ותשבחות כאלה וכיוצא באלה נפלו על ראשינו בשפע רב. ואנחנו ה„שחקנים", בעמדנו מאחורי הקלעים, חרף כל היסורים והתלאות ששבענו במשך ההכנות ואף בעת ההצגה, שבענו סו"ס גם קצת נחת בראותנו בתיאטרון קהל כה נלהב.

וצרות היו למכביר. שהרי „חבר'ה" המשחקים תיאטרון בפעם הראשונה, בלתי מרוסנים וחסרי משמעת, המו ורעשו והפריעו זה לזה. אצל פלוני סחבו בטעות את כל ההלבשה; ואצל אלמוני נעלם לפתע הזקן; ואצל פלמוני היה דוקא הכל בסדר, אלא מעשה שטן, השתפל שפם אחד, נגרר כאילו אחרי חברו ונראה כזקנקן, וככל שהשתדל להרימו התעקש וטלטל עצמו כסרחת העודף. בעל השפם מתרתח, רוקע ברגליו, מתרגז עד כדי טירוף — הוא צריך לצאת אל הבמה, עמיתו מסתובב כבר על הבמה מעוצבן, והשפם עומד במריו... סו"ס הצליח מישהו להדביק במנה גדושה של דבק את השפם ללחיו והשחקן יכול להופיע במזל על הבמה. ואילו אחרים, ביחוד ה„סטטיסטים", כ-20, ביניהם גם ילדים, התחבטו בין הרגלים ולא מצאו להם מקום. השאון והרעש ואי-הסדר מאחורי הקלעים מרטו את העצבים והעכירו את רוחנו.

לעומת זאת הצליחו המשחק, התמונות השונות והופעות ההמונים, והסיום היה שיא ההצלחה. על הבמה שרר סדר מופתי והמשחק היה הרמוני ושלם.

ברדתנו מהבמה עם תום המערכה האחרונה היינו כולנו חדורי סיפוק והכרה, כי בהצגה זו הנחנו יסוד איתן לתיאטרון יהודי בדובוסרי.

✶ ✶ ✶

אחרי ההצגה הוזמנה הלהקה יחד עם מספר אוהדים למסיבה, שהוכנה מראש בבית אחותי וגיסי ראובן ופרל בורטניקר. המסיבה נמשכה עד לשעות הבוקר הראשונות ובה, על יד שולחנות ערוכים עמוסי ממתקים ומגדנות וכוס משקה, החלטנו כי כל ההכנסה הנקיה של ההצגה תוקדש ליסוד ספריה וחדר-קריאה. משפחת בורטניקר הודיעה בו במקום על נכונותה להעמיד את ביתה לרשות הספריה וראובן גיסי התנדב לשמש אותה בתור ספרן.

כך נולד התיאטרון היהודי והמרכז התרבותי הראשון בדובוסרי.

**אייזיק הורוויץ**

# דער „בראשית" פון יידיש טעאטער אין דובאסאר

## א.

געווען איז דאָס אין יאָר 1901. אַ יידיש וואָרט אויף דער בינע איז געווען אַן ענין פון מעשה־ביכלעך. יידיש טעאַטער איז געווען פארבונדן מיטן נאָמען גאָלדפאדן, וועלכער איז „אַמאָל" אַראָפּגעקומען קיין דובאסאר און אויפגעפירט, אזוי פלעג מען דערציילן, עפעס חוזק׳דיקע ליצנות מיט צוויי קוני־לעמלס און א באבע יאכנע וואָס טרייבט כישוף, קאָכט קעסלען פעך און סמאלע, קריכט אויפן בוידעם זוכן נעכטיקע טעג און נאָך אַזעלכע שווארץ־קונץ־שטיק. אנשטענדיקע מענטשן, בעל־בתּישע יידן, זיינען נישט געגאנגען זען דעם שפּיציקן חוזק און די נאַרישע שפּאסייערייען, און גאָלדפאדן איז כמעט ווי פאַריאָגט געוואָרן פון דובאסאר נאָך אַפאָר וואָכן האָרעוואַניע צונויפצוקלאַפּן עטלעכע קערבלעך אויף מזונות פאַר זיינע „אַקטיארשטשיקעס" און הוצאות הדרך.

אזוי האָט עס געהאַלטן מיט יידיש טעאַטער אין יענע צייטן, ווען קיין ביבליאָטעק איז נאָך אין שטאָט נישט געווען, פון אַ קולטור־צענטר איז נאָך קיין זכר נישט געווען און אַ יידישע אָדער העברעאישע צייטונג פלעגט אָנקומען בלויז צו יחידי סגולה. מגידים און דרשנים פלעגן זיך באווייזן פון צייט צו צייט, יוער אויפצוהאלטן מוסר־דרשות; ווער וועגן חיבת־ציון. דאַן פלעגט מען מודיע זיין דורך געשריבענע מודעות אין די שולן און קלויזן, אז שבת פארנאכט וועט דער און דער דרש׳ענען אין דער אלטער קלויז און אַלע ווערן געבעטן צו קומען הערן די דרשה. אָבער פון טעאַטער, פלאטפארמע פארטראגן אדער ענלעכע עפנטלעכע ארויסטרעטונגען פאר פאָלקס־

מענטשן — פון דעם האָט מען נאָך אין יענע טעג נישט געהערט און נישט געוואָלט וויסן.

געווען יידן פרומע, גאסטפארכטיקע, וואָס האָבן זיך בכלל באצויגן מיט ביטול צום „זאַגעכץ" פון א פראַגרעסיוון רעדנער. וואָס שייך טעאַטער פלעגן זיי טענה'ן: וואָס ווילן זיי די אקטיארשטשיקעס? אָנגעשמירטע פנימער מיט טלית־קטנ'ס אויף דער לינקער זייט; אָדער חצופות וואָס ווייזן שטיקלעך נאקעטע פיס מיט־מיט־מיט זאָל גאָט שומר ומציל זיין... ווער זיינען זיי? טרייפניאַקעס, אויסגעלאָסענע יונגען מיט מיידן, פאַרדאַרבענע פאַיאַצן, וואָס באַשמוצן דעם יידישן נאָמען און פארשווארצן אונז דאָס פנים, ברענגען יידישע קינדער צו מחשבות זרות, צו חילול השם ר"ל.

אין אַזאַ קליינשטעטלדיקער צוריקגעשטאַנענער אַטמאָספערע האָט דער צופאַל פאַרטראָגן קיין דובאסאר א יונגן בחור, קלמן בייליס, וואָס איז געקומען אויף באַזוך צו זיין ברודער, ישראל מאיר מלמד. פון האָראָדאָק איז ער געקומען, אַ שטעטל אין גראָדנער גובערניע, און געהאַט האָט ער שוין הינטער זיך, אָט דער בחור, אַ גאַנצע טעאַטער געשיכטע. אין זיין שטעטל האָט ער מיט אַ קרייז ליבהאבער געשפילט טעאַטער, אליין אפילו געווען דער רעזשיסאָר און געווען פארקאָכט אין שוישפילעריי.

ישראל מאיר מלמד, חיים שמש איידעם, מיט וועמען איך בין געווען זייער נאָענט באפריינדעט, האָט מיך באַקענט מיט זיין ברודער און האָט מיר געבעטן איך זאָל אים באַקענען מיט דער דובאסארער יוגנט.

געווען איז עס סוף זומער־צייט און דאָס באָדן זיך אין דניעסטר איז באַלד געוואָרן אַ טרעף פונקט פאר אונז, יונגע חבֿרה, מיט קלמן בייליס. מיר האָבן אין אים גלייך דערזען א כוח, וואָס קאָן א שטויס טאָן פאָרויס די אָפּגעשטאַנענע פּראָווינציעלע דובאסארער באַלעבאַטישע יינגלעך און מיידלעך. נאָך אַ פּאָר צוזאַמענטרעפן מיט קלמן בייליס, איז ביי אונז, די מער פאָרגעשריטענע צווישן די דובאסארער יוגנט, קלאָר געווען אַז מיר דאַרפן אויך עפעס אָנהויבן טאָן. מיט זיין איניציאַטיוו און הילף האָבן מיר צוזאַמענגעשטעלט אַ גרופע פון אַרום צען חברים אויפצופירן „דאָס ליד פון ברויט" פון מ. מ. ווארשאווסקי. און קלמן, צוזאמען מיט וועלוול קאזאצקער, אַ זינגער מיט זייער א פיינער באַריטאָן־שטים און גוט באהאוונט אין מוזיק, האָבן אָנגעהויבן איינ־שטודירן מיט אונז „דאָס ליד פון ברויט".

אָנגעטאָן אין ווייסע העמדער מיט ווילעס אין די הענט, האָבן מיר מיט פייערדיקן עקסטאז און יומטובדיקער דערהויבנקייט געטראָגן די זאנגען און יובלדיק געזונגען דאָס זאַפטיקע ליד:

„גרויסער גאָט, מיר זינגען לידער,
אונזער הילף ביזטו אליין;
נעמט צונויף די סנאָפּעס, ברידער,
ביז די זון וועט אונטערגיי—יי—יין".

אויפן בינעלע, באלויכטן מיט אַ געהיימניספול ליכט, האָבן מיר אויסגעזען ווי סילועטן אקעגן א פארכישופטן האָריזאָנט; ווי בין־השמשות שאָטנס, ווי גייסטער

פון א פרעמדער־ווייטער וועלט, האָבן מיר זיך ריטמיש באַוועגט און געפּליסטערט:

„לאָז די זון אונז בריען, בראָטן,
זי האָט אונז געשיינט צום גליק;
זעט — דאָס ברויט אין אונז געראָטן,
קינדער — קיינמאָל נישט צוריק".

דאָס בילד האָט עלעקטריזירט דעם עולם, דאָס זינגען האָט געכישופט, דאָס מיסטעריעזע ליכט האָט ווי פאַרנעפּלט די מוחות פון די צושויער. פון הונדערטער צעוואָרימטע הערצער, ברייט צעעפנטע אויגן און פאַנאַנדערגעעפנטע מיילער האָבן פערלדיקע תפילות געשעפּטשעט תחנונימדיק: „לאָז די זון אונז בריען, בראָטן... קינדער, קיינמאָל ניט צוריק־„!!"

הערשל חייקלס זאַל איז מיטאַמאָל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קונסט־טעמפּל, אין תהילות ותשבחות, געמישט מיט טרערן פון פרייד, האָבן זיך געגאָסן אויף די קעפּ פון די „ליבע יידישע קינדערלאַך, וואָס האָבן באַוויזן אונזערע פאַרחושכטע הערצער אַזוי צו דערקוויקן און דערפרייען".

דער שפּראָץ פון יידיש טעאַטער האָט ווי אַ פאַרזייטער קערן אין אַ צואַקערטער ערד זיך דורכגעשלאָגן צו דער אויבערפלאַך. דער יסוד איז געלייגט געוואָרן.

ב.

נאָך דער אויפריכטיק־וואַרעמער אויפנאַמע פון אונזער ערשטן ארויסטריט, האָט אונזער מוט און קוראַזש זיך ווי קוועק־זילבער א הויב געטאָן און ניט לאָזנדיק אפּקילן דעם שטורמישן אויפברויז אין אונזערע אייגענע רייען, האָבן מיר באַשלאָסן גלייך אויסצואַרבעטן פּלענער פאַר צוקונפטיקער אַרבעט, איצט שוין אלס קרייז, אלס אַ גרופּע טעאַטער ליבהאָבער, „ליוביטעלעס".

קלמן האָט פאָרגעלייגט זיך צוגרייטן אויסצופירן דאָס טעאַטער שטיק „זרובבל", אַ מעלאָדראַמע מיט געזאַנג, געבויט אויף דער קאַנווע פון גלות בבל־שיבת־ציון פון מ. ל. ליליענבלום. ער, קלמן, האָט געשפּילט „זרובבל" אין זיין שטעטל האָראָדאָק. די פּיעסע האָט געהאַט גרויס דערפאָלג. ער האָט פאַר אונז פאָרגעלייענט די פינף־אַקטיקע פּיעסע, זי איז אונז געפעלן און מיר האָבן באַשלאָסן זי אויפפירן. עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָלעגיום פון דריי חברים אויסצוטיילן די ראָלן און זיין פאַראַנטוואָרטליך פאַר די צוגרייטונגען ביז נאָכן דורכפירן די פאָרשטעלונג. די דריי חברים זיינען געווען: וועלוול קאַזאַצקער, קלמן ביילים און דער שרייבער פון די שורות.

פון די וועלכע האָבן אָנטיילגענומען אין דער אויפפירונג פון „זרובבל" געדענק איך איצט בלויז די פאָלגענדע נעמען: קלמן, וועלוול און זיין ברודער נחמן קאַזאַצקער, יוסף פיינשיל, יעקב אימאַס, בערעלע מאַליער, יאַנקל ניסנבוים און יאַנקל (אָדער אַנדערש) שייקע גלעזערס. מיר, אַלס דעם גוטן פערד וואָס שלעפּט אַסך, האָבן קלמן און וועלוול צוגעטיילט דריי ראָלן, צעטיילט צווישן ערשטן, צווייטן, פערטן און פינפטן אַקט. אחוץ מיינע דריי ראָלן בין איך אויך געווען קאַסירער, בילעטן דרוקער (מיט די אייגענע הענט מיט אַ גומי שטעמפּל, ניט געווען קיין דרוקעריי אין דובאַסאַר), מודעות שרייבער און אויפקלעפּער אין די שולן. איך האָב אויך צוזאַמען מיט וועלוועלען אין

קלמנען געהאָלפן איינשאַפן די גאַרדעראָבע, בערד און שמינקע און אַנדערע קלייניקייטן פאַרבונדן מיט דער אויפפירונג. נאָך צוויי חברים מוז איך דערמאַנען, ניט קיין טעאַטער מענטשן, וואָס האָבן אָבער זייער פיל געהאָלפן — משה צעלניק, וואָס האָט פאַר אונז צוגעשטעלט אַלע נויטיקע שמינקעס פון זיין „אַפּטעקאַרסקי מאַגאַזין", און שמואל גוזמאַן וואָס האָט גלאַט ליב געהאַט זיך „דרייען" אַרום טעאַטער און העלפן ווען און וויפל מען האָט געדאַרפט.

אָט דער שמוליקל גוזמאַן האָט אונז טאַקע געלייזט א שווערע סיטואַציע. מען האָט געדאַרפט ברענגען אַ קרבן אויף דער בינע און עס האָט געדאַרפט אַראָפּ אַ פייער פון „אויבן" און פאַרברענען דעם קרבן. עס איז געווען אַ שווערע סיטואַציע און מיר האָבן זיך ניט געקענט קיין עצה געבן. שמואל איז אַרויף אויף אַ טיש הינטער די קוליסן, אַנגענומען אַ פולן מויל מיט קעראָסין און האַלטנדיק אין האַנט אַן אָנגעצונדענע ליכט האָט ער דורך אַ גרויסן שפּאַלט א פליוכע געטאָן דעם קעראָסין אויף דער בינע אַרויף אויף דעם ברענענדיקן ליכט. עס האָט אַ זעץ געטאָן אַ שטאַרקער פלאַם און אַ געדיכטער רויכיקער נעפּל האָט אַרומגענומען די גאַנצע בינע... דער קרבן איז פאַרברענט געוואָרן און דער עולם אין טעאַטער האָט אין גרויס שרעק אָנגעהויבן לויפן צו די טירן. אָט אַזוי האָט מען אין דובאָסאַרער טעאַטער מקריב געווען קרבנות. און איצט צוריק צום עצם ענין.

מיר האָבן זיך אַ נעם געטאָן מיט אימפּעט צו דער אַרבעט, כאָטש עס האָבן נישט געפעלט קיין פּוילעאָקעס וועמען מען האָט געמוזט „שלעפן" צו די רעפּעטיציעס. יאָ, קיין פּרוּוען האָבן מיר ניט געקענט קריגן אויסצופילן די צוויי פרויען־ראָלן אין דער פּיעסע און בערעלע מאַליער האָט געשפּילט שלומית די געליבטע און שייקע גלעזערס בחור׳ל האָט געשפּילט די מוטער.

די וואָך נאָך סוכות האָבן מיר אָנגעהויבן מאַכן פּראָבן אין „חדר" פון ישראל מאיר מלמד, צוויי־דריי אָוונטן אין וואָך. און אַזוי ווי אַלץ איז פאַר אונז געווען ניי און פרעמד, האָבן מיר געהאַט גרויסע שוועריקייטן אין באַזאָרגן דעם נויטיקן רעקוויזיט, קליידונג און בינע־אויסשטאַטונג. מיר האָבן זייער מקפיד געווען און זיך באַמיט צו שאַפן די בעסטע עפעקטן און דאָס טאַקע האָט אונז געקאָסט אסך מי, צייט און געלט. מיר האָבן איינגעקויפט סחורה, אויפגעזוכט נאָענט־פריינטליכע אין פאַראינטע־רעסירטע חברות, וועלכע האָבן פאַר אונז גענייט די קליידער אין סטיל און גייסט פון די טיפּן און תקופה ווי דער שרייבער האָט זיי געמאָלן און לויט קלמנס אָנווייזונגען. אויף פּאַרוקן און בערד האָבן מיר אליין געמוזט איינשאַפן און דאָס האָבן שוין אונטער־גענומען און געטריי צוגעשטעלט פייקע, נחמנ׳ס מיידל, און איר שוועסטער, פּאַרוקמאַ־כערינס פון פאַך. ביי אונז אויפן הויף, אין קיילע חיים מרדכי׳ס שולכל, אין דער ווייבערשער אָפּטיילונג, האָבן מיר אויפגעזאַמלט דעם גאַנצן רעקוויזיט און יעדעס מאָל ווען עס איז וואָס פאַרטיק געוואָרן איז דאָס אַהער געבראַכט געוואָרן.

אַרום ענדע נאָוועמבער האָבן מיר באַשלאָסן דינגען דעם „גאָראָדסקאָי טעאַטער" אויף אַ טאָג אין דעצעמבער, ווען ער וועט זיין פריי פאַר אונזער פאָרשטעלונג. אויפן 11־טן דעצעמבער האָבן מיר באַקומען דעם טעאַטער פאַר פינף רובל אַ נאַכט. איצט

זיינען מיר אוועקגעשטעלט געוואָרן פאר אַ נייער שווערער פּראָבלעם. מיר האָבן געמוזט האָבן אַ דערלויבניש צו שפּילן טעאַטער, אַנדערש האָבן מיר דעם זאַל ניט געקענט קריגן.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן ארומלויפעניש און אַ זוכעניש ווי אַזוי און דורך וועמען צוצוקומען צום פּריסטאַוו ארויסצובאַקומען די געוואונטשטע דערלויבעניש. איך בין אַוועקגעשטעלט געוואָרן פאַר אַ שווערער אויפגאַבע. צום מזל איז מיר אונטערגעקומען צו הילף מיינער אַ פריינד, שמעלקע מלמד, וואָס איז געווען א קרוב למלכות, א גאנצער בן־בית ביים פּריסטאַוו. שמעלקע האָט אונטערגענומען די שליחות, אבער מיטן תנאי אַז איך זאָל אויך מיגיין מיט אים צום פּריסטאַוו. מיר זיינען ביידע אַוועק אין אַן אינדערפרי, מיטגענומען מיט זיך, אויף שמעלקעס עצה, דאָס ביכל „זרובבל" און אַ „דרייערל" איז מזומן, וואָס שמעלקע האָט אַריינגעלייגט צווישן דעם טאוול און ערשטן בלעטל. פאר היימלעכקייט וועגן האָט ער זיך געזוו־צלט, ווייל דאָרט איז געדרוקט די שמירה סגולה „דאָזוואָלענא צענזוראיו". ווען מיר זיינען אריינגעקומען אין דער „אפראווא", האָט זיך שמעלקע אָנגעמאָלדן צום פּריסטאוו און עס איז געקומען אַן ענטפער „ווסטופאט". מיר זיינען אַריין אין אויפנאַמסצימער און שמעלקע האָט אין קורצע ווערטער באקאנט געמאַכט דעם פּריסטאַוו אין וואָס עס האַנדלט זיך. מניה וביה האָט ער אים דערלאַנגט דאָס ביכל זאָגנדיק דערביי: „עטא קניגא דאזוואלענא צענזוראיו". דער פּריסטאַוו האָט אויפגעעפנט דאָס ביכל, קוּנציק אריינגעקאטשעט דאָס דרייערל אין דער האַנט אַריין און פארמאכנדיק די האַנט, כמעט מיט מיליטערישער ווירדע אַ קנייטש געטאָן דעם שטערן, עפּעס אַ ברום געטאָן, דערלאַנגט דאָס ביכל צוריק און געזאָגט, האַלב געמאַכט, האַלב באַפעלעריש: „דא, טאַקס, שנאַטשעט נאַדאַ ראזרעשעניע". ער האָט געראטן שיקן אַ טעלעגראַמע צום איספּראווניק אין טיראספּאָל מיט פאָלגענדן אינהאַלט: „אויעזדנאמו איספּראוניקו, טיראספּאל, פּראָשו ראַזרעשיט יעווריסקאַ־ניעמיעצקי דאָמאַשני, בעזפּלאַטני ספּעקטאקל", און זיך אונטערגעשריבן. ווען עס וועט אָנקומען דער ענטפער וועט ער אונז לאָזן וויסן.

איך האָב געטאָן ווי ער האָט געהייסן און אויפן דריטן טאָג איז געקומען אַ פּאָליציאַנט און מיך גערופן אין פּריסטאַווס קאַנצעלאַר־יע. איך בין אוועק צו שמעלקען און איבער׳חזר׳נדיק דיזעלבע שפּיל: דאָס ביכל, א דרייערל פארשטעקט וואו מען דאַרף, זיינען מיר ביידע אוועק צום אדון. און ער, דער אדון, דערזעענדיק אונז מיטן ביכל אין דער האַנט, האָט ער אונז אויפגענומען שוין אַביסל זיס־לאַקרעצדיק און ווי מיט געמאַכטער פרייליכקייט ארויסגעפּראַלט: „יעס ראַזרעשעניע". שמעלקע האָט אים דערלאַנגט דאָס ביכל און דער פּריסטאַוו האָט קאַטשענדיק דאָס דרייערל געלייענט פאר אונז דעם ענטפער פון איספּראווניק: „אָביאַוויטיע אייזיקו גוראוויטשו טשטאָ יעווריסקאַ־ניעמיעצקי דאָמאַשני בעזפּלאַטני ספּעקטאַקל ראַזרעשאַיו".

איידער מיר זיינען ארויס האָט דער פּריסטאַוו מיט א פאלשן געבייזער א זאָג געטאָן: זעט־זשע, איך וועל זיין אין טעאַטער, אויב איר וועט שפּילן פּאָ יעווריסקי און ניט פּאָ יעווריסקאַ־ניעמיצקי, וועל איך באַפעלן ארונטערלאָזן דעם פאָרהאַנג.

מיר האָבן פאַרשטאַנען דעם וואונק און דעם סראשונאַק — אַז ער וועט אין טעאַטער ניט קומען און מיר האָבן זיך אינדרויסן פאַנאַנדערגעלאַכט.

11־טער דעצעמבער 1901. אין אָוונט. אַ געדרענג, אַ געשטופעניש ביים אריינגאַנג אין טעאַטער. די גרעסטע צאָל בילעטן אויספאַרקויפט, אָבער פיל שטייען און ווילן אריין און קיין פלאַץ צו זיצן איז שוין נישטאָ. מיר האָבן פאָרויס וועגן אַזאַ צושטאַנד געטראַכט און מיר האָבן צוגעגרייט אַ הורבע „קאַטיליעצן" אין פאַל עס וועט אויס־פעלן פלאַץ. אויף גיך איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ „גאַליאַרקע" פון די שטיינער, אויסגעלייגט אויפן ליידיקן פלאַץ צווישן די בענק און דעם אריינגאַנג — און שטייט יידן, און זעט יידיש טעאַטער, אויב אייך איז ניחא. בעלנים אויף דער מציאה האָבן זיך געפונען איבערגענוג.

דער טעאַטער איז געווען געפּאַקט אויף אַ שפּילקע נישט אריינצוּוואַרפן. די זשורירער שוויצן, שרייען, אַרבעטן אויף אַלע זייטן צו האַלטן אָרדנונג. אַכט אַ זייגער. די קעראַסין לאָמפּן אין זאַל אויסגעלאָשן. דעם עולם האַלט איין דעם אָטעם אין אומגעדולדיקער דערוואַרטונג. עס ציט זיך לאַנגזאַם אַרויף דער פאָרהאַנג און דובאָסאַר איז זוכה צום ערשטן מאָל אין איר געשיכטע צו זען אירע אייגענע קינדער שפּילן טעאַטער, יידיש טעאַטער (די גויים האָבן שוין לאַנג געשפּילט טעאַטער).

אַרום צוועלף אַ זייגער, ווען די פאָרשטעלונג האָט זיך געענדיקט, איז אַ שטורמיש־באַגייסטערטער עולם מינוטן לאַנג נאָך געשטאַנען ווי צוגעשמידט צו די פּלעצער, געפּאַטשט בראַוואָ און מיט דונערנדיקע, כמעט ווילדע אויסגעשרייען, אויסגעדריקט זיין אַנערקענונג די שוישפּילער.

נאָך לאַנג־לאַנג, שוין זייענדיק אויפן גאַס, האָבן גרופּעס באַגייסטערטע צושויער געטומלט און געליאַרעמט — „אַך, האָבן זיי געשפּילט! אַך, האָבן זיי דאָס קונציק געמאַכט! ווי קומט דאָס צו זיי? פון וואַנען האָבן זיי זיך דאָס אַזוי שיין אויסגעלערנט? אַ כפּרה אַ גוטער מאַלצייט, אַ כפּרה צען גוטע גלעזער ווייַן פאַר איינמאָל זען זיי שפּילן טעאַטער". אַזעלכע און ענלעכע ליבּ־ווערטער זיינען געפאַלן אויף אונזער אַדרעס. און מיר, די „שוישפּילער" אונטער די קוליסן, צו די געבּרענטע צרות וואָס מיר האָבן געהאַט די גאַנצע צייט פון די צוגרייטונגען און אפילו בעת דער אויפפירונג גופא, האָבן סוף־סוף אויך דערלעבט אַביסל נחת זעענדיק אין טעאַטער אַזאַ באַגייס־טערטן עולם.

חברה וואָס שפּילט צום ערשטן מאָל טעאַטער, נישט געצוימט און אָן דיסציפּלין, האָבן אָנגעמאַכט אַ גרויסן טומל און פיל געשטערט. ביי איינעם האָט מען דורך אַ טעות אוועקגעשלעפּט זיין גאַנץ פּעקל „אַנטועכץ"; ביי אַ צווייטן איז זיין באָרד „ניט געוואָרן", כאָטש נעם און גיי אַרויס אויף דער בינע ווי דו שטייסט און גייסט. ביי אַן ענדערן איז דווקא אַלץ געווען אין אָרדנונג, נאָר מעשה שטן האָט איין האַלבע וואָנצע זיך עקשנות'דיק אַרונטערגעלאָזן, זיך נאָכגעשלעפּט און עס האָט זיך געשאַפן ווי אַ מין באַזונדער בערדל. ער וואָרפט זיך, קאָכט זיך, איז אויפגערעגט ביז צו משוגע מאַכן די אַנדערע וואָס שטייען אַרום אים. און דאָ דאַרף ער שוין אויפטרעטן, אַרויס אויף דער בינע, זיין פּאַרטנער דאָרט גייט שוין אַרום אומגעדולדיק, און די

האַלבע וואַנצע עקשנט זיך און באמבלט זיך ווי א סרח העודף. ביז מען האָט איר סוף־סוף מיט אסך קליי ארייַנגעפּאַטשט אין קינבאק אריין און ער איז ארויס אויף דער בינע.

אַנדערע ווידער, איבערהויפּט די סטאטיסטן, ביי א 20 אין צאָל, צווישן זיי אויך קינדער, האָבן זיך גלאַט געפּלאָנטערט צווישן די פיס. און דער טומל, דער רעש און דער געמיש הינטער די קוליסן איז געווען מורא׳דיק, פאַרדריסלעך און פיינלעך. דאָס שפּילן, די באַזונדערע סצענעס און דער פינאל זיינען דוקא אריבער אין דער בעסטער אָרדנונג. אויף דער בינע האָט געהערשט פולער און פאַראַנטוואָרטלעכער צוזאַמענ־שפּיל און צוזאַמענגוס. מיר זיינען אַלע ארונטער פון בינע נאָכן לעצטן אַקט מיט דעם פולסטן באוואוסטזיין און טיפער סאטיספאקציע, אז מיר האָבן געמאַכט א גוטן אנהויב, אַז מיר האָבן פאַרלייגט דעם פונדאַמענט פאַר יידיש טעאַטער אין דובאסאר.

נאָך דער פאַרשטעלונג איז דער גאַנצער אנסאמבל און אויך א צאָל נאָענטע סימפּאַטיקער פון טעאַטער, איינגעלאַדן געוואָרן אויף א פרייער צוגעגרייטן באַנקעט אין הויז פון מיין שוועסטער און שוואגער, ראובן און פערל בארטניקער. מיר האָבן פאַרבראַכט ביז אין די ערשטע פרימאָרגן שעהן. טאקע דא, ארום די געדעקטע טישן מיט אַלע גוטע זאכן און א גלעזל משקה, האָבן מיר באַשלאָסן אז די גאנצע ריינע הכנסה פון דער פאַרשטעלונג זאָל פאַרווענדעט ווערן אויף איינצואָרדנען א ביבליאָטעק און א לעזע־זאל. די בארטניקערס האָבן גלייך געלאָזט וויסן אז זיי שטעלן זייער הויז צו דער דיספּאָזיציע פאַר א ביבליאָטעק און לייען־זאַל. ראובן בארטניקער האָט זיך פאַרגעשלאָגן צו זיין דער ערשטער ביבליאָטעקאַר. אזוי איז געבוירן געוואָרן יידיש טעאַטער און דער יידישער קולטור צענטער אין דובאסאר.

הרי שיר

# ר׳ איציק שרגורודסקי – הכלי־זמר מדובוסרי

כמרבית כלי-הזמר היהודיים בערי רוסיה ועיירותיה, היה אבי איציק שרגורודסקי חסר השכלה מוסיקלית שיטתית. הוא היה כלי-זמר „מכוח עצמו". ברם, לא „כלי-זמר" סתם היה אבי, אחד מני רבים. על פי דרכו היה אמן מחונן, וירטואוז, ואין ספק שאילו היה זוכה אבי להכשרה מוסיקלית ראויה לשמה ופועל בתנאים מעודדים, מי נביא וידע לאילו הישגים היה מגיע.

ספק אם אי-פעם שמע אבי על קיומו של אחד סטראדיוואריוס, שחי לפני מאות בשנים, והכינורות שעשו ידיו חיים וקיימים עד היום ואמנים מחוננים מפיקים מתוך מיתריהם צלילי קסם; ספק אם אף ידע יחוסו של כנורו הוא. אפס דבר אחד ברור לי: הצלילים שהפיקו אצבעותיו ממיתרי כינורו היו הבעה נאמנה לאישיותו המוסיקלית. שכן בשעה שאבי לקח את הכינור לידו היו צליליו משתפכים עתים כנהר רחב ביום קיץ רגוע, עתים כיער גועש מרוח סערה; עתים בקע מתוכו קול תרועת נצחון ועתים התיפח כבכי

גלמוד ועזוב על פני שדות חורף קפואים ומושלגים. עתים מרר כינורו בעצב רווי כיסופים ועתים הריע בצהלת גיל אין קץ. דרך נגינתו הסגולית וביצועו המושלם העמידוהו משכמו ומעלה מעמיתיו ועשוהו לארי שבחבורה, לראש הלהקה.

* * *

„כלזמרות' היא פרנסה עליזה — יאמר הפתגם העממי — ומיד יוסיף: אבל גם אביונית". שעל כן משובץ הלוח היהודי עד בלי די בימי אבל ושבועות אבל, בימים של גזירות ואסונות; ויש בו תקופות שלימות שאין עורכים בהן חתונות וחנגאות, ונגנים יהודיים מתהלכים באפס מעשה. אלא שגם בתקופות העליזות כביכול, זעום שכרו של כלי-זמר, להוציא חתונה של בני עשירים (וכמה גבירים יש בסך הכל בעיירה יהודית?). יש חתונות שהמנגנים מקבלים שכרם ישר „מן הריקוד", וגובה השכר, כידוע, אינו אחיד. מחותנים בעלי יכולת נותנים יותר, מחותנים עניים נותנים מעט. בקיצור: מנגן בעיירה יהודית פירנס את משפחתו בלחם צר ומים לחץ.

משום כך, כאשר שני גיסיו של אבי, דודי מצד אמי — מרדכי והרשל — כתבו לו מאמריקה, כי שם, בארץ הזהב, מרויחים מנגנים מלבד בחתונות גם בתיאטרון היהודי, שעה אבי לקול עצתם ובתחילתה של המאה הנוכחית היגר לאמריקה, קודם בגפו כרוב המהגרים היהודיים, ואף זכה להשתתף כמנגן בצעדיו הראשונים של התיאטרון היהודי בארצות-הברית. ברם, מזלו לא האיר לו וזמן קצר לאחר נסיעתו חלתה אמי בשחפת, מחלה מצויה למכביר בשכבות העניות היהודיות ברוסיה, וכאשר הסבתא מניה כתבה לו שיחיש הביתה להציל את אשתו ואם ילדיו, ארז את צרורותיו וחזר לדובוסרי.

את אמריקה עזב, אבל לאמי לא הביא ארוכה. מחלתה התקדמה בצעדי ענק ובשנת 1903 שבקה אמי חיים לכל חי. שוב לקח אבי את השרביט בידיו ושוב היה ל„ראש הקאַפּעלע" (ראש התזמורת) של מנגני דובוסרי והסביבה.

* * *

מובטחני שפרט לשלימות הביצוע ניחן אבי גם בכושר קומפוזיטורי ובאמצעים הפרימיטיביים שעמדו לרשותו חיבר לחנים ומנגינות בעלי אופי פולקלוריסטי. כעד לכך ישמש ידידי משה ביק, אף הוא מלחין וויליד דובוסרי. לפני זמן קצר, בשנת 1964, פירסם המוזיאון למוסיקה בחיפה קונטרס מוסיקלי-פולקלוריסטי של משה ביק בשם „חתונה יהודית" ובין המנגינות לריקודי חתונה כלל ניגונים אחדים המיוחסים ליצירת אבי.

אין אני יודע מתי ואצל מי למד אבי תווים. מסופקני אם בחנויות של מכשירי כתיבה בדובוסרי ניתן היה להשיג באותם הימים „חוברות תווים", ואם כן, הרי עלו בודאי ביוקר ואיש כאבי לא יכול היה להרשות לעצמו לקנותן. זוכרני שהיה מסרגל גליונות נייר לבן ומתקין אותם לכתיבת תווים. לאחר מכן היה מכנס את אנשי הלהקה ומאמן אותם בניגוני המחולות — פרי יצירתו. לחנים אלה הפכו חיש מהר לניגונים עממיים, שהושרו ונוגנו בחתונות יהודיות, בהילולות ובמסיבות שהנוער היהודי היה עורך במוצאי-שבתות אחרי „הבדלה". ניגונים אלה לא נשארו בתחומיה של דובוסרי בלבד, הם התפשטו בערי דרום רוסיה ועיירותיה ונגנים רבים היו מבצעים אותם בכל עת מצוא.

הערי שיר

# ר׳ איציק שארגאראדסקי –
# דער דובאסארער קלעזמער

ווי דער רוב קלעזמערס אין יידישע שטעט און שטעטלאך פון אַמאָליקן רוסלאנד און פוילן, האָט אויך מיין פאָטער, איציק שארגאראדסקי, נישט געהאַט קיין מעטאָדישע מוזיקאַלישע אויסבילדונג. ער איז געווען א כלי־זמר „פון זיך אליין״. ער איז אָבער נישט געווען סתם א קלעזמער, איינער פון דער מאַסע. ער איז געווען אַ קינסטלער אויף זיין אופן, אַ ווירטואָז, און וואָלט ער געווען פאַרמאָגט די געהעריקע מוזיקאלישע אויסבילדונג און געווירקט אין אַנדערע באדינגונגען, ווער ווייסט צו וואָס פארא מדרגה ער וואָלט געווען דערלאנגט.

איך בין אין ספק אויב מיין פאָטער האָט געוואוסט, אז מיט אפאָר הונדערט יאָר צוריק האָט געלעבט א מייסטער סטראדיוואריוס, וועמען זיינע פידלען וואָס ער האָט געמאַכט האָבן אים איבערגעלעבט, און ביז היינט כישופן זיי פון זיך ארויס די וואונדערלעכסטע טענער און קלאנגען; איך ווייס אויך נישט אויב מיין פאָטער האָט געקענט דעם יחוס פון זיין אייגענעם פידל. זיכער איז אָבער אז די טענער וואָס ער פלעג ארויסזינגען פון זיין פידל זיינען געווען דער אויטענטישער אויסדרוק פון זיין מוזיקאלישער אינדיווידואליטעט. ווען ער פלעג נעמען דעם פידל אין דער האנט, פלעג ער זיך אָט צוגיסן ווי א ברייטער טייך מיט דער רואיקייט פון א זומער טאָג, און אָט זיך צעשטורעמען ווי א צעווינטיקטער צעוויגטער וואלד; אָט פלעג ער זיך צעשאלן אויף הויכע זיגער אקטאוון, און אָט זיך צעוויינען ווי דער עלנט, ערגעץ אויף ווינטערדיקע, פראָסטיק פארשנייטע און פארפרוירענע דרויסנדיקע אומהיימליכקייטן; אָט האָט זיך זיין פידל צעיאָמערט אין א נאגנדיקער טרויער און בענקשאפט, און אָט שמחה׳דיק אויסגעשפילט די גליקליכסטע פרייד. זיין ווירטואזיטעט און אייגנארטיק שפילן האָט אים ארויסגעהויבן פון די איבריקע קלעזמערס און אים געמאכט פארן הויפט, פארן „גלאַוונעם״ פון דער קאפעלע. זיין שפילן איז געווען גלייך צו דער ברכה, און זיי, די „בני הקאפעלע״, זיינען געווען די אמן זאָגער; ער איז געווען דער העל לייכטנדיקער בליץ־לאָמפ און זיי די פלאטער־פליגעלאך וועלכע האָבן זיך געווארימט ביי זיין שיין.

„קלעזמעריי איז א פריילאכע פרנסה״ — זאָגט דאָס פאָלקס ווערטל און גיט גלייך צו „אָבער אן אָרימע פרנסה״. פול איז דער יידישער קאלענדאר מיט טרויער טעג און טרויער וואָכן, מיט טעג פון גזירות און שווערע צייטן, ווען מען פראוועט נישט קיין חתונות און אנדערע היימישע ימים־טובים, און קלעזמערס האָבן נישט וואָס צו טאָן. אפילו אָבער אין די „שפיל־צייטן״ איז די „שכירה״ א קליינע, א נישטיקע, סיידן א



**ר׳ איציק שארגאראדסקי און זיין משפחה. דאס יינגעלע אין דער רעכטער זייט איז הערשל (הערי שיר) פאטאגראפירט אין יאר 1897.**

**ר׳ איציק שרגורודסקי ומשפחתו. הילד בצד ימין הוא (הרי שיר) התמונה היא משנת 1897.**

גבירישע חתונה (וויפל זשע גבירים פארמאָגט א יידיש שטעטל־?). פאראן חתונות אויף וועלכע די קלעזמערס קריגן אין דער האנט — „פון טאַנץ״, און דער טאַנץ פרייז איז, פארשטייט זיך, נישט קיין אייניהייטליכער. רייכע מחותנים גיבן מער, ארימע גיבן ווייניקער. אין סך הכל איז קלעזמעריי א קבצנישע פרנסה און מאָגער ביז גאָר איז אַ קלעזמערישער טיש. און אַז די קאפעלע פלעג זיך ארויסלאָזן אין וועג זוכן א „שפילעכץ״ אין די ארומיקע שטעט און שטעטלאך — זיינען די משפחות שוין גאָר געבליבן ווי „אויפן וואַסער״...

דערפאר ווען מיין פאָטערס צוויי שוואָגערס, מיינע פעטערס פון מאמעס צד — מרדכי און הערשל — האָבן אים געשריבן פון אמעריקע אז קלעזמער דאָרט האָבן חוץ אויף חתונות אויך „צו טאָן״ אין יידישן טעאַטער, האָט ער געפאָלגט זייער עצה און אין אָנפאנג יאָרהונדערט געפאָרן, פארשטייט זיך קודם אָן דער משפחה, קיין אמעריקע און זוכה געווען מיטצומאכן די ערשטע טריט פון יידישן טעאַטער. ער איז אָבער דאָרט לאַנג נישט געבליבן. די מאַמע איז קראנק געוואָרן אויף שווינדזוכט, א קרענק וואָס

איז געווען אַן אָפטער גאַסט אין דער יידישער אָרעמקייט. און אַז די באַבע מעניע האָט אים געשריבן ער זאָל למען השם קומען ראַטעווען זיין ווייב און די מאַמע פון זיינע קינדער, האָט ער לאַנג נישט געטראכט און איז געקומען צו פאָרן.

אמעריקע האָט ער טאַקע פאַרלאָזן, אָבער דער מאַמען האָט ער נישט געקענט ראטעווען. די קרענק האָט געמאַכט ריזן פאָרשריט און אין יאָר 1903 איז די מאמע מיינע, כּייגע „די קלעזמערקע", אויסגעגאַנגען. איציק שארגאראדסקי איז ווידער געווארן דובאסארער „ראש קאפעלע", א לעבעדיקע פידל לעגענדע אויףביידע זייטן דניעסטר פון יידישן תחום המושב.



עס איז ביי מיר אויסער יעדן ספק, אַז מיין פאָטער איז אויך געווען באגאבט מיט קאָמפּאָזיטאָרישע פעאיקייטן און מיט די פרימיטיווע מיטלען וואָס זיינען אים געשטאַנען צו דינסט, האָט ער פארפאסט מעלאָדיעס און ניגונים, בעיקר פון פאָלק־לאָריסטישן כאראקטער. אלס אויטענטישער עדות דערצו איז פריינד משה ביק, אליין אַ קאָמפּאָזיטאָר, אַ געבוירענער אין דובאסאר. מיט אַ קורצער צייט צוריק, אין יאָר 1964, האָט דער מוזיי און ביבליאָטעק פאר מוזיק אין חיפה ארויסגעגעבן זיינע אַ מוזיקאַליש־פאָלקלאָריסטישע ארבעט אונטערן נאָמען „חתונה יהודית" (א יידישע חתונה) און צווישן די געבראכטע חתונה טענץ און „צום־שפּיל" מוזיק זיינען פאראן אייניקע נומערן וואָס ווערן צוגעשריבן דעם קאָמפּאָזיטאָרישן טאלאנט פון מיין פאָטער.

ביי וועמען און ווען האָט מיין פאָטער געלערנט נאָטן? — אסור אויב איך ווייס. אין דובאסארער פאפיר געשעפטן ווייס איך נישט אויב אין יענער צייט האָט מען געקענט געפינען „נאָטן־העפטן", אָדער אפילו בויגנס „נאָטן־פאפיר". און אויב יאָ, זיינען זיי זיכער פאר אים געווען א צו טייערער ביסן. איך געדענק ווי ער פלעג אליין אויף געוויינליכן ווייסן פאפיר „שירעווען" די נאָטן ליניען. די איינגעשאפענע טאַנץ מעלאָדיעס פלעג ער איינקנעלן מיט זיין קאַפעלע. אויף קלעזמעריש לשון האָט עס געהייסן „איינשפילן". די דאָזיקע ניגונים זיינען באלד געוואָרן פאָלקס־מאָטיוון, וועלכע מען אָט אויסגעזונגען ביי משפחה'דיקע געגרייטע טישן און „קערמעשלעך", אָדער זיי ארויסגעטאַנצט בעת יינגליש־מיידלשע באגעגענישן אין פריוואטע הייזער אין די מוצאי־שבת'דיקע נאָך הבדלה'דיקע „פארברענג" שעה'ן. די דאָזיקע ניגונים האָבן זיך אויך פארשפרייט אין די ארומיקע שטעט און שטעטלאך און אנדערע קאפעלעס פלעגן זיי אויך אויסשפילן.

עס וואָלט געווען אן עוולה נישט צו דערמאנען ביי דער געלעגנהייט די אנטייל־נעמער פון מיין פאָטערס קאפעלע, וואָס איז געווען צוזאמענגעשטעלט אויפן פאָלגענדן אופן:

ערשטע פידל: טאקע ער אליין.

צווייטע פידל: יאָסל שואלס.

דריטע פידל: וואסילי פלינזשי (פלינזשע אויף מאָלדאוואניש — דער וויינענדיקער. מען האָט אים אזוי גערופן, ווייל עס פלעג אים רינען פון די אויגן).

פלייט און אויך קלארינעט: מאָטיע־מרדכי.
קלארינעט: טימאשקע.
טראמפייטן: שאיע און זיין זון אברהם.
באס: שואל
טראמבאנען: ארקע פון קריווילאן און גאדל דער בלינדער.
טובא: ישראל „כל מקדש״.
פויקער: ישראל דער גרויסער און יאָסל דער קליינער.

צווישן די תלמידים וואָס האָבן ביי מיין פאָטער געלערנט פידל שפילן געדענק איך־: משה פאגיס, דעם שוחט'ס־; סאלאמאן פישגאלדס צוויי קינדער; מארוסיא און גרישא; ווישניוועצקיס יינגסטער זון; מרדכי דעם זשעליעזניקס צוויי זון און ליפע סיראצקיס טעכטערל.

יחיאל רזניק ז״ל

# טביעת עין של תלמיד חכם

בבואי למלא את בקשת חברי, אנשי דובוסרי, ולהשתתף בספר הזכרון לקהילתנו הקדושה, בה גרתי וגדלתי, נשאתי אשה והולדתי בנים ובנות, הריני רואה חובה לעצמי להעלות מתהום הנשיה אפיזודה אחת שגיבורה היה הרב הגאון, עובד ה׳ בצום ובתפילה, חמי ר׳ שמעון בן ר׳ נחום לוי יצחק זצ״ל, דמתקריא ר׳ שמעולה נחום לויס, שזכיתי לשמש אותו ולצקת מים על ידיו בעניני דקדושא, התחממתי באור תורתו והשגתי מקצת השגתו בהוראה, בדקדוקו בכל ענין של דת ודין.

אין אני זוכר בדיוק מתי ארע הדבר, בשנת תרנ״ד (1894) או תרנ״ה (1895). ויהי היום, ואני יושב ושומע דף גמרא מפי ר׳ שמעולה, והנה נכנס בחור כבן 22 ומציג את עצמו בפני הרב הגאון כמנקר החלקים האחוריים של בהמה.

כחי חרות בזכרוני הדו-שיח בין מורי חמי הרב לבין הבחור ההוא.

פתח הרב בשאלה: היש לך תעודה שאתה מנקר?

**הבחור:** כן, יש לי הכשר.

**הרב:** והיכן היא התעודה?

**הבחור:** היא נמצאת אצל הדיין ר׳ ירוחם.

**הרב:** הקיבלת היתר מר׳ ירוחם?

**הבחור:** כן, הרב חתם על התעודה.

**הרב:** אם כן, למה באת אלי?

**הבחור:** אמרו לי שרוב אנשי העיר לא יקנו את הבשר אם לא יהיה לי היתר מידי כבודו.

**הרב:** אם כן, מדוע לא הבאת לי את הכתב? כלום חשבת שאכתוב הסכמתי על מצחך?

הבחור גימגם משהו, נפרד והלך כלעומת שבא. זה היה ביום רביעי בשבת. למחרת, לעת צהרים, נכנס הבחור וללא אומר ודברים הושיט את הכתב בחתימת הרב של עיר מגוריו, ולמטה חתימת הדיין הר׳ ירוחם. אחרי רגעים מספר אמר: „ואני חשבתי שדי בהסכמתו של הדיין הר׳ ירוחם, וכב׳ יאשר את ההסכמה שלו״.

אדוני חמי נטל מידו את הנייר, הפך אותו מכל צד, קרא פעם, פעמיים, הסתכל והוסיף להסתכל, ואחר הושיט לבחור את הכתב ואמר בלשון שאינה משתמעת לתרי אנפין: „אני אוסר עליך באיסור גמור להכשיר בשר כלשהו הדורש ניקור. ולא עיד אלא אני אוסר עליך להסתמך על ההיתר של הדיין ר׳ ירוחם לא מפני שהוא חשוד ח״ו בכשרות שלו, כי אם מפני שבענין זה טעה טעות מצערת מאוד. אתה שומע מה שאני מדבר אליך? לדידי לא הייתי מחזיר לך את התעודה הזאת, אלא שמדין עכו״ם אין לי הרשות לכך. אני מציע לך שתצא מעירנו. לך לשלום״.

הבחור חיוור כסיד עמד רגע, פנה עורף ויצא. מיד אמר לי הרב: לך מיד אל בית-המדרש ותגיד לשמש שיבוא אלי. כשבא השמש סיפר לו את כל הענין וציווה עליו לעמוד על המשמר, כי הדבר בנפשנו הוא.

למחרת, ביום ששי בבוקר השכם, א״ח עוד היה במטתו, דפקו על הדלת. חמותי פתחה את הדלת והשמש התפרץ אל תוך הבית כולו נרגש ומבוהל. „רבי — פנה אל א״ח — שערוריה בעיר. הבחור עובד. נשים אחדות כבר קנו מבשר הטריפה״. מיום דעתי את א״ח לא ראיתיו כה זריז ומהיר כבאותו בוקר. כנער קפץ ממטתו, נטל את ידיו, לבש מכל שבא לידו, ובבהלה יצא מהבית ואני והשמש אחריו. בריצה ממש בא אל האטליז כולו רועד מהתרגשות ויקרא בקול מצווה: „אתם מאכילים יהודים טריפות, אספו ידיכם, בשם תורתנו הקדושה, בשם ההלכה אני אוסר להוסיף למכור את הבשר הזה, כי נבלה וטריפה הוא״. מיד פנה אל השמש ואמר לו: „לך והכרז בחוצות העיר, כי כל שקנה בשר מהחלק האחורי, לכלבים ישליכוהו, כי טריפה הוא; ואשר לכשרותם של הכלים — יפנו בשאלה אל הרבנים״. ועוד אמר אל השמש, שיודיע לר׳ ירוחם, שהוא מבקש ממנו כי יבוא לבית-המדרש כדי לברר את הענין.

בן רגע היתה העיר כמרקחה. אנשי שלומו של הדיין ר׳ ירוחם התאספו לטכס עצה. סיפרו שתחילה לא נטה ר׳ ירוחם לבוא לבית-המדרש. הוא נפגע קשות מפסק-דינו של ר׳ שמעולה, אך אנשי שלומו לחצו עליו שילך ויוכיח את צדקתו. בינתיים נהרו יהודים מכל העיר אל בית-המדרש. מעשה כזה עוד לא אירע בעירנו. בית-המדרש הגדול היה צר מלהכיל את כל הקהל הרב. אנשים צבאו על הפתחים ועל החלונות, כי גדולה היתה הסקרנות והציפיה להתנגשות הפומבית בין שני אדירי התורה.

ר׳ שמעולה עלה על הבמה ופנה אל הקהל: אני מבקש לבחור מבין הקהל אנשים מביני דבר, מומחים בכתב, והם יבדקו את התעודה שהביא הבחור. בחרו בדודל ליפשין וביחיליקל צלניק. שניהם עלו על הבמה. אז פנה שוב הרב ואמר: הביאו לי את הכתב. הוא לקח את הנייר, הושיט אותו אל הנבחרים ואמר: התבוננו היטב אל התאריך שבו הוצא כתב זה. הם התבוננו ואחרי שעה קלה הכריזו: התאריך מתוקן. יש כאן זיוף.

אין לתאר את הרעש, הקולות והצווחות שפרצו בבית-המדרש. הדברים הגיעו כמעט עד לידי הרמת ידים. פתאום נשמע קול: הסו, הסו ר׳ שמעולה רוצה לדבר. בבית-

המדרש השלך מיד הס. אז לקח א"ח את התעודה, הגביה אותה לעיני הקהל, פרשה ואמר: רבותי, לפי התאריך הנקוב פה הוצא ההיתור הזה לפני תשעה־עשר חדשים. הביטו אל הנייר הזה המקומט, המזעך, המוצהב, ותיווכחו שתעודה זו הוצאה לפחות לפני כחמש־עשרה שנה והיא עברה מיד ליד. מראה הנייר הוכיח כמאה עדים בצדקת דבריו של ר' שמעולה. הקהל נרגע והחל להתפזר.

באותה שבת היתה בפי כל השיחה על מעשהו של ר' שמעולה, שמנע מהאוכלוסיה היהודית אכילת נבלה וטריפה. ביום ראשון, לעת הצהרים, נתקבל מברק על שמו של הרב דמתא וזה לשונו:

„בזה הנני בא להודיע לכ"ת, שאם יבוא בחור ותעודת היתר בידו לנקר החלקים האחוריים של הבהמה, להוי ידוע לכ"ת כי התעודה גנובה והבשר שאותו בחור ינקר טריף הוא". על המברק היה חתום רב העיירה, שבה הוצאה התעודה.

חיש מהר נפוצה הידיעה בעיר. המברק עבר מיד ליד וימים רבים שחו הבריות על הבחור המנקר ומעשה הרב. לזכותו של ר' ירוחם ייאמר, כי הודה במשגהו והביע את צערו על העובדה שנתן לאותו בחור להוליך אותו שולל. כי הר' ירוחם היה ירא שמים וחרד לדבר ה'.

**נחום פעק** (ב. איירעס)

# יאָסי – דעם מאַקאַראָווער רבינ'ס גבאי

אַזוי האָט מען גערופן מיין זיידן, וואָס איז געווען גבאי ראשון ביים מאַקאַראָווער רבין און אויך חזן אין רבינס שולעכל. ער איז געווען א מאַקאַראָווער און האָט חתונה געהאַט קיין דובאסאר.

אַ הויכער ייד איז ער געווען, דער זיידע מיינער, מיט אַ אָפּגעצערט בלייך פּנים. אַ שיטער ווייס בערדל און אַ פּאָר גרויסע דורכדרינגענדיקע אייגן. די פיאות זיינע זיינען געווען געקרייזלטע ווי צוויי פּלעשעלאך און פלעגן זיך ריטמיש באַוועגן ביים דאווענען, ביים לערנען און אפילו ביים גיין.

כמעט 20 שעה אין מעת־לעת איז ער געווען פאַרנומען מיט עבודת הבורא. זיין „ארבעטס" טאָג האָט זיך אָנגעפאַנגען פאַרטאָג, ווען אינדרויסן איז נאָך געווען שטאָק פינסטער. ער האָט נאָר אָפּגעגאָסן נעגל־וואסער און זיך שוין גענומען לערנען גמרא מיט אַ זיסן ניגון וואָס פלעג זיך צוגיין אין אַלע אברים. דער ניגון זיינער פון לערנען איז באַזונדערס איינגעקריצט אין מיין זכרון, ווייל אָן אים פלעג איך כמעט נישט קענען איינשלאָפן. אַלס קינד בין איך געווען זייער אַ שרעקעוודיקער, ביינאַכט פלעג איך אויפציטערן פון יעדן שארך, נאָר ווען דער זיידע פלעג זיך נאָך ווײַטשערע אָוועקזעצן לערנען, פלעג זיין זיסער נאָגנדיקער גמרא ניגון מיך באַלד איינשלעפערן.

ער פלעג לערנען ביז האַלבער נאַכט, דאַן אָפּריכטן חצות, זאָגן תהילים און פאַרטאָג פלעג ער שוין גיין אין מקווה זיך טובל זיין. פון מקווה איז ער אַוועק גלייך אין שול דאַווענען. אַהיימקומענדיק פון דאַווענען פלעג ער זיך וואַשן צום עסן, אָפּבענטשן און זיך גלייך זעצן לערנען.

במשך דער גאַנצער וואָך האָב איך פון זיין מויל נישט געהערט קיין דברי חול. מיט עטלעכע ווערטער לשון קודש און אביסל מיט אַ ווינק האָט מיין באַבע נחמה אים פאַרשטאַנען. ווען האָב איך מיין זיידן געהערט רעדן יידיש? מוצאי־שבת נאָך הבדלה. דאַן פלעגן זיך צוזאַמענקומען צום זיידן אין שטוב פרומע יידן, חסידים, אַלע בני תורה, ווי ר׳ ירוחם דיין, הערשל יאָסל זעליגס, אברהמל חזן א. א. און שמועסן אין לערנען און חסידות. איינע פון די באַליבטע טעמעס אין די שבת־צונאַכטסן איז געווען חזנים או חזנות. דער זיידע פלעג אסך דערציילן וועגן ניסי בעלזער, דער באַרימטער חזן און קאָמפּאָזיטאָר פון ליטורגישער מוזיק, וואָס איז געווען זיינער א נאָענטער חבר. ניסי בעלזער איז אויך געווען א מאַקאַראָווער חסיד און ביי אים האָט זיך כמעט אויסגעהאָדעוועט זיין בן יחיד, מיין פעטער נחום מאַטענקאַ, דער שפּעטער באַרימט געוואָרענער מאָסקווער חזן אין פּאָליאַקאָווס שול און זינגער וואָס פלעג אויפטרעטן אויף קאָנצערטן ביז אין צאַרישן הויף.

מוצאי־שבת פלעג מען זיצן און שמועסן ביז שפּעט אין דער נאַכט. דער סאַמאָוואַר האָט געקאָכט און די באַבע פלעג אַלע מאָל דערלאַנגען הייסע טיי מיט איינגעמאַכטס וואָס זי פלעג אַליין צוגרייטן פון כל המינים פּרוכטן און היימיש געבאַקענע קיכלאַך. מיין באַבע איז געווען שטאָלץ מיט איר מאַן דעם למדן און חסיד, זי האָט געזאָרגט עס זאָל אים גאָרניש פעלן און אין דעם זכות וועט זי האָבן א חלק לעולם הבא און זיין זיינס אַ פוס־בענקעלע.

וועגן פּרנסה, פאַרשטייט זיך, האָט מיין זיידע נישט געזאָרגט. ער האָט געהאַט בטחון אין השי״ת און אין רבין. היות אָבער דער רבונו־של־עולם ווי אויך דער רבי זיינען זיך נישט מטריח אָן אַ שליח, האָט די באַבע אויף זיך גענומען די דאָזיקע שליחות. מיין באַבע נחמה איז געווען אַן אשת־חיל, זי האָט געהאַלטן א פאַרבעריי פאַר וואָל זאַכן, וואָס האָט געגעבן שיין פּרנסה און דערמעגליכט צו פירן א בכבודיקע שטוב, חתונה מאַכן קינדער, פּראַווען שיינע שבתים און ימים־טובים, אויף וועלכע עס האָט קיינמאָל נישט געפעלט קיין אורח. איך געדענק באַזונדערס די סעודות של מצוה, וואָס מיין באַבע פלעג צוגרייטן פאַר די פּני פון שטעטל ווען מיין זיידע פלעג מאַכן אַ סיום אויף א מסכתא, א גאַנץ אָפּטע דערשיינונג אין זיין לעבנס־גאַנג. עד היום ליגן מיר אין טעם אירע וואַרעניקעס פון קאַרטאָפל מיט הינערשע אָדער געגזענע גריוון. היינט דער רויטער געדיכטער באָרשט, אונטערגעשלאָגן מיט געלעכלאַך, אויסגעקאָכט אין פעטע מאַרך־ביינער. מיין באַבעס באָרשט מיט וואַרעניקעס זיינען געווען א שם דבר אין דובאָסאַר...

מיט מיר האָט מיין זיידע נישט איינגאַנצן געלעבט בשלום. צו 8 יאָר פלעג איך זיך שוין דערלויבן פאַרגעסן מאַכן א ברכה, זיך נישט וואַשן צום עסן, אָדער שנעל פאַרענדיקן דאָס דאַווענען. דער זיידע פלעג אין אַזאַ פאַל אַ ברום טאָן: „גוי גמור!״

דאָס איז געווען זיין גרעסט זידל־וואָרט. אַז די באַבע פלעג זיין דערבײַ פלעג זי אַ אַ זאָג טאָן: „לאָז צורו דעם יתום נעבאך״. מיך אַוועקגעמען אן א זייט און מיר זאָגן אַ פאָרציע מוסר איך זאָל זיין אַן ערליכער ייד, כדי מיין מאַמע זאָל אויף יענער וועלט נישט ליידן קיין בזיונות פון איר בן יחידל.

נישט תמיד איז מיין זיידע געווען אומצופרידן מיט מיר. פרייטיק צונאכטס, למשל, ביים טיש, ווען ס׳איז געקומען צו „כל מקדש״, אָדער שבת בייטאָג צו זמירות אַדער צו שלש־סעודות, פלעג ער פון מיר שעפן נחת. איך האָב געהאַט אַ שיין שטימעלע און געקענט מיין זיידנס „רעפערטואר״ אויף אויסנווייניק. אז מיר פלעגן זיך צולאָזן אין זמירות פלעגן מענטשן שטיין אונטער די פענסטער און זיך צוהערן. דעמאלט פלעג דער זיידע מיר געבן א קניפּ אין בעקל — דאָס איז געווען זיין גרעסטער קאָמפּלימענט און אויסדרוק פון ליבע און אַנערקענונג. אין אַזעלכע מאָמענטן פלעג די באַבע וואַרפן א בליק פון נצחון צום זיידן, ווי איינער זאָגט: הא, וואָס זאָגסטו אצינד צו נחומ׳קען, שוין גאָרנישט קיין גוי גמור!...

מיך האָט די באַבע ליב געהאַט מער פון אַלע אייניקלאך. זי פלעג זאָגן: פון די דריי קינדער וואָס גאָט האָט ביי איר צוגענומען ביך איך דער איינציקער וואָס געפין זיך נעבן איר. פון דער עלטסטער טאָכטער מלכה איז געבליבן א בת יחידה, האָט זי חתונה געהאַט און אַוועק מיט איר מאן קיין אַרגענטינע; פון זון נחום מאטענקא, וואָס ווי מען האָט דערציילט האָבן אים שונאים אויס קנאה פאר׳סמ׳ט, זיינען געבליבן צוויי אינגלאך, וואָס זיינען געווען מיט זייער מוטער אין אָדעס; און מיין מאַמע, די יונגסטע טאָכטער צירל, איז זייער יונג אוועק פון דער וועלט, בעת איך בין נאָך געווען אַ קליין קינד. מיין באַבע האָט מיך גענומען צו זיך און ביי איר האָב איך זיך פאַקטיש אויפגעהאָדעוועט.

דער זיידע האָט זוכה געווען צו אריכות ימים. קיינמאָל נישט גערופן קיין דאקטאר. ער האָט נישט געהאַלטן פון דאקטוירים. ער האָט געהאַט בטחון קודם אין גאָט און דערנאָך אין רבין. ווען זיין שעה איז געקומען, אין עלטער פון 86 יאָר, און די יסורים זיינען געווען זייער גרויס, האָט אים די באַבע נישט געפרעגט און געשיקט רופן דעם דאקטאר קראסנאוויעץ. אז דער דאָקטאר איז אריינגעקומען און אים געפרעגט: „ר׳ יאָסי, וואָס איז אייך?״ האָט אים דער זיידע געענטפערט: „מען רופט מיך שוין אהין, אָבער איך גיי אָן מורא״. מיט אַ באַוועגונג מיט דער האַנט האָט ער געבעטן דער באַבען זי זאָל צוקומען צום בעט און זי געבעטן זי זאָל אַריינרופן דריי יידן פון זיינע חברים. ער האָט מיט זיי אָפּגעזאָגט וידוי, זיך אויסגעדרייט מיטן פנים צו דער וואַנט, וואו זיינע פיל ספרים זיינען געשטאַנען, און אן א קרעכץ אויסגעהויכט זיין כשרה נשמה. ער איז נפטר געוואָרן אין יאָר תרס״ד. זכר צדיק לברכה.

די באַבע נחמה, די צדקת, איז געווען אַן אמתע יידישע פּאַטריאַרכאַלישע מוטער. זי איז נפטר געוואָרן ראש חודש אב תרע״ד, 1914, געציילטע טעג פארן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט מלחמה.

ערע איר אנדענק.

**אנא שיר** (פון דערהיים: ענע טייטלבוים)

# מיין שטעטעלע דובאָסאַר

וואו איז דאָס געסעלע, וואו איז די שטוב?
ניטא שוין דאָס געסעלע, ניטא שוין די שטוב.

... אפשר ווייסט איר און קענט מיר זאָגן דעם באשייד, ווי אזוי האָבן זיך דאָס געַנומען צוויי שורות נידעריקע, מיט רויטע ציגל באהיטלטע הייזער, און זיך אוועקגעשטעלט איין שורה אקעגן דער אַנדערער אויפן סאמע ראנד, „אויפן סאמע עק און ברעג" פון א ריפע, וואָס ווער ווייסט וויפיל דורות, און אפשר טאַקע פון ששת ימי בראשית, אז זי ריפעט אָט־אזוי־אָ בארג ארויף? און אפשר גאָר כדי זיך אפצושפיגלען אין גלאַנץ פון די בלאָטעס און סליאָטעס וועלכע צעלייגן זיך אין דער ריפע אויף א פריצישן אופן, אין די צייטן פון אָסיענדיקע רעגנס און ווּעסנעדיקע, פרילינגדיקע ריטשקעס, ווען דאָס אייז „טייעט" און די שנייען „לאָזן נאָך" און צערינען? ווער ווייסט וויפיל דורות, ווינטער־איין, ווינטער־אויס, די דאָזיקע הייזער האָבן צוגעזען ווי די וואסערפירער, נעבעך, „ציען" פון זיך מיט אלע כוחות ארויס די קליי הוקנדיק און נוקנדיק אויפן בידנעם פערדל וואָס וויל, נעבעך, ארויפשלעפן, בארג־ארויף, דאָס פעסל וואַסער, האָט אָבער נישט די כוחות פאר דעם און בעט זיך אויף פערדישן שטום־לשון, מיט אַלע זיינע אויסגעמאגערטע רמ"ח אברים ביים וואסערפירער, ער זאָל „צולייגן א פלייצע" און „געבן דעם קריזש". ווארום טאָמער חלילה ניט, וועלן די גבירישע הייזער בלייבן ווי אויסגעליידיקטע, תשליכ׳דיקע קעשענעס, ביי ליידיקע דיזשקעס אָן וואסער...

אין איינעם פון די דאָזיקע הייזער, וועלכע שטייען מיט דער פלייצע צום גאָרטן, פון וועלכן ס׳האָט זיך פון צווישן ביימער ארויסגעהויבן דער קלויסטער, טאַקע ווי עפעס א לאנגער, גרויספינגערדיקער להכעיס דער אידישער אָרעמקייט, וואָס האָט אָט־א־דאַ־אָ אויסגעשפרייט אירע „געצעלטן", ניט ווייט פון דעם דניעסטר און פון די גערטנער וואָס האָבן זיך צעוואקסן אויף זיינע רויט־ליימיקע ברעגן... אָט אין איינעם פון די דאָזיקע הייזער בין איך געבוירן ביי א משפחה וואָס האָט איר אָנהויב, זייט דורות צוריק, אין די יארליקער און גריגאראפאליער (טשארנער) שייכותדיקייטן צו דער דובאסארער געאָגראפיע.

געבוירן ביי נחום טייטלבוים, וועמען מען האָט גערופן „נחום דער בעקער", מחמת ער פלעגט יעדן פרימאָרגן מזכה זיין אונזערע דובאסארער פרישטיקער און פרימאַרגנדיקע טיי־און־ציקאַריע טרינקער, מיט איבערנאכטיקע, „נאָר וואָס פון אויוון ארויס", פרישע אייערדיקע בייגל און פלעצעלאך פארברוינטע ווי ציגיינערישע שטערנס, וואָס האָבן אין זייערע מצה׳דיקע דלאָניעס אייך ארייננגעטראגן דעם ריח פון מאָן און פון אויסגעבאַקענער באַטעמטקייט...

אונזער געזינדל האָט אריבערגעוואַקסן די צאָל „זאַלבע־אַכט״, וועגן וועלכער עס זינגט דאָס פאָלקס־לידל, און איז געשלאָפן „אין צווייען״, מחמת אונזערע „ריפּע־הייזער״ האָבן זיך ניט צעלייגט אין דער רחבות׳דיקערברייט. אז די עלטסטע שוועס־טער פעסיע האָט חתונה געהאַט און זיך ארויסגעצויגן אין דאָרף רוקאָלעשט, פון יענער זייט דניעסטר, צו איר מאן יאנקל בראנזילבערג „דער טוטינער״ (ער האָט זיך דאָרט פארנומען מיט טאַבאַק־פּלאַנטאַציעס), איז געוואָרן אביסל גערוימער אין שטוב... דערנאָך האָט זיך מיישב געווען מיין צווייטע שוועסטער שיינדל און איז אוועקגעפאָרן צו אַ פעטער קיין אַרגענטינע. און אז אויך איך בין אַוועקגעפאָרן קיין אמעריקע צו מיין חתן הערשל שארגאראדסקי (איציק כליזמר׳ס זון) — האָט זיך טאַקע היבש אויסגעברייטערט דער שטח פאר מיינע שוועסטער און ברידער וועלכע זיינען דאָרט פארבליבן. מיין שוועסטער דבורה און מיין ברודער משה, וועלכער האָט חתונה געהאַט מיט איציק כליזמר׳ס טאָכטער טויבע, רבקה און ארל (אלע, נעבעך, אומגעקומען אין היטלערישן גיהינום מיט זייערע משפחות) און פייגעלע וואָס לעבט יעצט אין ארגענטינע. און די מאמע חיה־שרה, וואָס איז אין קעגנזאץ צום טאַטנס רויטער באָרד, געווען א טונקל־הויטיקע, א יידיש־באחנטע מיט שוואַרצע האָר אונטערן טיכל, וואָס האָבן זיך שוין אין די יונגע יאָרן געזילבערט, מחמת איבערגעלאָדנקייט פון עול אין מארק ביים פארקויפן די בייגל און פון „קיין־עין־הרע׳דיקן״ באארבעטן אַזאַ שטוב מיט קינדער.

דאָס הייסט נאָך נישט אז מיר, די קינדער, האָבן „געפּוסט־און־פּאסטעוועט״ און ניט געוואוסט דעם טעם פון פראצעווען און גיין און שפאן ביי דער ארבעט: אנשיטן מעל אין די מולטערס, אָנטראָגן האָלץ פארן אויוון, אָנשעפן וואסער און אויפן פרימאָרגן אוועקטראַגן די „בייטשלעך״ בייגל און קוישן פלעצלעך אין מארק אריין צו אונזער „שטעל״ און צו אלע אנדערע „סוחרים״, זעלצער־וואסער־„שטעלעכלעך״, קלייטלעך און אין די שיינקען... און צו באארבעטן „קיין־עין־הרע״ אזא ענגשאפט אין שטוב זיינען דער מאמעס הענט געווען ווינציק. אויך מיר, די קינדער, האָבן געטראָגן דעם עול פון בריה׳שקייט מיט כבוד און ווירדע.

די באבעביילע־רחל איז געווען אן הוספה צו דער משפחה. אויך זי איז ניט געזעסן מיט פארלייגטע הענט. דער גאנצער מארק האָט איר געקענט, מחמת זי פלעגט ארויסהעלפן דער מאמען. באזונדערס האָבן געהאַט א שם אירע שבת־יום־טוב׳דיקע מאכלים, אירע געפילטע פיש און דער עזות־פנימדיקער כריין אירער, וואָס א סברה אז אין משיח׳ס צייטן וועט ער העלפן אויפוועקן די טויטע... בעתן קישענעווער פּאָגראָם איז זי גראָד געווען דאָרט צוגאסט ביי איר זון איצל (וואָס איז שפּעטער „ארויסגענומען געוואָרן דורכן באראן הירש קיין ארגענטינע) — האָבן די כוליגאַנעס איר צובראכן א פוס, און אזוי האָט זי שוין אָפגעהונקען ביז איר טיפעלטערדיקן טויט... געשטאָרבן איז זי אין אריהעוו ביי איר זון יוסף־וועלוול „דער בעדער״ און ביי איר שנור „רחלע די שיינע״. זי האָט נאָך א פורימדיקער סעודה, א מידע פון אָנגרייטן מכל־טוב, זיך אוועקגעלייגט און נאָך א דריי־פיר־טאָגיקן שלאָף — געענדיקט איר חשבון מיטן לעבן...

איר פאָטער, אונזער עלטער זיידע, ישראל־לייב, איז געשטאָרבן אין „באָגאָ־דעלניע" פון יידישן שפיטאל, א זקן מופלג פון א 115 יאָר.

אט־אזוי־אָ האָבן אלע ריפּע־הייזער זיך ניט געהאט וואָס צו שעמען מיט זייערע באוואוינער, אונזערע שכנים: זיידל דער סטאָליער מיט זיין פרוי מרים „די סטאָליערקע" און זייערע 4 קינדער, וועלכע האָבן געוואוינט „באלד ווי מען קומט פון מארק", און אן דער צווייטער זייט — חיים־משה־הערש דער שניידער מיט זיין פרוי אלטע און זייערע 6 קינדער, און אין אונזער זייט די עליע־לייבעכע מיט 4 קינדער, און איבערן וועג איז געווען א שולע, וואו אויך איך בין געגאַנגען לערנען אביסל יידיש און רוסיש. די שולע האָט געהאַט אַ נאָמען, וואָס אויב מען האָט אים ניט ארויסגערעדט שנעל — האָט זיך די צונג אין אים פארפּלאָנטערט, ניט־אהער־און־ניט־אהין. די שולע האָט זיך גערופן: „טשיטשילניצקיעס אוטשילישטע"...

דאָס האָב איך אזוי פאר א טשעקאוועסט אָנגערופן נאר עטלעכע שכנות׳דיקע משפחות. אָבער זיי זיינען געווען אסך. מחנותוויז פלעגן מיר קינדער זיך אויעקלאָזן ווי די היישעריקן, און באלאגערן די חתונות אין זאל ניט ווייט פון דער פּאָליציי, ביי בנימין ראַשקאָוואַן, וועמען מען האָט גערופן „בנימין דער בלינדער", ווייל איין אויג האָט ער געהאַט א אויסגערונענס. עס איז נאָך געווען א זאל, וועלכן מען האָט גערופן „הערשל חייקלס זאל" — דארט וואו מען גייט צום אלטן מארק, אראָפּצו, צו דעם יידישן שפיטאל, אריבערן וועג פון אונזער באליבטן ראבינער אבעל. מיר האָבן זיך אָבער באגנוגנט מיט „אונזער" בנימין דעם בלינדנס־זאל, ווייל ערשטנס איז „יענער" זאל געווען אביסל ווייטלעך, און צווייטנס האָט מען באדארפט האלטן מלחמות מיט די קינדער פון יענער געגנט... ניט שטענדיק איז מען געווען גרייט אויף א מלחמה פון „פאנטאווליעס ביז דער לאנקע"...

דובאסאר אליין איז ניט גענוג געווען צו געבן פרנסה „פאר אזוי פיל מיילער" ווי דער טאַטע פלעגט זאָגן. פלעגט טאַקע דער טאַטע א פּאָר מאָל אין דער וואָך איינשפּאַנען פערד און וועגעלע און זיך לאָזן איבער דערפער פארקויפן די ארענדארן בייגל. וועגן איינער אזא נסיעה פון טאַטן דערציילט מיין מומע ענעס, דעם טאטנס שוועסטערס זון, משה ביק — קאָמפּאָזיטאָר, וואָס לעבט אין ישראל, וועלכער פלעגט אין דער קינדהייט, זומער־צייט, קומען אויף „אפרו" אין אונזער „גערוימער" ענגשאַפט:

„קומענדיק מיטן פעטער נחום אין דאָרף אריין, האָב איך אים ווי געוויינטלעך געהאָלפן אריינטראָגן די בייגל צום ארענדאר אין דער גאסט־קאמער אריין. דאָס וועגעלע מיט די איבעריקע בייגל איז זיך געבליבן אליין אין דרויסן און דאָס פערדל האָט זיך בנעימות׳דיק איבערגעכאפּט דעם אָטעם און געקייעט האלטנדיק די מארדע אין טארבעלע האבער, גלייך עס וואָלט געדאוונט פון סידור ארויס מיט קורציזיכטיקע אויגן... פּלוצלונג דערזעט דער פעטער ווי א דאָרפס־יונג גנב׳עט זיך אזוי געמיטלעך פון וועגעלע ארויס א „בייטשל בייגל" און לאָזט זיך גיין „זיין וועגס". מיט גיכע שטיוולדיקע־טריט איז דער פעטער באלד געווען נעבן וועגעלע און דער דאָרפס־יונג האָט זיך אקעגנגעשטעלט דעם פעטער. ס׳האָט צווישן זיי אויסגעבראכן א

געשלעג. אויף די געוואלדן פון דעם באזיגטן דאָרפס־יונג זיינען זיך צעגויפ־געלאָפן צענדליקער גויים פון דאָרף, און ער, דער פעטער, האָט דאָס באדארפט באווייזן גבורה קעגן א גאנצן דאָרף. איז ער „העגדום־פענדום", מיט זיין ברייט־פלייצעדיקער הויכגעוויקסיקייט צוגעלאָפן צום קעגנאיבערדיקן היל צערנעם פלויט, ארויסגעריסן א ברעט און זיך צעפאכעט מיט איר ווי מיט אַ שווערד אויף לינקס און אויף רעכטס, צעטרייבנדיק די גויים וועלכע האָבן זיך איבער׳צלמענדיק זיך צעליארעמט מיט פחד: „א שד האָט זיך באוויזן אין דאָרף, אַ שד"!... דער פעטער האָט מיך אַריינגעלייגט טיף אין וועגעלע אריין און האָט מיט דער בייטש נצחונדיק צעיאָגט דאָס פערדל פון דאָרף ארויס, אויפן וועג צו א צווייטן ארענדער אין אן אנדער דאָרף"...

מיין טאטנס א ירושה חד־גדיא ניגון האָט פארשריבן און פארעפנטלעכט אין זיינע פאָלקלאָרישע העפטן דער ישראל קאָמפּאָזיטאָר יהויכן סטוטשעווסקי."

שוין אריבער פופציק יאָר אז איך בין פון דובאסאר. און כאָטש פון מיינע זכרונות פילט זיך ניט דער ריח פון איבערגעזעטיקטע קינדער־יאָרן און פון א זאָרגלאָזער יוגנט — טראָג איך אָבער אין הארצן די בענקשאַפט צו יענע יאָרן פון אָט דער דאַזיקער דובאסארער עדה הארעפאשנע, ווארעם־הארציקע, מענטשלעך־היימישע, לחיים־דיק־בטחון׳דיקע יידן, פון וועלכע איך בין ארויסגעוואַקסן אין דער וועלט אריין, אויסצוטראגן און אויסצוהאַדעווען דעם המשך פון א נייעם אנהויב, א נייעם גורל...

# „קרושע די לא לייבא"

## חיים גרינבערג

... מיר איז אויסגעקומען צו פאָרן פון ארגעיעוו קיין דובאסאר מיט א מאָלדאוואנישן בעל־עגלה. נאָך עטלעכע שעה רייזע האָב איך אים א פרעג געטאָן אויב ער איז נאָך ווייט פון אונזער ציל. עס איז פונקט, ענטפערט ער מיר, א האלבער וועג; מיר געפינען זיך איצטער לעבן „קרושע די לא לייבא". „קרושע די לא לייבא"? „לייבס צלם"? האָב אויסגעדרוקט מיין פארוואונדערונג.

איך זע פאר זיך, אין לבנה־שיין, א ברונעם — א טיפישן בעסעראבער ברונעם, מיט א הילצערנעם יעזוס־סקולפּטור אויף א לייטערל, מיט א הילצערנעם צלם אויף דעם שפיץ פונם לייטער. א געוויינלעך באקאנט בילד; א טייל פונם פייזאזש. אָבער ווי קומט אהער א ייד מ׳זאָל נאָך אים א נאָמען געבן? דערציילט מיר דער בעל־עגלה א פאַרצייטיקע מעשה.

אָט דאָ נישט ווייט, ווייזט ער מיר אָן, אין דעם דאָרף פון דער רעכטער זייט, האָבן אמאָל געלעבט אין שכנות א ייד און א מאָלדאוואן. האָט מען דעם מאָלדאוואן

באשולדיקט אין אַ מאָרד וואָס ער איז נישט באגאנגען. האָט זיין יידישער שכן, רב לייב אויסגעגעבן כמעט אלץ וואָס ער האָט פארמאָגט, געפאָרן אין שטאָט אריין, אנגעקלאפט אזש ביז פעטערבורג, געדונגען אַדוואָקאַטן, כדי אראָפּצונעמען דעם בלבול פון זיין מאָלדאוואנישן פריינד. דעם מאָלדאוואן האָט מען סוף־סוף באפרייט פון טורמע און דער ייד איז א קורצע צייט ארום געשטאָרבן. האָט דער מאָלדאוואן אויסגעגראָבן ביים וועג א ברונעם (אַ טראַדיציאָנעלע מצווה אין יענער געגנט), אוועקגעשטעלט דאָרט אלץ וואָס עס געהערט צום ברונעם — אָן אויסגעשניצטע פיגור „פון דעם דערלייזער", א לייטערל און א צלם — כדי צו פאראייביקן רב לייבס נאָמען. דאָס האָט פאסירט, זאָגט ער, צוריק מיט פיל פיל יאָרן, ווען דעם איצטיקן פריצס זיידע האָט נאָך געלעבט. אָבער אלע פויערים אין דער סביבה רופן פון דענסטמאָל אָן דעם פלאץ „קרושע די לא לייבא".

דער בעל־עגלה האָט זיך אויף א פּאָר מינוט פארטראכט, דערנאָך אַ זאָג געטאָן: „איצט לעבט מען ווי די וועלף, אמאָל האָט מען געלעבט ווי מענטשן. ער האָט איבער־גענומען די לייצעס אין איין האַנט און מיט דער אַנדערער האַנט האָט ער פריער זיך און נאָכדעם מיך איבערגעצלמם. ער האָט זיך אָבער באַלד דערשראָקן פאר זיין אייגענער העזה: איבערגעצלמט א ייד! ער איז אָבער שנעל געפאלן אויף א המצאה און מיך געבעטן איך זאָל אים איבערצלמן „אויף יידיש". איך האָב נישט געוואוסט וואָס ער מיינט, נאָר ער האָט מיך דערמאָנט אָן דעם „יידישן צלם" וואָס הענגט איבער דער טיר ביים אריינגאנג אין בית־המדרש. איך האָב געפילט, אז איך טאָר אים נישט אָפּזאָגן, האָב איך אים (א חרפה צו דערציילן) „איבער־מגן־דודעט".

(פון „בעסאראביש", פארעפנטלעכט אין בוך „בלעטלעך פון א טאָג־בוך").

# אלה אזכרה

... את האדמה הפוריה בארצות הטבח, אשר דושנה בלשדם ובדמם של בני עם, מאמינים באל אחד. את שרשרת העינויים, הסבל, הדם והדמעות של העם הנבחר, עם הנביאים.

את המרחבים העצומים הזרועים קברים קברים, של אבות, אמהות, אחיות ואחים, צמאי חיים ושואפי גאולה.

את האפר, אפר משרפות שליש עם; אפר חיים של שש מאות רבוא ישראל קדושים, אשר אי פעם חיו והתקיימו בין חיות טרף, אשר חונכו על דברות קודש, על טהרה ומדות, ואשר גם קיימו מצוות לפרטיהן ודקדוקיהן.

בין גלי אפר זה אחטט, אחפש בדל אבר או שריד עצם, בצמאון אֶשקם ואשקם בדמעותי. את היקרים ברבבותיהם שחיים קברום, והאדמה הטמאה זעה מעליהם ימים על ימים ללא מנוחה; את ארזינו הגדועים, שופעי רעננות ואון עלומים, את פרחינו הרכים בתום ילדותם ועיניהם התמהות.

את מבחר בנינו אשר מתו מות גבורים, ובפיהם שירת החיים, היצירה והגאולה. אי עם שככה לו?

ושכינה אינה מזדעזעת, ונקמה טרם באה, ועולמם לא חשך, וזרועם לא נגדעה וגאותם לא נשברה, וביתם לא חרב כביתנו, וילדיהם לא רוטשו כעוללינו, ודעתם לא נטרפה עליהם, ואינם בוכים למשפחותם כמונו — בני עם שרידי חרב!

ומה כי נזעק?

ליד המזבחות שהקימונו בדרכנו הארוכה, נדום! ועם זכר חללינו נתיחד ביער הקדושים, ונתאחד בלהט כאבנו ויגוננו, ותצטרפנה דמעותינו לדמעות דורות. יער קדושים בדרך לירושלים הנצחית, יד ומצבה שהקימונו לזכר קדישי דובוסרי והסביבה. עציו יפרחו ויגדלו, והיו ליער עבות אשר נשמות יקירינו צרורות בהם ויהיו כהמשך חייהם ושמם וזכרם יאיר וינון לעולמי עד. ובבואנו למקום קדוש זה — נשפוך מרי שיחנו ונתפלל לעלוי נשמותיהם יחד עם נשמות כל קדושי עמנו.

יתגדל ויתקדש שמיה רבא.

ד. ל. גרנובסקי

(מתוך דברים שנאמרו ביער הקדושים לזכר קדושי דובוסרי והסביבה).

משה בן יעקב פעלדמן ז״ל

# יתגדל ויתקדש...

אין דעם טרויעריקן טאָג
פון געוויין און קלאָג,
פון שוידער וואָס געשען,
איז דער בארג געווען
צונטער רויט.
מיט בלוט באווייקטן קויט,
ענדלאָז האָט געהאַלטן
אין שעכטן דער רשע.
און אזוי ווי פאר בושה
האָט די זון זיך באהאלטן
אין איר פוטער־פאס ווינקל.
פארנעפלט און פארנעפלט און טונקל
האָט דער בלויער הימל
פון בלוט דאמף געצויגן
אויף די וואָלקנס די רויטע,
די קללות פון די טויטע
האָבן אַ שטורם אָנגעיאָגט.
ס׳האָט געוואָרפן, געבראָכן, געבויגן
בוים, זאנג און בלימל,
אלעס, אלעס ארום האָט געקלאָגט.

ברודער! דו פאָדערסט פון מיר
כ׳זאָל שרייבן צו דיר
וואָס מיט אונז איז פאַרלאָפן
וואָס עס האָט אין דובאסאר
מיט יידן זיך געטראָפן?
ווער קען דאָס באשרייבן
אָט דעם גרויסן צער?
ווער קען דען מאָלן

די בילדער פון גרויל,
פון חורבן און קדושים
אין די טויזנטער צאָלן ?
זיי שרעקן און טרייבן
מיך פון זינען אַראָפּ.
ס׳האַלט מיר אין איין רוישן
און ס׳דינט ניט דער קאָפּ,
ער איז ליידיק און הויל.
צומישט איז דער מח,
בין שוואך און האָב שוין קיין כח,
שוין געשוואָלן פון וויינען
און קראַנק זיינען די אויגן,
אויסגעטריקנט זיינען
די קוואלן פון טרערן.
כ׳בין פאר דער צייט אלט געבויגן
און קען שוין ניט הערן.

דו געדענקסט דעם שיינעם בארג ?
דאָרט וואו די יונגוואַרג
האָבן געמיטליך פארבראכט,
געטרוימט און געטראכט,
אין דעם צויבער פון די לבנה נעכט ?
דער בארג... איז יעצט
מיט בלוט דורכגענעצט.
דו וואָלסט אויך ניט דערקענט
אונזער שיינע שטאָט
דובאסאר און אירע גאסן,
דער נאצי זיי האָט
צעשטערט און צעשאָסן...
שטייען די הייזער צעוואליעט
פאר׳שרפ׳עט, פארסמאליעט,
ס׳איז פון זיי גארניט פארבליבן.
מ׳האָט צוזאמענגעטריבן
יידן פון נאָענט און ווייט,
און ווי שקלאפן אין קייטן
זיי געפירט צו דער שחיטה,
צו הונדערט אין א כיתה,
יידישע פרויען און מענער

אין די נארעס דערטאפּט,
האָט מען אויף אונטן דעם קאָפּ
צו פערד צוגעבונדן,
זיי געיאָגט און געשלעפּט
איבער גאַסן און שטיינער;
בלוט האָט גערונען
פון זייערע וואונדן.
זיי זיינען פון זינען אַראָפּ.

פון דער „לונקע״ ביז די „מאהאָלעס״,
פון שול גאַס ביז די „פּאַנטאָלעס״,
אין דער לענג און אין דער ברייט,
האָט מען פאַרצוימט מיט א קייט,
מחנות יידן צוזאַמענגעקליבן,
מענער, פרויען און קינדער,
אזוי ווי שאָף און רינדער
האָט מען זיי געיאָגט און געטריבן
דורכן אַלטן און נייעם מאַרק,
ארויף, ארויף צו דעם באַרג.
אוקראַינער, רומענער און דייטשן
האָבן אויף פערד געריטן,
און מיט נאַגייקעס און בייטשן
זייער לייב געשניטן.
יידן אין גרויסע צאָלן
זיינען אויף דעם וועג געפאַלן.
פּלוצים האָט אויפגעהערט
דאָס שלאָגן און טרייבן,
אַ געשריי האָט זיך דערהערט:
שטיין זאָל מען בלייבן!...
זיך אויסשטעלן אין רייען!
מען האָט אַלעמען איבערגעציילט,
יעדן לאָפּעטעס אויסגעטיילט —
צו גראָבן א ברודער־קבר
מיט אייגענע הענט אליין...
געליימט ווערט יעדער אבר,
מ׳בלייבט צוגעשמידט צום אָרט,
פאַרגליווערט איז געוואָרן דער מארך,

פארשטומט געוואָרן יעדעס וואָרט,
ס'האָט זיך ניט געהערט קיין שאָרך.

פלוצים האָט איינער,
איינער און מער קיינער —
הערשל פאָסטאָלאָף
האָט ווי אַ העלד
זיך מוטיג איינגעשטעלט —
ער וויל פאר יידן אלע
מאכן דעם לעצטן „אל מלא״...
און צום ענדע, צום סוף,
זאָל מען אים דערשיסן,
זיין בלוט ס'ערשטע פארגיסן.
פון די נאַציס, די מערדער,
פון די באנדיטן דער הויפט,
האָט הערשלס מוטיקע ווערטער
סארקאסטיש אויסגעהערט
און איראָניש דערקלערט,
אַז זיין בקשה איז דערלויבט...
האָט צבי בן ירחמיאל
בן שמחה פאָסטאָלאָף,
ווי געשוועבט אין די הימלען,
דעם „אל מלא רחמים״
רירענד, הייליג געקלאָגט,
וואָרט נאָך וואָרט
וידוי נאָכגעזאָגט.
און געקומען איז דער סוף
באלד אויף דעם אָרט.
הערשל פאָסטאָלאָף
האָט מיט אמונה
זיין נשמה אויסגעהויכט.

דאָס „הערן״־פאָלק
האָט לוסטיק געקוועלט.
מיט פלאַן און מיט טאָלק
האָט דער נאַצי הויפט ווידער באפעלט
זיינע מחבלים סאָלדאַטן,
פארצווייפלטע זיי ווארטן,

אויף דער יידישע עדה,
וואָס מ׳האָט געטריבן צו דער עקדה.
הארמאטן דונערן און קראכן,
מיט בליי און מיט פייער
געבליצט און געשפיגן
אויף אלע, וואָס זיינען אונז טייער.
מיט אַ סאדיסטיש פארגעניגן
האָבן זיך געוואָרפן באנדיטן,
טאָרקוועמאדא יעזואיטן,
אניטיסעמיטישע קליקעס,
מיט באַיאָנעטן און פיקעס
און האָבן די גוסס׳דיקע פארענדיגט —
זיי אומגעבראכט
זיי שטיל געמאכט
אויף שטענדיג...
ימים יידיש בלוט
האָט זיך געגאָסן,
געשטראָמט, ניט גערוט,
אין ברודער קבר געפלאָסן;
ס׳האָט געשוימט און געזאָטן
נאָך לאנג ווי מ׳האָט פארשאטן
דעם לאנגן ברייטן גרוב,
זייער אייביגע, אייביגע שטוב...

אכטצן טויזנט פינף הונדערט
הרוגים, קדושים,
אין איינעם, ניט אפגעזונדערט
אין שלום און אין פרידן,
ליגן זיי אין הורבעס
אין א לאנגן גרוב א נאסן,
פארלאָזן און פארגעסן,
אָן א מויער, ניט פארצאמט.
און אין שטעטל, צווישן חורבות,
דאָס ביסל לעבן וואָס געבליבן
איז א שאָטן, ביין און הויט;
נאקעט, בארוועס, פון הונגער געטריבן,
זוכן אן אנהאלט, א שטיקל ברויט...
פארצווייפלטן זיי ווארטן,

קוקן ארויס און האָפן,
אַז פון אַמעריקע, פון דאָרטן
וועלן לאַנדסלייט ניט פארזאמען, און שאפן
רעטונג, הילף, קליידער, ברויט,
לינדערן צער און נויט.

ברודער, קיין כוחות מער געבליבן,
האָב פון אַלעס שוין געשריבן
וואָס מיט אונז איז פארלאָפן,
דאָס אומגליק וואָס האָט געטראָפן
צו אַלע יידן אין דובאסאר,
נעבן בעסאראביע, ביי דעם דניעסטער.
וועסטו פארשטיין, פילן דעם צער
פון דיין אומגליקליכער שוועסטער?
איצט ווייסטו, שוין מער קיין חידוש,
זאָלסטו געדענקען, ניט פארגעסן,
יאָרצייט, יזכור, זאָגן קדיש,
וועק די וועלט און דאָס געוויסן.

## איך וועל אייביק געדענקען

איך וועל אייביק געדענקען...

די ערד, וואָס האָט מיט רשעות און אכזריות זיך אָנגעטרונקען מיטן בלוט פון אידישע זין און טעכטער, קינדער פון גלויבן אין איינציקן גאָט;

די פעלדער און וועלדער פארזייטע מיט קברים פון טאַטעס און מאמעס, ברידער און שוועסטער, וואָס האָבן געדאַרשט נאָך לעבן און געגאַרט נאָך אויסלייזונג;

די ליבסטע און טייערסטע, וואָס זיינען לעבעדיק באַגראָבן געוואָרן, און די פאַרשאָלטענע טמאה׳דיגע ערד וואָס האָט זי פארדעקט האָט אַ לאַנגע צייט זיך געטרייסלט אַן אויפהער;

די פארשניטענע צעדערבוימער, די גרויסע גייסטער וואָס האָבן געשטראָמט מיט פרישקייט און יוגנט־כוחות;

די צאַרטע בלימעלעך, די אומשולדיקע עופה׳לעך, וואָס זיינען אומגעקומען מיט תמימות׳דיקן קינדערשן חן און פארוואונדעטע אויגעלעך;

די בערג אש פון א דריטל פון אונזער פאָלק, פון די מיליאָנען וואָס האָבן פרום גלויבנדיק געטראָגן גאָט'ס וואָרט און עקשנות'דיק אָפּגעהיט זיין תורה און מצוות.

צווישן די בערגלעך אש וועל איך גראָבן, זוכן אַ פאַרטריקנט ביינדל, אַ פאַרבלי־בענעם גליד, זיי אויסקושן און אָנטרינקען זיי מיט הייסע טרערן.

וואו איז דאָ נאָך אַ פאָלק וואָס האָט אים אזוינס געטראָפן?

און די שכינה איז ניט פארציטערט געוואָרן, און נקמה איז ניט געקומען, און די רוצחים — זייער וועלט איז ניט פארפינצטערט געוואָרן, זייער כוח און שטאָלץ איז ניט איינגעבראָכן, זייערע היימען זיינען נישט פארוויסט געוואָרן און זייערע קינדער באוויינען נישט זייערע אומגעקומענע משפחות ווי אונזערע קינדער!

אויף דעם לאַנגן מאַרטירער וועג, ביי די פיל מזבחות וואָס מיר האָבן אויפגע־שטעלט — לאָמיר בויגן אונזערע קעפּ און שטילשווייגן... זאָל דער גרויסער אומגליק וואָס האָט אונז געטראָפן אונז פאראייניקן, זאָלן אונזערע טרערן זיך אריינגיסן אין גרויסן ים פון אונזער פאָלקס טרערן.

דער דאָזיקער קדושים וואַלד, אויפן וועג צו דער אייביגער ירושלים — וואָס מיר האָבן פארפלאנצט צום אָנדענק פון דובאסארער קדושים און סביבה — זיינע בוימער וועלן בליען און זיך צעוואקסן און ווערן א געדיכטער וואלד, וואָס וועט איינוויקלען אין בונט פון לעבן די נשמות פון אונזערע ליבע און טייערע. זיי וועלן וואקסן ווי א המשך פון זייער פארשניטן לעבן און זייער נאָמען און געדעכעניש וועלן לייכטן און שיינען אין אַלע אייביקייטן.

און אז מיר וועלן קומען אין דאָזיקן הייליקן אָרט וועלן מיר אויגיסן פאר די בוימער־נשמות אונזער ווייטיק און מתפלל זיין פאר עליית נשמה פון אונזערע קדושים מיט די קדושים פונם גאנצן פאָלק ישראל.

יתגדל ויתקדש שמיה רבא!

ד. ל. גראַנאָווסקי

(פון די רייד וואָס זיינען געזאָגט געוואָרן אין יער הקדושים צום אנדענק פון די דובאסארער קדושים און אומגעגנט).

ערקדי תימור

# יהודי דובוסרי תחת השלטון הסובייטי ובשואה

## .1

מהפכת אוקטובר והשנים לאחריה, אשר שינו שינוי יסודי את החיים ברוסיה כולה, שינו גם את החיים בדובוסרי וביחוד את חיי היהודים שבתוכה. הלאמת הרכוש הפרטי ואמצעי הייצור העמידה ככורח חיוני את בעיית הארגון של סדרי עבודה ויחסי עבודה חדשים.

שאלות אלו לא יכלו להפתר ע״י היהודים בכוחות עצמם, אלא בתיאום עם המדיניות הכללית אשר הונהגה בברית המועצות. ואם כי שיטות הארגון היו מיוחדות במינן, בוצעו, ככל שניתן היה באותם התנאים, בצורה מוצלחת ע״י יהודי דובוסרי. איני מתכוון כאן לסקטור החקלאי, אשר עליו ידובר בנפרד.

התאים היסודיים של החרושת והתעשיה בדובוסרי היו „ארטלים" — חבורות העובדים. אם כי נמצאו תחת פיקוח מוסדות השלטון המקומיים, היתה בהם בכל זאת גם מידה מסויימת של „חופש יצירה".

בדובוסרי התקיימו הארטלים הבאים:

**ארטל האומנים**, שאיגד בתוכו חייטים, כובענים, פועלי עור ופרוונים וכן תופרות, או כפי שכונו — תופרות-לבנים. ארטל זה אורגן על-ידי אידל צווייגופט, איציק ברנבוים ואייזיק שרייער (שלושתם נרצחו ע״י הגרמנים).

**ארטל התפרים (גוזרי החלק העליון של הנעלים), הסנדלרים והרצענים.** מארגניו היו: אברהם ליבנט (מת ב-1961) ואידל פלום (מת בגירוש בסיביר בגלל פעילות ציונית). תוצרתו של ארטל זה היתה מיועדת ברובה המכריע לשוק הלא-מקומי.

**ארטל החבתנים, הנפחים, הנגרים, המסגרים, הפחחים ומקצועות אחרים מבני סוגם.** עוד בשנת 1936 הוקם על בסיסו של ארטל זה מפעל לתיקוני מכונות, בית-חרושת למוצרי נגרות ובית-חרושת לכלי-רכב צבאיים. המחלקות האחרות שרתו את דובוסרי ואת הסביבה בלבד.

ארטל זה וכן בתי-החרושת שבאו בעקבותיו אורגנו ע״י האחים לינדנבוים (נרצחו ע״י הגרמנים), האחים זמל (הבכור נרצח ע״י הגרמנים) וע״י יצחק בלפר (נפל בחזית נגד הגרמנים).

**ארטל השירותים הכלליים.** בו היו מאוגדים הספרים, השענים, הצבעים, המכבסות וכד׳. מארגניו היו אידל לדיז׳נסקי (מת בשנת 1958), שמואל צולסקי וקוצקר (מת בשנת 1941).

רשת המסחר היתה, כידוע, בידי הממשלה. כן היו בידי הממשלה בית-החרושת לטבק, המחלבה, שני בתי-חרושת לייבוש פירות, שני יקבים לתעשיית יין, בית-חרושת ללבנים,

טחנת-קמח, בית-חרושת לחמאה ומפעלי חרושת אחרים שנוהלו ע״י יהודים וגם רוב עובדיהם היו מבני עמנו.

**פועלי הבנין** (למעלה מ-60% היו יהודים) וכן **פועלי המחצבות** (במחוז „המעין הגדול״). הם היו מאוגדים בארגון אחד ליד מועצת העיר.

ניתן לומר בבטחה, שהחל מ-1922 ועד 1941 צעדה דובוסרי מבחינה תעשייתית צעד ניכר קדימה. רשת החשמל המקיפה ומערכת צינורות המים שינו בצורה מכרעת את פני העיר.

בסך הכל עבדו במפעלים ובבתי-החרושת של דובוסרי, עד למלחמת העולם השניה, כאלפיים יהודים, מהם כ-1800 פועלים.

מצב שונה, למעשה — כשלון חרוץ, שרר בתחום החקלאות. בתחילה נעשו נסיונות להקים בכפייה קומונות חקלאיות. **הקומונה הראשונה** אורגנה באוקנה ע״י משה ויינר. מדובוסרי נשלחו אליה 26 משפחות. **הקומונה השניה** אורגנה ביגורליק. שתי הקומונות נכשלו בשנה הראשונה לקיומן, ואנשיהן, קרועים ובלויים וגוועים מרעב, חזרו לדובוסרי. אחדים מהם הגלו לסיביר בשל „כשלון במבצעים חקלאיים״. אחד הקרבנות של קומונות אלה היה חיים קינר, אשר מת בסיביר.

ב-1930—31 הוקמו הקולחוזים הראשונים לדוגמא בדובוסרי, בלונגה, קוצ׳יירי ומקומות אחרים. ישובים אלה התמחו בגידול טבק וענבים ובגידול פירות וירקות. בכל אחד מן הענפים הללו עבדו גם יהודים.

עד פרוץ המלחמה היו כ-200 משפחות יהודיות מדובוסרי קשורות בעקיפין בעבודות החקלאות בקולחוזים ובסובחוזים, ביניהן משפחות גרינברג, אימאס, ברנבוים, שולקלפר, פייטל, וולף ואחרים, שניספו בגיטו בדובוסרי.

סקירה זו אינה באה לנתח את התוצאות של הקולחוזים והסובחוזים, אולם למען האמת יש להעיר, כי חרף המאמצים הגדולים של חבריהם ופועליהם לא הגיעו הקולחוזים והסובחוזים לרמת הייצור החקלאי של 1914.

ב-1930 וב-1935 פקד את דובוסרי רעב קשה. לא היה לחם ולא היה בשר, לא היו ירקות, וממליגה (מאכל עשוי מתירס) היתה חלומם של אלפי רעבים. אנשים התהלכו נפוחי כפן ורבים גוועו מרעב. בעירנו מתו מרעב כ-100 יהודים. וזה קרה בימי שלום...

אחת התופעות האופייניות ליהודי דובוסרי בשנות 1922—1941 היא התשוקה העזה להשכלה שאחזה בציבור וביחוד הילדים והנוער. מלבד בית-ספר רוסי, בי״ס אוקראיני ובי״ס מולדבי, היו בדובוסרי ארבעה בתי-ספר יהודיים, בהם התנהלו הלימודים ביידיש.

רמת הלימודים בבתי-ספר אלה היתה גבוהה ומרבית המסיימים המשיכו לימודיהם בבתי-ספר טכניים-תיכוניים ומוסדות השכלה גבוהים.

מאלפת העובדה, שאע״פ שבבתי-הספר הרוסיים, האוקראיניים והמולדביים היו די מקומות, למדו הרבה ילדים לא-יהודים בבתי-הספר היהודיים בגלל רמתם הגבוהה.

11 מבוגרי בתי״ס יהודיים בדובוסרי, מהם 6 רוסים, 3 מולדבים ו-2 אוקראינים, סיימו בהצלחה טכניון יהודי לבנין מכונות באודיסה (ברחוב קנטנה מס׳ 71). שלושה מהם היו אחר כך למהנדסים.

בסך הכל סיימו עד לפרוץ המלחמה 1610 ילדים יהודים את בתיה״ס היהודיים

זעלבסט פארוואלטונג און די אינערליכע שמירה איז איבערגעגעבן געוואָרן יידישע קאַפּאָ לייט.

צום לויב פון דובאסארער יידן זאָל געזאָגט ווערן, אז קיין איינער פון זיי האָט זיך נישט געלאָזט איבעררייידן פון די דייטשן מיט זיי צו קאָלאבאָרירן. קיין איין יידישער פאררעטער איז נישט געווען אין אונזער שטאָט. נאָכמער, קיין איין ייד האָט נישט אראָפּגעבויגן זיין קאָפּ פאר די דייטשע מערדער.

לויב און ערע אייך, ברידער, לויב און ערע אייך העלדישע דובאסארער יידן!

צוליב נישט וועלן קאלאבארירן מיט די דייטשן האָבן זיי אויפגעהאָנגען אין שטאָט־גאָרטן די קדושים: יאנקל לייבאוויטש, דעם לערער פ. בלאמ־בערג, דאָקטאָר פיין, ראובן לעווין און די ברידער יצחק, יידל און משה בירנבוים.

און נאָך אַ פאַקט זאָל דאָ פארצייכנט ווערן: פונם ערשטן טאָג פון דער אקופאציע איז געווען אקטיוו אין דובאסאר די באקאנטע פארטיזאנען אפטיילונג אָנגעפירט פונם דובאסארער יאנקל גוזשניאצקי. זייערע מעשים האָבן די דייטשן גוט געפילט אויף זייערע אייגענע ביינער. צווישן פיל אנדערע אקציעס פון דער דאָזיקער פארטיזאנען גרופּע זאָלן פארצייכנט ווערן פאָלגענדע: דאָס אויפרייסן די בריק אויפן דניעסטר, דאָס אויפרייסן די שטאָטישע עלעקטריציטעט סטאציע און אנדערע צילן. די דאָזיקע אונטערגרונד קעמפער האָבן אויך געהיים אריינגעפירט שפייז און מעדי־קאמענטן אין געטאָ.

אין איינער א נאַכט, נישט ווייט פונם פלאץ וואו עס זיינען אומגעקומען די קדושים וואָס האָבן נישט געוואָלט מיטארבעטן מיט די דייטשן האָבן די פארטיזאנען אויפגעהאַנגען דעם שטאט פרעזעס, מאטוועיענקאָ.

די אונטערדריקונגס אקציעס אין געטאָ זיינען מיט יעדן טאָג שטארקער געוואָרן. אין הויז פון משפחה מאלקיס האָט זיך איינגעאָרדנט די אָרטיקע פאָליציי, אין וועלכער עס האָט זיך „אויסגעצייכנט" דער באוואוסטער סאדיסט דעמענטשוק. (נאָך דער מלחמה איז ער פארמשפט געוואָרן צו 15 יאָר טורמע און היינט דרייט ער זיך ארום אין מאלדאוויע אויף דער פריי).

איינמאָל, נאָך איינער פון זיינע אָפטע שיכרות ארגיעס, האָט ער געבראכט אין איינעם פון די צימערן אויפן צווייטן שטאָק דריי יידישע מיידלאך: די 16 יעריקע ראיא צעלניק, די 15 יעריקע מאניע ראבינאוויטש און די 18 יעריקע וואליא רייזמאן. ער האָט פון זיי אַראָפּגעריסן די קליידער, זיי ארויסגעוואָרפן דורכן פענסטער און זיי נאַכגעשאָסן בעתן פאלן פון צווייטן שטאָק...

מענטשן זון! קיינמאָל זאָלסטו דאָס נישט פארגעסן!

שלמה טאמשין האָט געהאט בינשטאקן. האָבן אים די דייטשן איינגעשלאָסן אין איינעם פון זיינע צימערן און דאָרט אריינגעלאָזן די בינען. אן שפייז און אן וואסער, צעביסן דורך די בינען, איז שלמה אויסגעגאנגען נאָך אַפּאָר טעג מוטשען זיך אין שרעק־ליכע יסורים.

אָנפאנג סעפּטעמבער 1941 האָבן די דייטשן געכאפּט 600 עלטערע יידן, זיי

איינגעשלאָסן אין די געוועזענע שולן פארשטאָפּט די פענסטער אַח די טירן און זיי לעבעדיק פארברענט מיט אלץ וואָס האָט זיך דאָרט געפונען. אַן עד ראיה פונם דאָזיקן שרעקליכן טויט, דער פידלער דיארדא, האָט מיר יאָרן שפּעטער דערציילט: „איך האָב נאָר געהערט א קול תפילה און דאָס קנאקן פון פייער. דערנאָך איז איינגעפאלן די סטעליע... איך האָב מער נישט געקענט איבערטראָגן און בין אנטלאָפן וואו די פיס האָבן מיך געטראָגן״.

דעם דאקטאר וואראביאווס פרוי איז אין יענער שעה פארבייגעגאנגען די בעל־מלאכה׳שע שול און זי האָט געזען ווי די ארטיקע פּאָליציסטן און דייטשן האָבן אייניקע מאָל געפרואווט אונטערצינדן דאָס הויז און יעדעס מאָל האָט זיך דאָס פייער אויסגעלאָשן. צום סוף האָבן זיי באגאסן מיט בענזין דעם גאנצן בנין און באלד איז די שול געשטאנען אין איינגעהילטע אין פלאמען. אויך זי האָט דערציילט אז זי האָט געהערט הארצרייסנדע תפילות וואָס האָבן זיך ארויסגעריסן פון דער ברענענדיקער שול.

אַ נאַכט נאָכדעם האָבן יעקב גוזניאצקי און איינער פון זיינע סאָלדאַטן־פּארטיזאנען ליקווידירט דעם דייטשן קאָמענדאנט און די פארברענטע אנטיסעמיטקע סאָניא קחור־טענקא, איינע פון די אייפערדיקסטע מיטארבעטערינס מיט די נאציס. אַ צווייטע אָפּטיילונג אנגעפירט דורך אהרון דארפמאן האָט אויפגעריסן א גרויסן מיליטערישן סקלאד, נישט ווייט פון אלטן יידישן בית־עולם. נאָך די דאָזיקע און ענליכע נקמה אקטן האָבן די דייטשן אָנגעהויבן פארשטיין וואָס פארא קלאָס מענטשן ס׳זיינען דובאסארער יידן.

זייער אָפּט בויערט אין מיין מוח א פראגע, וואָס ביז היינט האָב איך נישט באקומען קיין ענטפער אויף איר: פארוואָס האָבן די פּארטיזאנען וואָס האָבן אקטואירט נישט ווייט פון דובאסאר אונטער דער אָנפירערשאַפט פון גענעראל קובאפּאק, נישט געפרואווט ארויסראטעווען יידן פון געטאָ און זיי אויך נישט געגעבן קיין שום הילף.

אָנפאנג סעפטעמבער 1941 האָבן די דייטשן פארענדיקט אלע הכנות פאר דער מאסן פארניכטונג פון דובאסארער געטאָ. אלס שחיטה פלאץ האָבן זיי באשטימט א פעלד אויסער דער שטאָט, אויפן וועג פון פראוואָסלאוועגעם רוסישן בית־עולם אין דער ריכטונג פון „גרויסן פאנטאן״. אין די נאָרמאלע יאָרן האָבן יידן ליב געהאַט דאָרט צו שפּאצירן. טעג און נעכט האָבן זיך געצויגן די שיסערייען. מע האָט אויסגעגראבן גריבער פון 50 מעטער די לענג און 4—5 מעטער די ברייט. יעדער גרוב איז געווען באשטימט פאר 1500 מאַן. די יידן זיינען געבראכט געוואָרן ביז צו די גריבער און דאָרט דערשאָסן געוואָרן. טויטע, פארוואונדעטע, הרוגים און אזעלכע וואָס האָבן נאָך געלעבט זיינען באגראָבן געוואָרן אין דעם ריזיקן מאסן־קבר. טשעבאן א מאן וואָס לעבט היינט אין טיראספאל, האָט מיר דערציילט: מען האָט געשאָסן ביי טאָג און ביי נאַכט אָן אויפהער. לויט די שיס׳ערייען האָט מען געקענט מיינען, אז עס פירט זיך דאָרט אַ ביטערע שלאכט...

דעם 10־טן סעפטעמבער איז אין געטאָ אויסגעבראָכן דער „פרויען אויפשטאַנד״. די יידישע פרויען האָבן געפאָדערט מען זאָל זיי אומברענגען צוזאמען מיט זייערע מענער און קינדער. זיי האָבן זיך אוועקגעלייגט אויף דער ערד און נישט געוואָלט

אויפשטיין. די דייטשן האָבן געשאָסן אין די קינדער און די פרויען זיינען געבליבן ליגן. סו״ס האָבן זיך די דייטשן „אונטערגעגעבן״: זיי האָבן גענומען פירן צו דער שחיטה גאַנצע משפחות. סוף סעפּטעמבער 1941, אויף צומאָרגנס נאָך יום־כּיפּור, האָבן די דייטשן פאַרענדיקט די אויסראָטונגס אַקציע. איין איינציקע פרוי וואָס איז געווען אין געטאָ איז על פּי נס געבליבן לעבן — חנה פּאַסקאַר. זי איז אַראָפּ פון זינען און אַ קורצע צייט בעפאָר די רויטע אַרמיי האָט באַפרייט די שטאָט איז זי געשטאָרבן.

לויט אָפיציעלע דאַטן פון דער רעגירונגס אויספאָרשונגס קאָמיסיע וועגן די גרויל טאַטן פון די דייטשן, ליגן באַגראָבן אין די ערשטע 4 גריבער (בסך הכל זיינען געווען 12) 6000 דובאָסאַרער יידן. די קאָמיסיע האָט אויך באַשטעטיקט אַז די דייטשן האָבן זיך נאָכן טויט איזדיעקעוועט איבער די קערפּערס פון די דערמאָרדעטע. זיי האָבן אַרויסגעריסן גאָלדענע ציין, אָפּגעציִיגן די מלבושים פון די טויטע און אָפּגעטון פיל אַנדערע גרויל מעשים.

ביז סוף 1943 האָבן די דייטשן נישט אויפגעהערט ברענגען מאַסן יידן אין דובאָסאַרער געטאָ און זיי דאָרט אומגעבראַכט. פון אָדעס און קישינעוו, פון טיראַספּאָל, באַלטע און ריבניצע, און אויך פון טשעכאָסלאָוואַקיי זיינען געבראַכט געוואָרן טראַנספּאָרטן יידן קיין דובאָסאַר זיי אומצוברענגען, אַזוי אַרום איז דובאָסאַר פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ריזן בית־עולם פאַר 18,500 יידן.

ווי שוין דערציילט, האָבן זיך מיטן אויסברוך פון דער מלחמה אָנגעשלאָסן אין דער קעמפנדיקער רויטער אַרמיי העכער 1300 דובאָסאַרער בחורים און מיידלאַך. צו זיי דאַרף מען צורעכנען פיל סטודענטן פון אונזער שטאָט, וואָס האָבן געלערנט אין אָדעס, קיעוו און אַנדערע שטעט, וואָס האָבן זיך גלייך מאָביליזירט און פיל פון די וואָס איז געלונגען אַנטלויפן פון דובאָסאַר. צוזאַמען העכער 600 מאַן. אין סך הכל האָבן געקעמפט אין דער רויטער אַרמיי ביי אַ 2000 דובאָסאַרער יידן, ד. ה. 25% פון דער דובאָסאַרער יידישער באַפעלקערונג ביז צום אויסברוך פון דער מלחמה זיינען געווען אַקטיווע קעמפער געגן נאַצישן שונא. ביי אַ 900 פון זיי זיינען געפאַלן אויף די שלאַכט פעלדער. זאָל דאָ פאַרצייכנט ווערן פאַר די קומענדיקע דורות: אַלע דובאָסאַרער וואָס האָבן געקעמפט אויף די פראָנטן, ביז איינעם, זיינען באַצירט געוואָרן מיט אויסצייכנונגען און מעדאַלן פאַר זייער העלדישקייט.

העכער 200 דובאָסאַרער יידן זיינען געווען אָפיצירן. עליע (אליהו) לוואָוויטש האָט דערגרייכט דעם ראַנג גענעראַל־מאַיאָר אין דער אַרטילעריע־; דוד גריגאָריעוויטש גלוזבערג האָט דערגרייכט דעם ראַנג פּאָלקאָווניק (קאָלאָנעל). בעת ער האָט קאָמאַנדירט אַ טאַנקן דיוויזיע איז ער געפאַלן אויפן שלאַכט־פעלד שטורמענדיק די שטאָט פּאָזנאַן; לויטנאַנט־קאָלאָנעל גריגאָרי לוואָוויטש ליטמאַנאָוויטש, וואָס האָט געדינט אין דער אַוויאַציע, האָט אין פאַרשידענע לופט קאַמפן אַרונטערגעשאָסן 11 דייטשע עראָפּלאַנען. אין איינעם פון די קאַמפן איז זיין עראָפּלאַן אַרונטערגעשאָסן געוואָרן און ער איז שווער פאַרוואונדעט געוואָרן. העכער אַ יאָר האָט ער זיך געראַנגלט פאַר זיין לעבן און ביים פאַרענדיקן די מלחמה איז ער געשטאָרבן. ער איז באַגראָבן געוואָרן אין מאָסקווע. דער פּאַרטיזאַנען קאָמאַנדיר



**לופט פליער לויטנאַנט־קאָלאָנעל
ליטמאַנאָוויטש
סגן אלוף ליטמנוביץ**

י ע ק ב  ג ו ז נ י א צ ק י, נאָכדעם ווי ער איז שווער פארוואונדעט געוואָרן, איז אומגעקומען צוזאמען מיט די יידן אין געטאָ, אין שויס פון זיין משפחה.

ווי שוין דערציילט, ליגט דאָס העלדישקייט אין בלוט פון דער  א ו ר מ א ן  משפחה. ביים אויסברוך פון דער מלחמה האָט זיך דער 50־יעריקער מאָטל אורמאן אָנגעשלאָסן אלס פרייוויליקער איז דער קעמפענדיקער ארמיי. ביז צום סוף פון דער מלחמה האָט ער געדינט אין דער ארטילעריע. זיין טאָכטער  ר י ו ו ע  איז פרייוויליק אוועק צום פראָנט און דאָרט געדינט אַלס אינסטרוקטאָרין אין א מעדיצינישער טאנקן אָפטיילונג. פיל פארוואונדעטע סאָלדאַטן האָט זי ארויסגעראטעוועט פון פייער. זי אליין איז דריי מאָל פארוואונדעט געוואָרן. מאָטל אורמאנס זון — ו ו ל א ד י מ י ר — האָט קאָמאַנדירט א וואנדערנדיקע ארטילעריע אָפטיילונג. געציילטע טעג פארן סוף פון דער מלחמה איז ער געפאַלן אין אַ גאַסן קאמף אין בערלין. ער איז באצירט געוואָרן מיט 6 ערע־אויסצייכנונגען און מעדאלן.

מיט אויסערגעוויינליכער גבורה האָבן זיך אויסגעצייכנט די ברודער  ל י אָ ו ו א  און  י צ ח ק  ל ע ו ו א נ ט. ליאָווא האָט געדינט אלס עלעקטרא־טעכניקער אין א סובמארין אין באלטישן פלאָט. אין איינער פון די אויספלוגן צו די דייטשע ברעגן אין חודש מאי 1944 איז דער סובמארין אונטערגעגאנגען און ליאווא איז אומגעקומען.  י צ ח ק  ל ע ו ו א נ ט,  א קאפיטאן אין דער סאָוויעטישער ארמיי, האָט קאָמאנדירט אן אפטיילונג פולעמיאטשיקעס און געפאַלן ביי סטאלינגראד אין חודש אָקטאָבער 1942.

מ ו נ י ע  ב א נ ד ו ר א ו ו,  א מאיאָר אין דער סאָוויעטישער ארמיי, האָט קאָמאַנדירט א באָמבאַרדירער אָפטיילונג אויף לענינגראדער פראָנט. ער האָט דורכגעפירט

מער ווי 100 פליצוגן. יאנואר 1943, בעת די קאמפן דורכצוברעכן די באלאגערונג אויף לענינגראד איז מוניעס עראָפּלאַן ארונטערגעשאָסן געוואָרן און ער איז אומגעקומען.

מישא שקאָלניק, אַ אָפיציר אין דער רויטער ארמיי, איז פארוואונדעט געוואָרן אין קאַמף יוני 1944 אין מינסקער קרייז. דאָס איז געווען דאָס פערטע מאָל וואָס ער איז פארוואונדעט געוואָרן. מישא, אָבער, האָט נישט פארלאָזן דאָס שלאַכט־פעלד ביז דער שונא איז באזיגט געוואָרן. נאָך דער מלחמה האָב איך זיך געטראָפן מיט מישאן. עס איז געווען אונמעגליך אים צו דערקענען. זיין פנים איז געווען צושניטן פון די וואונדן און אינגאנצן פארענדערט. נאָר זיינע גוטע און מוטיקע אויגן זיינען געבליבן די זעלבע, און אויך זיין גייסט... זיי געשטאַרקט מישקא!

אַ הויכן ראנג אין מיליטערישן וויסן האָט דערגרייכט דער לויטנאנט־קאָלאָנעל יעקב רישקאוואַן, וואָס האָט קאָמאַנדירט בעת דער מלחמה א פולעמיאטן אָפטיילונג. ער איז באצירט געוואָרן מיט פיל מעדאלן און אויסצייכנונגען.

איך וויל זיך באזונדער אָפּשטעלן וועגן טייל פון דובאָסארער יידן אין דער פאר־טיידיקונג פון אָדעס.

די ספּעציעל סאָוויעטישע ברעגן פארטיידיקונגס ארמיי, געפינענדיק זיך אונטערן שטארקן דרוק פון דער 4־טער רומענישער ארמיי, האָט לאנגזאם זיך געמוזט צוריקציען לענגאויס דעם דניעסטער קיין אָדעס. דעם 19־טן אויגוסט איז אָדעס אינגאנצן ארומ־גערינגלט געוואָרן. שווער איז געווען צו פארטיידיקן די שטאָט, מחמת געווער, מוניציע און שפייז האָט מען געקענט צושטעלן נאָר דורכן שווארצן ים, און דאָס אויך אין באגרעניצטע קוואנטומס.

בעת דער באלאגערונג פון אָדעס האָבן זיך דאָרט געפונען 182 דובאָסארער יידישע סטודענטן. אלע, ביז איינעם, האָבן זיך פרייוויליק אָנגעשלאָסן אין די קעמפער באטאַ־ליאָנען. 68 טעג האָט זיך אָדעס פארטיידיקט. 54 דובאָסארער יידישע סטודענטן זיינען געפאלן פארטיידיקנדיק העלדיש די שטאָט.

יעפים דונאיעווסקי, א סטודענט פון דריטן יאָר, האָט קאָמאַנדירט איינע פון די וויכטיקע פארטיידיקונגס אָפטיילונגען אין דער געגנט פשערסיפ. אין איינעם פון די קאַמפן איז ער שווער פארוואונדעט געוואָרן און נאָך א שעה צייט געשטאָרבן.

דעצעמבער 1944, זייענדיק אויפן פראָנט, האָב איך באקומען א בריוו פון איינער פון די דובאסארער טעכטער — לענא טאלמאצקי — (דער בריוו געפינט זיך אין מיין באזיץ), פון וועלכן איך ברענג פאָלגענדע אויסצוגן:

„... וויניקע, מיין טייערער, זיינען מיר געבליבן. 99% זיינען דערשאָסן און באגראָבן געוואָרן לעבעדיקערהייט. אונזערע פריינד זיינען מער נישטאָ; די מענטשן וואָס זיינען אונז הארציק טייער לעבן נישט מער. ארקאדי, נעם נקמה! זיי זיך נוקם פאר אלע יסורים וואָס מיר שטייען אויס...‟

„דעם 29־טן ינואר 1942 איז מיין מאַן געפאַלן אין די שלאכטן ביי כארקאוו און אין עלטער פון 22 יאָר בין איך געבליבן אן אלמנה. האָב נישט קיין רחמנות אויפן שונא! נישט נאָר איך אַליין בעט עס דיך, איך בעט עס דיך אין נאָמען פון אַלע

אלמנות, פון די יתומים, אין נאָמען פון די טויזנטער פארפייניקטע אונזערע... נעם נקמה „...."

אין ווייטערדיקן טייל פון בריוו ווענדעט זיך לענא צו מיינע חברים קעמפער:

„טייערע חברים!... זייט זיך נוקם פארן טויט פון ארקאדיס וואונדערפולער מוטער, זייט זיך נוקם פארן טויט פון זיין קליין ברודערל, פארן טויט פון זיינע יונגערע צוויי שוועסטער, נעמט נקמה אויך פאר מיר... אויך איך האָב געוואָלט געניסן פון אביסל גליק. נעמט נקמה פאר די טויזנטער פרויען פון מיין שטאנד..."

און די יידישע קעמפער, קינדער פון דובאסאר, האָבן זיך נוקם געווען מיט זייער גבורה, מיט זייער מוט, מיט העלדישער מסירות־נפש אויף אלע פראָנטן וואו זיי האָבן געקעמפט.

אין די מלחמה יאָרן האָבן פיניע גלוזבערג און אסתר בענדערסקי געגרינדעט אין דער שטאָט באזאלוק א קאָמיטעט אויפצוזוכן דובאסארער. זייער אַ וויכטיקע ארבעט האָבן די דאָזיקע איידעלע מענטשן געטאָן. נאָך אַ שווערן 12 שעה'דיקן ארבעטסטאָג פלעגן זיי שעהן לאנג שרייבן און אוועקשיקן הונדערטער בריוו אין אַלע עקן פון דער גרויסער רוסלאנד זוכנדיק דובאסארער. און אז עס האָט זיך זיי אָפּגעגליקט און זיי האָבן אויפגעזוכט אַ דובאסארער, האָבן זיי גלייך מודיע געווען וועגן אים אַלע דובאסארער מיט וועלכע זיי זיינען געשטאַנען אין קאָנטאַקט. אחוץ דעם האָבן זיי געהאָלפן די אלע דובאסארער וואָס זיינען פארוואָרפן געוואָרן אין באזאלוקער געגנט, זיך ווי עס איז איינצואָרדנען. דער דאָזיקער קאָמיטעט האָט אויך צונויפגעזאַמלט ידיעות וועגן די דובאסארער פראָנט קעמפער און זיי איבערגעשיקט באשיידענע, אָבער טייערע מתנות.

סוף מערץ 1944 האָבן אוואנסירט די קאָרפוסן פון צווייטן אוקראינישן פראָנט ביז די גרעניצן פון דובאסאר, וואו עס האָבן זיך אָפּגעשפילט ביטערע שלאכטן. דעם 30־טן אויגוסט 1944 האָבן די פאָלקן פון דער 25־טער ארמיי, אונטער דער אָנפירונג פון גענעראל לויטנאנט קארטייעוו, געשטיצט פון דער 16־טען טאנקן דיוויזיע, אונטערגענומען די דעצידירנדיקע אטאקע אויף צו באפרייען די שטאָט פון נאַציש אינוואזאָר. זיי האָבן די שטאָט באפרייט, אירע 8 טויזנט יידן אָבער האָבן נישט זוכה געווען צו זען די באפרייאונג. דער יידישער פערטל, אחוץ איינצעלנע הייזער, איז געווען צושטערט און פארברענט. ווי מצבות האָבן ארויסגעסטארטשעט די קוימענס פון צווישן די חורבות. שווער איז געווען צו דערקענען די שטאָט. כמעט אוממעגליך... אויך די מצבות אויפן יידישן בית־עולם זיינען געלעגן צובראָכענע, די פארקנס אויפגעבראכן און צעוואליעט. די פאבריקן און ווארשטאטן זיינען געלעגן אין חורבות. די שטאָט איז חרוב געוואָרן. פון יעדן ווינקל, פון יעדער חורבה האָבן זיך געריסן שטומע געשרייען פון פארפייניקטע.

אין הויף פון מיין היים (וואָס איז אויך געווען דער הויף פון די ליטמאנאָוויטשעס) איז געוואַקסן אן אקאציע. איך האָב זי געזען אן איינזאמע און ארום איר הויפנס שטיינער... הויפנס שטיינער און גאָרנישט מער...

אָקטאָבער 1944 האָבן אָנגעפאַנגען זיך אומקערן קיין דובאָסאר די רעשטן פון

די לעבנגעבליבענע יידן, צווישן זיי די מלחמה אינוואלידן: אהרון בעלפער, דוד לאדיזשענסקי, די משפחה גרינבערג, אברהם סאקאלניק און אברהם טאקמאן. סך הכל האָבן זיך אומגעקערט 36 משפחות, וואָס האָבן געציילט 80 נפשות. א טייל פון די לעבנגעבליבענע דובאסארער יידן (א 40 משפחות) זיינען געבליבן וואוינען אין מיטל־אַזיע און סיביר, ווי אויך אין קישינעוו, ריגע, מאָסקווע, לענינגראד און אַנדערע שטעט.

בסך הכל לעבן היינט אין גאנץ רוסלאַנד ביי א 100 דובאסארער יידישע משפחות.

דאָס הייפל יידן, וואָס האָבן זיך נאָך דער מלחמה אומגעקערט קיין דובאסאר, האָבן אלס מענטשליכן און היסטאָרישן חוב געפונען פאר נויטיק צו פאראייביקן דעם אָנדענק פון די טויזנטער דובאסארער קדושים און אויך אויפשטעלן פונדאסניי די יידישע קהילה אין אונזער שטאָט.

יולי 1945 איז צוריקגעקומען קיין דובאסאר דער וועטעראן־סאָלדאַט מאָטל אורמאן. דער איידעלער און ענערגישער מאָטל האָט זיך אויך ארויסגעוויזן אַלס אויסגעצייכנטער אָרגאַניזאַטאָר און מוטיקער קעמפער פארן יידישן כבוד און שטאַנד. איך זאָג מוטיקער קעמפער, ווייל מער ווי איינמאָל איז אים אויסגעקומען צו פירן אַ שווערן, עקשנותדיקן קאַמף דורכצוזעצן די אויפגאַבן וואָס ער האָט זיך געשטעלט. די מאטעריעלע לאגע פון די צוריקגעקומענע איז געווען אן אויסערסט שווערע. קיין דירות צו וואוינען זיינען נישט געווען און אויך נישט קיין ארבעט און שפייז. אין די דאָזיקע באדינגונגען האָט אין אויגוסט 1945 גענומען אַקטיווירן דער



דובאָסאַרער לעבן געבליבענע נאָך דער מלחמה טרעפן זיך אין זייער געבורט־שטאָט.

ניצולי דובוסרי נפגשים אחרי המלחמה בעיר מולדתם.



דער מאנומענט ביים ברודער קבר אין דובאסאר.

האנדרטה ע״י קבר האחים בדובוסרי.

יידישער קאָמיטעט אונטער מאַטל אורמאנס אָנפירערשאַפט. איינע פון די ערשטע טעטיקייטן פון דעם קאָמיטעט איז געווען רעמאָנטירן ווי עס איז א טייל פון די חרוב געוואָרענע הייזער פאר די צוריקגעקומענע און אנגרייטן הייץ מאַטעריאל פארן נאָענטןווינטער (דאָס איז גאָרנישט געווען קיין לייכטע אויפגאבע).

מיטן אָנקום פון ווינטער זיינען פאר אלע צוריקגעקומענע געשטאַנען צוגעגרייטע דירות. אין דערזעלבער צייט, ד. ה. דעצעמבר 1945, האָט אָנגעפאנגען אָנקומען הילף פון דובאסארער אָפשטאַמיקע אין אַמעריקע, קאנאדע און אַרגענטינע. זאָל דאָ געזאָגט ווערן: אדאנק דער דאָזיקער הילף זיינען פיל געראטעוועט געוואָרן פון הונגער.

דערגרייכנדיק מער ווייניקער מענטשליכע לעבנס באדינגונגען, האָט דער קאָמיטעט באַשלאָסן רעמאנטירן ביידע יידישע בית־עולמ׳ס — דעם אלטן און דעם נייעם, ווי אויך געבן א שטיקל אויסזען דעם שחיטה פלאץ, וואו עס זיינען אומגעבראכט געוואָרן 6000 דובאסארער יידן. דאָס איז געווען איינע פון די שווערסטע אונטערנעמונגען, מחמת די אָרטיקע רעגירונגס אינסטיטוציעס האָבן זיך נישט נאָר באצויגן קאַלט און גלייכגילטיק צו דער איניציאטיוו, נאָר אפילו ארויסגעוויזן אַ געגנערשאַפט. בעת דער פראַוואָסלאַוער בית־הקברות איז שוין פון לאַנג געווען אַ רעמאָנטירטער, ווי אויך דער מיליטערישער בית עולם איז פאריכט געוואָרן און אין שטאָט גאָרטן איז אויפגע־שטעלט געוואָרן אַ דענקמאָל פארן אומבאקאנטן סאָלדאַט, זיינען אויפן אומשלאג פלאץ, וואו עס ליגן די ביינער פון טויזנטער אומגעבראכטע יידן, געוואַקסן ווילדע גראָזן.

נאָך אַ פאַרצויגענעם בריוו־אויסטויש און פיל נסיעות קיין קישינעוו און מאָסקווע, האָט מאָטל אורמאַן באַקומען די דערלויבעניש צו רעמאָנטירן דעם אלטן און נייעם יידישן בית־עולם (דער לעצטער געפינט זיך זייט אַ יאָר 30 אין צענטר פון א באַוואוינטער געגנט), און אויך אויפשטעלן א צוים ארום די מאַסן קברים פון די יידישע קדושים.

אין יאָר 1956 האָבן דובאסאר׳ער געוועזענע אָפיצירן אין דער רויטער ארמיי, זיך געווענדעט צום מארשאל זשוקאָוו בעטנדיק אים העלפן פאראייביקן דעם אנדענק פון 18,500 יידן וואָס זיינען דערמאָרדעט געוואָרן אין דובאסאר. אַ קורצע צייט נאָך דער ווענדונג האָבן די אָרטיקע באַהערדן ארויסגעגעבן אַ דערלויבעניש אויפצושטעלן א מאָנומענט צום אנדענק פון די 18,500 סאָוויעטישע בירגער פון דער שטאָט דובאסאר, וואָס זיינען אומגעקומען אין די מלחמה־יאָרן. יאָ, סאָוויעטישע בירגער... נישט דערמאָנענדיק דעם נאָמען יידן.

דאָס געלט פאר דעם צוועק איז געזאַמלט געוואָרן צווישן די דובאסאר׳ער יידן אין רוסלאַנד און אויך פון אמעריקע און קאנאדע זיינען באַקומען געוואָרן שפענדונגען. אין 1957 בין איך ספעציעל געפלויגן קיין דובאסאר אין פארבינדונג מיטן מאָנומענט. ווען איך האָב געשטעלט די פראַגע צו איז נישט כדאי צוגעבן צו די „סאָוויעטישע בירגער אויך דאָס וואָרט „יידן" און נעבן די רוסישע או מאָלדאַווישע אויפשריפטן זאָל אויך זיין אַן אויפשריפט אויף יידיש, האָט מען מיך באַשולדיקט אין „בורזשואזן נאַציאָנאַליזם"„!! און עס האָבן נישט געהאָלפן נישט מיין הויכער מיליטערישער ראַנג, נישט מיינע פערצן אויסצייכנונגען, נישט די 5 מאָל וואָס איך בין פארוואונדעט געוואָרן אין דער מלחמה...

איך וויל מודה זיין אז די דאָזיקע באַציאונג איז געווען איינע פון די שווערסטע קלעפּ וואָס איך האָב באַקומען, וואָס האָט פאַרשנעלערט מיין אומקערן זיך באוואוסט־זיניק צום יידנטום.

די צוים ארום דעם מאסן קבר אויף א לענג פון 800 מעטער, איז צוויי מאָל אויפגעשטעלט געוואָרן און צוויי מאָל האָבן אים די אָרטיקע איינוואוינער צונומען, זיך באַנוצנדיק מיטן מאַטעריאל אויפצובויען שטיבער פאר... זיך. דער קאָמיטעט מיט אורמאנען האָבן זיך אָבער נישט אונטערגעגעבן. אנשטאָט פונדאמענטן פון שטיין האָט מען געגאָסן אַ בעטאָן גארטל און ארום אויסגעגראָבן א טיפן ראוו. אזוי זעט אויס די צוים ביז היינט. 18 גריבער באשיצט דורך בעטאָן ווענט אויף א הויך פון 60 סענטימעטער. דער גאַנצער שטח ארום איז אַרומגערינגלט מיט אַ נידריקן צוים און ארום אים שפרייט זיך אויס א טיפער ראוו. ביים ארייַנגאַנג, אין צענטער פון די גריבער, רייסט זיך אין די הויכן אַ מאָנומענט, וואָס פארקערפּערט אַ סאָלדאַט מיט אַ פולעמיאָט וואָס קניט און בויגט זיין קאָפּ פאר די קברים פון די אומגעקומענע. נעבן אים שטייט א מיידעלע און טיפער טרויער איז אויסגעגאָסן אויף איר פנים...

דער קאָמיטעט און זיין פאַרזיצער מאָטל אורמאן האַלטן אַן אַ שטענדיקן קאָנטאַקט מיט די דובאסארער איבער גאַנץ רוסלאַנד. ער האַלט אויך אַן אַ קאָנטאַקט מיט די אלע וואָס האָבן בעת די מלחמה יאָרן אויפגענומען און געהאָלפן דובאסארער יידן אין

סיביר, אוראל און מיטלאזיע. ער שיקט זיי אָפּט בריוו און מתנות פון מאָלדאווייער פּרוכט. די גוטע טאַטן און זעלבסט אָפּפּערונג פון די דאָזיקע מענטשן דאַרפן מיר שטענדיק דערמאנען מיט יראת הכבוד און טיפער דאַנקבאַרקייט. אַדאַנק אייך, טייערע הארציקע רוסישע מענטשן אין סיביר, אוראַל און צענטראל אַזיע, וואָס בעת די שווערע מלחמה יאָרן האָט איר אונזערע ברידער און שוועסטער געגעבן א דאך איבערן קאָפּ און זיך געטיילט מיט זיי מיטן ביסן ברויט.



Р. ОКУШКО.

Дубоссарская ГЭС.

די הידראעלעקטרישע סטאַציע אין דובאסאַר.

תחנת הכוח בדובוסרי כיום

— — – אונזער אַלטע ליבע דובאסאר עקזיסטירט נישט מער. אויף אירע חורבות וואַקסט ווילד גראָז; אירע קוימענס, וואָס אַ צייט לאַנג האָבן זיי ארויסגעסטארטשעט ווי מצבות פון די צושטערטע הייזער, זיינען אויך פארשוואונדן. אויפן אָרט פון אונזער דובאסאר איז אויפגעקומען א נייע דובאסאר. איבער אַ האַלבן קילאָמעטער צו צפון פון דובאסאר האָט מען אויפגעבויט אַ הידראָעלעקטרישע קראַפט סטאַציע. די וואוינונגס קווארטאלן געפינען זיך יעצט צווישן „קליינעם פאנטאן” און די קוטשערן. דער יידישער בית־עולם געפינט זיך אין צענטר פון דער באוואוינטער געגנט. דער רוב צוריקגעקומענע יידישע משפחות וואוינען אין דער אַלטער דובאסאר, אין הייזער וואָס זיינען שטיין געבליבן און נאָך דער מלחמה האָט מען זיי רעמאָנטירט.

די אמאָליקע דובאסאר רעקאנטרואירט מען נישט.

אויף אַ ליידיקן פלאַץ נעבן די מאלוקשארס הויז האָט מען אויפגעשטעלט אַן אויטאָבוסן סטאציע. 4 מאָל אין טאָג גייט ארויס אַן אויטאָבוס קיין קישינעוו און 3 מאָל קיין טיראספאל. איינמאָל אין טאָג גייט ארויס אן אויטאָבוס אין דער ריכטונג פון קאטאווסק (בירזולא) און באלטע. אין לאנגע איז אויפגעבויט געוואָרן א קליינער פאָרט פונוואנען עס פאָרן ארויס קליינע שיפן קיין גריגאריאפאל און בענדער. פונם פאָרט וואָס ביי דער הידרא־עלעקטרישער סטאַציע קען מען פאָרן קיין ריבניצע. דאָרט וואו עס איז געשטאַנען די מיל האָט מען אויפגעבויט ווארשטאטן צו פאריכטן אויטאָמאָבילן. אין דובאסאר פונקציאָנירן 3 קינאָס און אייניקע קלובן. די טאַבאַק פאבריק איז פיל אויסגעברייטערט געוואָרן ווי אויך די אינדוסטריע פון געטריקנטע פרוכט און אַנדערע אינדוסטריעס פון אַגריקולטור פראָדוקטן. בסך הכל, שוין צוזאמען מיט די נייע איינוואוינער לעבן היינט אין דובאסאר 150 יידן אויף א באפעלקערונג פון 25.000 נפשות. 150 יידן אויף א באפעלקערונג פון 25.000, אין פארגלייך צו 8000 אויף א באפעלקערונג פון 20.000 פאר דער מלחמה...

עס זיינען מער נישטא אין דובאסאר קיין יידישע שולן, נישט קיין יידישע ביבליאָטעק, נישט קיין יידישער שפיטאָל. עס זיינען נישטאָ קיין יידן, נישט קיין יידישע אַטמאָספער. אָט יענע כאראקטעריסטישע אַטמאָספער פון דער אַמאָליקער יידישער דובאסאר איז מער נישטאָ. די יידישע דובאסאר וואָס מיר האָבן געקענט און ליב געהאַט איז פארשוואונדן אויף אַלע אייביקייטן... אַ פאָר אַלטע יידן קומען זיך צונויף מתפלל זיין אין פריוואַטע וואוינונגען... און דאָס לעבן, כביכול, פליסט ווייטער... עס וואַקסט אויף אַ נייער דור וואָס וועט קענען אונזער שיין העלדנרייך לעבן נאָר פון דערציילונגען וואָס ער הערט פון די דערוואַקסענע.

דובאסארער יידן זיינען באשעפטיקט ביי פארשידענע ארבעטן. זיי ארבעטן אויך אין דער הידרא־עלעקטרישער סטאציע, וואָס שטעלט צו עלעקטרישע קראפט אויך קיין קישינעוו, טיראספאל און אָדעס.

אַ שטענדיקער טרויער, א נישט אויסגעלאָשענער טרויער, איז אויסגעגאָסן אויף יעדן יידישן פנים. ווי קען אנדערש זיין? יעדער שטיין אין דובאסאר שרייט ארויס דעם גרויסן ווייטיק, יעדער שטיין איז רויט פון פארגאָסענעם יידישן בלוט...

יאָר איין יאָר אויס, יום־כיפור, קומען זיך צונויף פון אַלע עקן רוסלאַנד

דובאסארער יידן אין זייער היים־שטאָט מזכיר נשמות זיין די קדושים. פאַר מיין פארלאָזן רוסלאַנד בין איך ערב יום־כיפור זיך געקומען געזעגנען פון מיין געבורט־שטאָט. שטיל שווייגנדיק זיינען מיר געגאַנגען פון חורבה צו חורבה און פאר אונזער גייסטיק אויג האָבן אויפגעטויכט געשטאַלטן פון דער פארגאנגענהייט... מיר זיינען געגאַנגען, געשלאָסן האַנט אין האַנט מיט אַ ציטער אין האַרץ פאר דער מינוט פון צושיידונג. טיף אין האַרץ האָט ביי אַלעמען געטליעט דער גלויבן אז מיר וועלן נאָך זיין צוזאַמען... עס האָבן געשפּאַנט: דער סאָלדאַט יעפים זעמל און גראנאווסקיס זון — פימא גראנאווסקי, א באגאבטער אינזשיניער פון דער מעל אינדוסטריע; עס האָט געשפּאַנט דער מעטאַל ספּעץ מישא פיינזילבערג, אַראָפּגעלאָזן דעם ווייסן קאָפּ און זיינע ברייטע אַקסלען האָבן שטיל געציטערט; עס האָבן געשפּאַנט דער דאָקטאָר ראשקאָוואן און ריווע ליטמאנאָוויטש, לייבע ליטמאנאָוויטשעס טאָכטער, און ראָזע לעוואנט און יעקב שולקלאפּער.

שווייגענדיקע זיינען מיר געגאַנגען, שווייגענדיקע און שטאָלצע! מענטשן האָבן זיך אָפּגעשטעלט, האָבן אָפּגעדעקט זייערע קעפּ און זיך טיף פארנויגט. עס האָט זיך אנטפּלעקט דער סטעפּ....

באלד האָט פאר אונזערע אויגן אויפגעטויכט דער פּלאַץ וואָס איז געווען א גורל... אַ ביטערער גורל פאר אונזערע ליבסטע און טייערסטע...

אן שפּיץ איז געגאַנגען מאָטל אורמאן. מיט אַמאָל האָט זיך פון אונזערע ברוסטן ארויסגעריסן דאָס הייליקע געזאַנג פון יום־הדין. טרויעריק ווי א זיפץ האָט זיך צוגאָסן די מעלאָדיע, טיף אריינגעדרונגען אין די הערצער און פונ־דאסניי אויפגעריסן נאָך נישט פארהיילטע וואונדן: „געדענק, מענטשן־קינד, דו ביזט שטערבליך און עס וואַרט אויף דיר דער יום־הדין! גאָט! זיי מבטל אין דיין גנאד די נדרים וואָס מיר האָבן געגעבן, זאָלן זיי נישט זיין און נישט געדויערן. באפריי אונז פון זיי, גאָט אונזערער און פון אונזערע עלטערן...”

טרערן האָבן באַגאָסן אונזערע פנימער און יעדנס ליפּן האָבן געשעפּטשעט: „נעם צו, גרויסער גאָט, אונזער שבועה: אייביק, אייביק וועלן מיר זיי נישט פארגעסן, ביז צו אונזער לעצטן אָטעם־צוג”.

נאָוועמבער 1964 — יאַנואַר 1965.

# עַל חרבותיך דובוסר

אַל קִינָה וְהֶגֶה — הַשֶּׁבֶר אָיוֹם
דִּמְמַת אֵלֶם וּכְאֵב וִיגוֹן תְּהוֹם.
בְּאֵבֶל שְׁלִישׁ עָם כִּי הִשְׁמִיד צָר,
גַּם קְהִילַּת קֹדֶשׁ דּוּבּוֹסַר.
עִיר וָאֵם — בְּאֵשׁ וָדָם
תִּלִּים חַיִּים אֵפֶר אָדָם,
חָזוֹן וָמַעַשׂ – טֹהַר לֵב
כָּל אֲשֶׁר עוֹלָם אָהֵב
זֹהַר יַלְדוּת, חֵן נְעוּרִים
תִּקְווֹת עָתִיד — אִתָּם קְבוּרִים
חַיִּים נִקְבְּרוּ בְּיָדַיִם טְמֵאוֹת
שְׁמוֹנָה־עָשָׂר אֶלֶף וַחֲמֵשׁ מֵאוֹת.
לָנֶצַח יֵבְךְּ אֲשֶׁר נִשְׁאַר
לַאֲסוֹן עִירֵנוּ דּוּבּוֹסַר.

# מפעלי הנצחה

עם תום מלחמת העולם השניה, היו בני עירנו בארצות-הברית ובראשם משה פלדמן ז"ל וחבריו הרי שיר, לייבוש לוין ואחרים, יבל"א, שיזמו את מפעל העזרה בשביל ניצולי דובוסרי החיים בברית-המועצות. המפעל הראשון התבטא במשלוח אלפי חבילות מזון ובגדים ותרופות לבני עירנו הניצולים ברוסיה, מפעל שעד מהרה הצטרף אליו אירגון בני עירנו בארגנטינה בראש ב. גורביץ ז"ל ול. רובין יבל"א. ואכן תודות לעזרה החמרית הזאת ניצולו רבים מאחינו בני דובוסרי בברית המועצות מרעב בשנים הראשונות אחרי המלחמה.

לימים הבשיל הרעיון, כי בהגשת עזרה חמרית לנשארים בחיים לא סגי. אנו, שהגורל האיר לנו את פניו ולא שתינו מכוס התרעלה עד הקובעת כאחינו באירופה, חובה קדושה הבים אנו להנציח את קדושינו שניספו בשואה וגבורינו בני עירנו שחרפו נפשם ונפלו בקרבות במלחמה נגד הצורר הגדול ימח שמו וזכרו; וכן מצווים אנו להקים יד ושם לקהילתנו בדובוסרי והסביבה, אשר במשך קרוב לארבע מאות שנות קיומה רשמה דפים מזהירים בתולדות יהדות רוסיה ואוקראינה.

אחינו בברית-המועצות יזמו הקמת הגדר מסביב לקבר האחים הענקי בדובוסרי, בו נקברו 6000 מבני עירנו ועוד 12.500 יהודים מהסביבה הקרובה והרחוקה, בני הערים




הנטיעה הראשונה ביער קדושי דובוסרי והסביבה, כ"ז ניסן תשי"ג 26.4.1953

פלאַנצענדיק בוימער אין וואַלד פון דובאָסארער קדושים און סביבה, כ"ז ניסן תשי"ג. 26.4.1953

והעיירות אוקנה, זכרינבקה, טריספול, גריגוריופול, קריאוליאני, אורגייב, רזינוב, ריבניצה, בלטה, קישינוב ואודיסה, וכן יהודים מצ׳כוסלובקיה שהובאו לגיטו בדובוסרי ונרצחו בידי הגרמנים ומשתפי פעולה מבין האוכלוסיה הלא יהודית המקומית. יוזמה זו בוצעה באמצעות תרומותיהם של בני דובוסרי ברוסיה ויוצאי עירנו בארצות-הברית, קנדה וארגנטינה.

עם שוך הקרבות במלחמת העצמאות התחיל קורם בשר וגידים הרעיון להנציח את קדושי דובוסרי והסביבה במפעל מיוחד במדינת ישראל. יצויין ששוב היו בני עירנו משה פלדמן ז״ל וחברו הרי שיר יבל״א בארצות-הברית, ל. רובין מבואינוס־אירס, ומשה פיארמן ז״ל מקנדה, שהגו את המחשבה לנטוע חורשה ביער הקדושים להנצחת קדושי דובוסרי והסביבה. הרעיון מצא הד חזק בלב בני עירנו בארץ וביום ב׳ סיון תשי״א (מאי 1951) התקיימה הישיבה הראשונה של יוצאי דובוסרי בארץ לשם הקמת אירגון להנצחת קדושי עירנו. באותה ישיבה נבחר ועד זמני שניגש מיד לפעולה. בכ׳ תמוז אותה שנה התקיימה אסיפת היסוד של אירגון יוצאי דובוסרי בישראל. באסיפה השתתפו 65 איש ובה הוחלט לנטוע חורשה ביער הקדושים על שם קדושי דובוסרי והסביבה ונבחר ועד פעולה בהרכב דלקמן: א.י. גולני ז״ל — נשיא הכבוד, והח״ח רם-ויסוקי ז״ל, ויבל״א ב. בסין, י. קן-תור, ד.ל. גרנובסקי (מזכיר), משה ביק, זאב ברודסקי וצבי סוחוי.

עוד באותה אסיפה הוכרז על פתיחת המגבית בין עולי דובוסרי והסביבה בארץ. בשיתוף פעולה הדוק עם האירגונים בארצות-הברית ובארגנטינה נאסף הסכום הדרוש לנטיעת החורשה בהרי ירושלים. כעבור שלוש שנים נטענו בהרי ירושלים 10.000 עצים לזכרם של קדושי עירנו והסביבה.

לפני כשלוש שנים עלתה לארץ משפחה מדובוסרי, שמסרה פרטים רבים על השואה בעירנו ועל מעשי הגבורה המופלאים של רבים מבני עירנו בגיטו דובוסרי, במערכות הצבא הסובייטי ובפלוגות הפרטיזנים (כמסופר בפרוטרוט בסקירה של מר א. תימור בספר זה) וכן הביאה עמה שקיק עפר מקבר האחים. מיד הודענו ללשכת הקרן הקיימת שברצוננו להטמין את השקיק ביער על שם קדושי דובוסרי ולהקים מצבה לזכר הנרצחים. הקרן הקיימת ניאותה לבקשתנו ואף קיבלה על עצמה את תיכנון המקום וההוצאה לפועל.

מאחר ובי״א תשרי (1941) נסתיימה השמדת הגיטו בדובוסרי, קבעו שרידי עירנו ברוסיה את יום הזכרון למחרת יום הכיפורים, בו מתאספים בני דובוסרי החיים ברוסיה ליד קבר האחים להתייחד עם זכר הקדושים. בהתאם לכך קבענו גם אנו וכן יוצאי דובוסרי בארגנטינה ובארצות-הברית את י״א תשרי כיום ההתיחדות עם זכר קדושינו.

למחרת יום הכיפורים תשכ״ד (29.9.63) התאספו יוצאי דוובסרי הנמצאים בארץ ביער הקדושים לגילוי המצבה, עליה חקוקה הכתובת הבאה: **כאן הוטמנה אדמה שהובאה מקבר האחים של 18.500 נפשות מבני דובוסורי והסביבה ואחרוני מגיני אודיסה, שנרצחו ונקברו חיים ביד הרשע בימי ראש־השנה ויום־כיפור בשנת 1941. המצבה הוקמה על יד** השלט: ,,יער על שם קדושי דובוסרי והסביבה״. בשקיק האדמה הוטמנה גם מגילת קלף על השואה, עליה חתמו כל המשתתפים באזכרה.

האנשים שמעו ברטט מפי האיש שהביא את שקיק העפר פרטים על קבר האחים בדובוסרי, אשר שנים־עשר בורות בו ובכל בור קבורים 1500 יהודים. האיש שמסר את הפרטים האלה היה קצין גבוה בצבא הסובייטי. יחד עם קצינים אחרים בני דובוסרי




ארגון יוצאי דובוסרי והסביבה
תל אביב, ישראל

יהיה עפר זה אשר לוקח
מקברם של שמונה עשר אלף
ורכיש מאות יקירינו: הורים,
בנים, אחים, אחיות, עוללים וטף
כל קהלת דובוסרי והסביבה,
עדות נצח ולדראון עולם
לרשעי עמים, הגרמנים הנאצים
הארורים וגרוריהם, אשר
השמידו את בית ישראל
בגלת אירופה בכל מיני מיתות
אכזריות, וימלאו ברשעתם את
הארץ קברים קברים לאין
ספור, ואת הלבבות יגון עולמים
ואבל אין קץ. ארץ אל תכסי
דמם ואל יהי מקום לזעקתם.
הדם השפוך יחד עם קללת
נצח יחול עליהם ועל זרעם עד
סוף כל הדורות. שפך עליהם
זעמך וחרון אפך ישיגם ועולל
למו כאשר עוללו לנו. יחרד לבם
תמיד מפחד ומשבר ואל תהי
להם מנוחה לעולם.

כז ניסן תשכ"ג יום הזכרון לשואה
ולגבורה. העתק מגילת הקלף
שהוטמנה יחד עם העפר מקברם
ליד המצבה לזכרם ביער קדושינו
בהרי ירושלם. קהיד.

**דאָס איז די מגילה וואָס צוזאמען מיטן זעקעלע ערד**
**פון דובאָסארער ברידער קבר איז באהאלטן געוואָרן**
**אונטער דער מצבה.**

השתדל בפני השלטונות להשיג רשיון לגדור את קבר האחים בקיר ביטון. הממשלה אף הקימה בכניסה, במרכז הבורות, אנדרטה המגלמת חייל עם מיקלע הכורע על ברכו ומרכין ראשו בפני קברות הטבוחים. לידו ניצבת ילדה ופניה מביעים עצבות. על האנדרטה חקוקה כתובת ברוסית ובמולדבית: „לזכר 18 אלפי האזרחים הסובייטיים של העיר דובוסרי, שניספו בשנות המלחמה". כל ההשתדלויות להוסיף לאזרחים הסובייטיים את השם יהודים וכן גם כתובתביידיש עלו בתוהו.

כן מסר האיש, שקיר הביטון מסביב לקבר האחים שהוקם בדובוסרי הוא היחיד בכל הסביבה, ואולי בכל אוקראינה. יש סימנים מדאיגים, שהשלטונות המקומיים אינם מעונינים שהקבר יישמר, היהודים המעטים הנמצאים בדובוסרי קיבלו עליהם לשמור על מקום קדוש זה כל ימי חייהם.

מצבת הזכרון שהקימונו בארץ לזכר כל אלה הטמונים בקבר האחים בדובוסרי, עומדת

ביער קדושי דובוסרי והסביבה על יד כביש שואבה בקילומטר ה־17 בדרך לירושלים. כן נקבע בתרומתו של מר הרי שיר מארה"ב, שלט זכרון לקדושינו במרתף השואה בירושלים.

וזה הספר הוא המפעל השלישי, בו מסופרים חייה ותולדותיה של הקהילה היהודית בדובוסרי מראשית ימיה ועד היום הזה. והיה כי ישאלוכם בניכם מחר מה הספר הזה לכם? ואמרתם להם: אות הוא וזכרון לקהילה מעטירה, תוססת חיים וגבורה, אשר נכרתה וכלתה עם מאות קהילות אחרות בימי השואה הגדולה, בהנף האשמדאי ימח שמו וזכרו את הגרזן על בית יעקב בגולת אירופה. במותם ציוו לנו את החיים, למען יוסיף לפרוח ולשגשג בית ישראל במדינתנו הבנויה ובכל אתר אשר בני אחינו נחתים שם.



המצבה ביער הקדושים אשר מתחתה הוטמנה שקית העפר מקבר האחים בדובוסרי.
די מצבה אין יער הקדושים, וואס אונטער איר ליגט דאס זעקעלע ערד פונם ברידער קבר אין דובאסאר.

# פאַראייביקונגס ווערק

צום סוף פון דער צווייטער וועלט מלחמה האָבן אונזערע לאנדסלייט אין אמעריקע, בראש מיט משה פעלדמאן ע״ה און זיינע חברים הערי שיר, לייביש לעווין און אנדערע, זיי צו לאנגע יאָר, אָרגאַניזירט די ערשטע הילפס־אַקציע פאר די לעבן געבליבענע דובאסארער יידן אין ראטנפארבאנד. זיי האָבן אין פארלויף פון א קורצער צייט איבערגעשיקט טויזנטער שפייז און קליידער־פעקלאך, ווי אויך מעדיקאַמענטן צו אונזערע לאַנדסלייט אין רוסלאנד. אן אקציע צו וועלכער עס האָבן זיך באלד אָנגעשלאָסן די דובאסארער וועלכע וואוינען אין אַרגענטינע, בראש מיט בערנארדא גוראוויטש ע״ה און ל. רובין צו לאנגע יאָר. און זאָל באַטאָנט ווערן: אדאנק דער דאַזיקער מאַטעריעלער הילף זיינען דער רוב פון אונזערע לעבן געבליבענע ברידער און שוועסטער אין רוסלאַנד אויסגעהיטן געוואָרן פון הונגער און קעלט.

מצוה גוררת מצוה. צוזאמען מיט דער הילפס־אַקציע איז פאר אונז דובאסארער, וואָס דער גורל האָט אונז אויסגעהיט פון דער שרעקליכער קאַטאַסטראָפע וואָס האָט געטראָפן אונזערע ברידער אין אייראָפע, קלאָר געוואָרן אז מיט מאַטעריעלער הילף אליין פאר די געראטעוועטע האָבן מיר נאָך ווייט נישט דערפילט דעם חוב וואָס מיר זיינען שולדיק אונזערע קדושים און גיבורים וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש השם און אין קאַמף אויף די פראָנטן קעגן דעם גרעסטן צורר היהודים פון אַלע צייטן. מיר האָבן געזען אַלס הייליקן חוב אויפצושטעלן א ווערק צו פאראייביקן דעם אַנדענק פון דובאסארער קדושים און גיבורים, און אויך פאראייביקן אונזער קהילה, און סביבה, וואָס האָט אין פארלויף פון איר כמעט 4 הונדערט יעריקער עקזיסטענץ אָנגעשריבן גלאררייכע בלעטלאך אין דער געשיכטע פון אוקראינישן און אלרוסישן יידנטום.

אונזערע ברידער אין ראטנפארבאנד האָבן נאָך דער באפרייאונג אונטערגענומען די אינציאטיוו אויפצושטעלן א צוים פון בעטאָן ארום דעם ריזיקן ברידער־קבר אין דובאסאר, וואו עס ליגן באגראָבן 6000 פון אונזערע לאנדסלייט און נאָך 12,500 יידן פון דער נאָענטער און ווייטער סביבה, פון די שטעט און שטעטלאַך: אקנע, זאכאריוקע, יאגארליק, טיראספאל, גריגאריאפאל, קריאוליאנע, ארגייעוו, ריזינע, ריוניצע, באלטע, קישינעוו און אָדעס, ווי אויך יידן פון טשעכאָסלאָוואקיי, וואָס זיינען געבראכט געוואָרן אין דובאסארער געטאָ און דאָרטן דערמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשן און זייערע מיטהעלפער פון דער אָרטיקער נישט יידישער באפעלקערונג. די דאָזיקע איניציאטיוו איז פארווירקליכט געוואָרן אדאנק די באשטייערונגען פון די דובאסארער יידן אין רוסלאנד און אונזערע לאנדסלייט אין די פאראייניקטע שטאַטן, קאנאדע און ארגענטינע.

מיטן אויפקום פון מדינת ישראל האָט אָנגעהויבן רייף ווערן דער געדאַנק צו פאראייביקן דעם אַנדענק פון דובאסארער קדושים און סביבה דורך א ספעציעלער

אונטערנעמונג אין מדינת ישראל. זאָל דאָ באַצייכנט ווערן אַז אויך דאַסמאָל זיינען אונזערע לאַנדסלייט אין אַמעריקע — משה פעלדמאַן ע״ה און הערי שיר צו לאַנגע יאָר, ל. רובין פון ארגענטינע און משה פייערמאַן ז״ל פון קאנאַדע, געווען די וואָס האָבן אויפגעבראַכט דעם געדאַנק צו פלאַנצן אין יער הקדושים אַ וואַלד אויפן נאָמען פון דובאסארער קדושים און געגנט.

דער געדאַנק איז מיט פיל סימפּאַטיע אויפגענומען געוואָרן פון די דובאסארער אין ישראל, און ב׳ סיון תשי״א (מאי 1951) איז פאָרגעקומען די ערשטע זיצונג פון א גרופּע דובאסארער מיטן צוועק צו גרינדן אַ קערפּערשאַפט וואָס זאָל אויף זיך נעמען די פּראַקטישע דורכפירונג פונם פאראייביקונגס ווערק. אויף יענער זיצונג איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ פּראָוויזאָרישער קאָמיטעט, וואָס איז גלייך צוגטראַטן צו פּראַקטישער אַרבעט.




**פלאַנצענדיק אין יער הקדושים 26.4.1953.**

**יוצאי דובוסרי נוטעים ביער הקדושים.**

כ׳ תמוז 1951 איז פאָרגעקומען די גרינדונגס פארזאמלונג פון דובאסארער לאנדסלייט פאראיין אין ישראל, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט 65 מאַן. אויף דער פארזאמ־לונג איז דעפיניטיוו באַשלאָסן געוואָרן צו פלאַנצן אין יער הקדושים אַ וואַלד צום אנדענק פון דובאסארער קדושים און אומגעגנט. עס איז אויך אויסגעוויילט געוואָרן א אויספיר קאָמיטעט אין באשטאנד פון פאָלגענדע מיטגלידער: א. י. גולני ע״ה — ערן פּאַרזיצער, רם־ויסוקי ז״ל און צו לענגערע יאָר די חברים: ב. באסין, י. קן־תור (קאנטאר), ד. ל. גראנאווסקי (סעקרעטאר), משה ביק, זאב בראדסקי און צבי סוכאי. אויף דער זעלבער פארזאמלונג איז פּראָקלאמירט געוואָרן א זאמל אקציע פארן פאראייביקונגס ווערק.

אין ענגער צוזאמענארבעט מיט די דובאסארער לאנדסלייט פאראייניגען אין אמעריקע און ארגענטינע, איז אויפגעזאַמלט געוואָרן דער נויטיקער סכום צו פלאַנצן דעם אנדענק וואַלד אין די ירושלימער בערג אויפן באָדן פון קרן־קיימת. צו די דריי יאָר איז פארפלאַנצט געוואָרן דער וואַלד אין באַשטאַנד פון 10.000 בוימער.

מיט דריי יאָר צוריק איז זיך געקומען באזעצן אין ישראל א דובאסארער משפחה, וואָס האָט איבערגעגעבן פיל פרטים וועגן דעם חורבן פון אונזער שטאָט און וועגן די וואונדערליכע העלדנטאַטן פון פיל דובאסארער יידן אין געטאָ און פון די פיל פראָנט און פארטיזאנען קעמפער — זין און טעכטער פון אונזער שטאָט (ווי עס ווערט אויספירליך דערציילט אינם איבערזיכט פונם ה׳ א. תימור אין דעם בוך). די משפחה האָט אויך געבראכט מיט זיך אַ זעקעלע ערד פונם געמיינזאַמען ברידער־קבר. מיר האָבן זיך גלייך פארבונדן מיט דער קרן־קיימת ביורא און איר מודיע געווען אונזער פארלאנג צו באגראָבן דאָס זעקעלע ערד אין וואַלד אויפן נאָמען פון דובאסארער קדושים און אויך אויפשטעלן א מצבה לזכר די אומגעקומענע. די קרן־קיימת ביורא האָט גלייך באַוויליקט אונזער ביטע און האָט אויך אויף זיך גענומען פלאנירן און דורכפירן די איניציאטיוו.

היות י״א תשרי (אַ טאָג נאָך יום־כיפור) 1941 האָבן די נאַציס פארענדיקט די פארניכטונג פון דובאסארער געטאָ, האָבן די דובאסארער אין רוסלאַנד באשטימט י״א תשרי אַלס יאָרצייט נאָך די אומגעקומענע. דעם טאָג פארזאמלען זיך די דובאסארער יידן פון אַלע עקן רוסלאנד ביים ברידער־קבר זיך מתייחד זיין מיטן אנדענק פון די קדושים. אויך די דובאסארער אין ישראל, ארגענטינע און פאראייניקטע שטאטן האָבן אנגענומען דעם טאָג אלס יאָרצייט און צומאָרגנס נאָך יום כיפור זיינען מיר זיך מתייחד מיטן אַנדענק פון אונזערע קדושים.

אויף צומאָרגנס נאָך יום־כיפור תשכ״ד (29.9.63) האָבן זיך פארזאמלט די דובאסא־רער וואָס לעבן אין ישראל אין יער הקדושים אָפצודעקן די מצבה (די ביורא פון קרן־קיימת האָט געזאָרגט זי זאָל זיין פארטיק צו יענעם טאָג), אויף וועלכער עס איז אויסגעקריצט פאָלגענדע אויפשריפט: דאָ ליגט באהאלטן ערד וואָס איז געבראכט געוואָרן פונם ברודער־קבר, וואו עס ליגן 18,500 יידן, דובאסארער און פון דער סביבה, און די לעצטע פארטיידיקער פון דער שטאָט אָדעס, וואָס זיינען דערמאָרדעט און לעבעדיק באגראבן געוואָרן דורך דער האַנט פון רשע אין די טעג פון ראש־השנה ביז יום־כיפור 1941. אין זעקעלע ערד איז אויך באהאלטן א פארמעטענע מגילה וועגן חורבן, אונטערגעשריבן דורך אלע באטייליקטע אין דער הזכרה.

די מצבה שטייט נעבן דעם שילד: „וואלד אויפן נאָמען פון די קדושים פון דובאסאר און סביבה״.

מיט אַ ציטער האָבן די פארזאמלטע אויסגעהערט פרטים וועגן ברידער־קבר, וואָס עס האָט איבערגעגעבן דער מאַן וואָס האָט געבראכט דאָס זעקעלע ערד. פון 12 גריבער איז צוזאַמענגעשטעלט דער קבר; אין יעדן גרוב זיינען באערדיקט 1500 יידן. דער מאַן וואָס האָט איבערגעגעבן די דאָזיקע פרטים איז געווען אַ הויכער אָפיציר אין דער סאָוויעטישער ארמיי און צוזאַמען מיט אַנדערע אָפיצירן, דובאסארער, האָבן

זיי אויסגעפועלט ביי דער רעגירונג א דערלויבעניש אויפצושטעלן א צוים פון בעטאָן ארום דעם ברודער־קבר. ביים אריינגאנג, אין צענטר פון די גריבער, האָט די רעגירונג אויפגעשטעלט אַ מאָנומענט, וואָס שטעלט פאָר אַ סאָלדאַט מיט אַ פולעמיאָט, וואָס קניט און בויגט דעם קאָפּ פאר די קברים פון די דערמאָרדעטע. ביי דער זייט שטייט אַ מיידעלע און אויף איר פנים איז אויסגעגאָסן אַ טיפער טרויער. אויפן מאָנומענט איז אויסגעקריצט פאָלגענדע אויפשריפט אויף רוסיש און מאָלדאוואניש: „צום אנדענק פון 18 טויזנט סאָוויעטישע בירגער פון דער שטאָט דובאסאר, וואָס זיינען אומגעקומען בעת דער מלחמה”. אלע באמיאונגען צוצוגעבן צו די סאָוויעטישע בירגער דאָס וואָרט יידן, ווי אויך די אויפשריפט זאָל זיין אויף יידיש, איז דורכגעפאלן.

דער מאַן האָט אויך דערציילט אז די בעטאָן וואַנט ארום דעם ברידער־קבר אין דובאסאר איז די איינציקע אין דער גאַנצער סביבה און אפשר אין גאנץ אוקראינע. ליידער זיינען פאראן באאומרואינדיקע סימנים אז די היימישע מאַכט ווייזט נישט ארויס קיין אינטערעס אָפּצוהיטן דעם קבר, נאָר די ווייניקע יידן וואָס לעבן אין דובאסאר האָבן אויף זיך גענומען אָפּצוהיטן במשך זייער גאנץ לעבן דאָס דאָזיקע הייליקע אָרט.

די מצבה וואָס מיר האָבן אויפגעשטעלט אין ישראל צום אנדענק פון די 18,500 באערדיקטע אין דובאסארער ברידער־קבר געפינט זיך אין „יער קדושי דובוסרי והסביבה”, נעבן דעם שאסיי שואבה, ביים קילאָמעטער 17 אויפן וועג קיין ירושלים.




איז געדענק טאָג, אין „מרתף השואה” צינדט אָן ברוך באסין דאָס יאָרצייט ליכט.

במרתף השואה, ביום הזכרון, מדליק ברוך בסין את נר הזכרון.



אין יער הקדושים. צווישן די אַנוועזנדע: די משפחות שיר און לעווין פון אַמעריקע.

אדאנק דער באשטייערונג פון ה׳ הערי שיר פון אמעריקע, איז אויפגעהאַנגען געוואָרן א טאוול צום אנדענק פון אונזערע קדושים אין מרתף השואה אין ירושלים.

און דאָס דאַזיקע געדענק־בוך איז דאָס דריטע ווערק. אין אים ווערט דערציילט די געשיכטע און דאָס לעבן פון דער יידישער קהילה אין דובאסאר, זייט די ערשטע טעג פון איר גרינדונג ביז היינט. און אויב מאָרגן וועלן אייך פרעגן אייערע קינדער וואָס איז דער צוועק פון דאָזיקן בוך? זאָלט איר זיי ענטפערן: דאָס בוך דינט אלס צייכן און זכרון פאר דער וואונדערבארער קהילה אין דובאסאר, וואו א שפעריש, שפרודלדיק און העלדיש יידיש לעבן איז גרויזאם פארשניטן געוואָרן צוזאַמען מיט הונדערטער אַנדערע יידישע קהילות אין דער שרעקליכער צייט, ווען דער גרעסטער צורר היהודים האָט אַראָפגעלאָזט זיין מערדערישע האַק איבער יעקב׳ס הויז אין גלות אייראָפּע. מיט זייער טויט האָבן זיי געהייליקט דאָס לעבן אַנזאָגנדיק אונז פאָרצווזעצן בויען יידיש לעבן און שאפן אין מדינת ישראל און אומעטום וואו עס וואוינען יידן.

# הרב הגאון ר' ירוחם בן ר' שבתי הכהן זצ"ל



(רב ודיין בדובוסרי)

איש האשכולות היה ר' ירוחם, גדול בתורה וביראת שמים, חריף ובקיא. כל ימיו עסק בתורה ובהלכה וכן החזיר את נשמתו הטהורה לבורא בעת שישב והגה בגמרא. ולא רק למדן מופלג היה ר' ירוחם, כי אם גם נעים זמירות. גדול היה כוחו בנגינה ולתפילתו בציבור יצאו מוניטין בדובוסרי והסביבה. כאשר הוא ובניו היו עולים אל הדוכן לברכת כהנים, נשמעה ברכתם כשל להקה מוסיקלית וקהל המתפללים היו מאזינים לברכתם תפילתם בהנאה מרובה. ולא בכדי, שכן בניו של ר' ירוחם נחנו כולם בקול ערב ובכשרון מוסיקלי ושימשו בחזנות בקהילות גדולות — אחד בקישינוב, אחד באודיסה, ושלמה הצעיר בארצות־הברית. שלושתם אינם כבר בחיים.

נער הייתי וזקנתי ועד היום זכורים לי ניגוניו של סבא בברכת כהנים ובהלל.

הרב ר' ירוחם חיבר ספר בשם „כהן צדק" — הגהות על הש"ס, לתרץ את הקושיות על הגאון ר' עקיבא אייגר ז"ל. כן חיבר שאלות ותשובות „התשבי", שהוא כפר גדול על ארבעת חלקי הש"ע. ספר זה נועד לבירור הלכה ברורה ולחלצה מסבך המבוכות שבאחרונים, שזה בונה וזה סותר. ואכן „התשבי" מתרץ הקושיות, ברר הכל על נכון בטוב טעם ודעת. על ספר זה קיבל סבא הסמכות מגאונים רבים ושנים רבות עסק בהכנתו להוצאה לאור. בנעורי עוד הספקתי לראות את הספר עב הכרס בכתב ידו של סבא. ממון רב היה דרוש להוצאתו ולצערנו לא זכה לראותו מודפס בחייו. ייזכר לטובה דודי, ר' שלמה הכהן ז"ל, אשר נתן ידו להוציא את הספר בארצות־הברית.

כפי שידוע לי נכתבו ע"י ר' ירוחם עוד ספרים שאינם מוכרים לי. אך בידי נמצא החיבור שלו „בריש גלי" — פירוש על ההגדה של פסח. ספר קטן זה מצטיין בבאור יפה, בפשט נפלא, ויש בו גם ליקוטים אחרים של מדרשי פליאה על פסוקים ואגדות חז"ל. בסוף ההגדה מצוי דרוש לשבת תשובה במוסר השכל. סבא קרא לספר זה „בריש גלי" על שם התעוררות הגאולה האחרונה, ואת הפסוק „ובני ישראל יוצאים ביד רמה" מתרגם אונקלוס „בריש גלי". באותיות אלה מרומזות בר"ת שמו של המחבר ירוחם בן ר' שבתי.

לפי שמסרו לאמי ז"ל, פיגה, בתו של ר' ירוחם, היה זה בעשרה לאדר תרס"ח, בעת שסבא ישב והגה בגמרא ובבית היתה רק בתו רחל'ה. פתאום שמעה נקישה מנפילת כובע הקטיפה שלו הקשה על הרצפה. היא נכנסה לחדר לראות סיבת הנקישה

ומצאה את ר׳ ירוחם כפוף על הגמרא ללא רוח חיים. הוא מת בנשיקה בעסקו בתורה ובעבודה.

אשתו, הסבתא אדילה, משושלת הבעש״ט וכבעלה מצאצאי הש״ך, היתה אשה צדקנית ועזר כנגדו כל ימי חייה. יהי אף זכרה ברוך.

נכדם, **שבתי** קרדונסקי

# הרב יהושע־יששכר אבעל ז״ל



מקום מיוחד נועד לרב אבעל בחיי קהילתנו. הוא היה גם תלמיד חכם, גם משכיל, גם איש רב־פעלים, בקצרה — הוא היה מנהיג הקהילה במלוא מובן המלה. מאודיסה בא אלינו והביא אותו ר׳ יחיאל צלניק מיקירי עירנו ומשכיליה. בשנת תרס״ז (1907) הגיע אלינו הרב אבעל וכיהן בשתי הכהונות — רב ואב בית דין ואב מטעם, עד יום פטירתו בשבועות תרפ״ה (1925).

תקופת כהונתו כרב וכמנהיג רוחני בדובוסרי היתה מן הפוריות ביותר והשפעתו על נער וזקן היתה ניכרת בכל שנות שבתו בעירנו. כאמור, מיזג האיש בתוכו גם למדנות, גם השכלה כללית, גם ידיעה עמוקה בחכמת ישראל ועל הכל פעם בו לב יהודי חם, שופע אהבת ישראל ואהבת הבריות. הוא היה קובע עתים לתורה לשכבות עם שונות ושעוריו הקבועים בתלמוד, תנ״ך וחכמת ישראל לחוגים מצומצמים ונאומיו והרצאותיו הפומביים, עשו את דובוסרי למקום של תורה ועיון. ביחוד היתה גדולה השפעתו על הנוער ובעזרתו נפתחו לפנינו אופקים חדשים להכרת האדם והחברה, ובראש וראשונה את עם ישראל, עברו ושאיפותיו לעתיד. כאב נאמן היה תמיד מוכן למסור את נפשו בעד קהילתו ורבות פעל למען ישרור השלום בתוכה.

מסועפת מאוד וללא ליאות היתה פעולתו בפרוץ המהפכה ברוסיה, שכ״כ הרבה תקוות ניתלו בה. אף הוא קיווה זמן מה כי עם המהפכה נפתחה תקופה חדשה רבת תושיה ליהודי רוסיה ומרה היתה אכזבתו כאשר התקוות היפות נתבדו אחת אחת.

ב־1917, מיד אחר פרוץ מהפכת פברואר, נבחר כציר לועידה השביעית של ציוני רוסיה שנערכה בפטרוגרד, ויחד עם ח. נ. ביאליק, משה קליינמן ואנשי רוח אחרים נבחר לועדת התרבות. בשובו מהועידה לדובוסרי נשא בפני מאות אנשים הרצאה מופלאה על

התקופה החדשה עתירת הסיכויים שנפתחה בשביל העבודה הלאומית והתרבותית ליהודי רוסיה ועל התכניות העשירות של התנועה הציונית בשטח זה.

למרבה הצער, תחת להתמסר לעבודה תרבותית-חינוכית, לפי רצונו, נאלץ הרב אבעל ימים כועטים לאחר מכן לתת את כוחו ומרצו לפעולה ממין אחר לגמרי. לא יצאו ימים מרובים ורוסיה כולה, ויותר אוקראינה, שקעה ב„קונטר-ריבולוציה" ובמלחמות אזרחים שהביאה בכנפיה פרעות ושחיטות על מאות קהילות יהודיות.

לעולם לא אשכח את התמונה בעת שהרב אבעל רץ ברחובות העיר בפנים משולהבות, ידיו מלאות אבנים והוא זועק בקול גדול: „מי לה' — אלי!" זאת היתה זעקת הקרב ליהודי דובוסרי לעמוד בפני המון הפורעים שאיימו לעשות שפטים בקהילות ישראל. חיילים רוסיים רבים שערקו מגדודיהם עברו את הדניסטר והתחילו להתקיף את העיר. אזעקתו של הרב אבעל הצילה את העיר מפורענות גדולה. לא עברו רגעים מועטים ולידו התקבצו מאות אנשים מזויינים במקלות וקלשונים וגם באקדחים ורובים ובהתלהבות עצומה ומסירות נפש הדפו את הפורעים.

זמן מה לאחר מכן הציל הרב אבעל את העיר בשנית, והפעם מקלגסיו של פטליורה. נאומיו הנלהבים החדירו בנו עוז ואמונה ובכוח זה עמדנו נגד הפטליורובצים והבסנו אותם. משהתקרבו הפורעים אל העיר צלצלו בכל הכנסיות הפעמונים לאות אזעקה. האכרים שבאו אל העיר (זה היה יום שוק) נמלטו על נפשם. ההגנה היהודית ערכה את עצמה לקרב. אל היהודים הצטרפו גם כמה נוצרים מתושבי הסביבה. הפטליורובצים התרכזו בלונקה (אחד מפרברי העיר) ומשם התחילו קרבים אל העיר. מיריות המקלע והרובים הבחנו היכן נמצא האויב וידענו מידת קרבתו אלינו שפחתה והלכה. פתאום התחיל מתרחק הד היריות עד שנדם כולו. מה קרה לפתע? יוסף ברברדש, יהודי גוץ וזריז, חייל לשעבר בצבא הרוסי, התגנב בזחילה אל מאחורי המקלע ובקלשונו שבידו הלם במקלען. המקלען צנח ארצה וברברוש תפס את מקומו. חיש מהר סבב את המקלע והתחיל יורה צרורות באויב. בהלה פשטה בין ההידמקים שהתחילו בורחים אחוזי אימה, בהשאירם בשדה הקרב כמה הרוגים. יום נצחון גדול היה אותו יום ליהודי דובוסרי, אך שמחת הנצחון הושבתה במותו של אברהם, אחד מגבורי ההגנה, שנפל מכדור תועה. כמסופר, היה רב חלקו של הרב אבעל בנצחון זה בגלל רוח הגבורה שהפיח בלב אנשי ההגנה.

בימי מלחמת העולם הראשונה, כאשר לרגל המדיניות האנטישמית של הממשלה הצארית הלך ורב מספר הפליטים היהודיים, היה הרב אבעל פעיל מאוד בועד הפליטים שהוקם בעירנו ועשה רבות להקלת מצוקתם. ואכן לסבלם של אחרים ידע למצוא ארוכה, ואילו את סבלו הוא — נשא בדומיה ובאומץ עד לשעתו האחרונה. לעולם לא אשכח ביקורו בביתנו בשמחת-תורה בשנת תרפ"ב. כדרכו רעפה שיחתו דברי תורה וחכמה, לפתע הפסיק שיחו והתחיל לשיר „הכניסיני תחת כנפך" של ביאליק ברגש רב כשמעיניו זולגות דמעות לוהטות. זועזענו עד עומק נפשנו. איש לא היה מסוגל להניע אבר. הרגשנו כי האיש גילה טפח מסבלו הרב, מהטרגדיה העמוקה שהוא חי ואינו מגלה אותה לאחרים. „הכניסיני" כזאת לא שמעתי עד אז ולא הוספתי לשמוע כמותה עד היום.

כל הימים יקדה בלבו אהבה עזה לציון וכיסופים לחונן את עפרה. איתרע מזלו ולא

זכה להגשים את חלומו היקר ביותר. בשנת תרפ"ה (1925) שבק חיים והוא רק בן ארבעים ושמונה.

כל שהיתה לו הזכות להכירו ולהסתופף בצל קורתו יזכרנו באהבה ובהערצה.

**ד. ל. גרנובסקי**



דמות אצילה, עדינת נפש, מלאת הוד. באישיותו נתגלמו אהבת הבריות, אהבת העם ולהט לתחית האומה.

איש אשכולות היה הרב אבעל. בטוהר נפשו, בשיחו ושיגו כבש לבב הבריות. השכלתו הרחבה והעמוקה בספרות העברית — העתיקה והחדשה כאחת — ובספרות הכללית, וכשרונו לתת ביטוי הולם לשאיפותיו הלאומיות של עמנו, העמידו אותו בשורה אחת עם גדולי העסקנים של התנועה הציונית.

כרב דמתא וכרב מטעם בא הוא לעירנו מאודיסה. אפס, מראשית הופעתו בכהונתו הכפולה לא סגר את עצמו בד' אמותיה של ההלכה והקדיש את עתותיו לפעולה חינוכית וציונית מקיפה בין הנוער ושכבות העם האחרות. הרצאותיו מלאות התוכן, שנישאו בשפה פופולרית, משכו תמיד קהל רב.

יהודי גאה ואמיץ היה הרב אבעל. בהיותו חבר במועצת העיריה נלחם בעוז ובמרץ נגד כל גילוי של אנטישמיות והפליה נגד האוכלוסיה היהודית. בכנותו ובכוח השכנוע שלו הצליח כמעט תמיד לסכל קבלתן של אותן ההחלטות, שנועדו לפגוע באינטרסים של היהודים. כחבר בועד הקהילה שוב גילה עוז נפש וגודל רוח בהגינו תמיד על האינטרסים של העמלים.

איש דגול ומנהיג רוחני היה הרב אבעל ועד יומו האחרון לא קיפל את הדגל אותו הניף מיום בואו לדובוסרי לשמש בקודש.

**יוסף וויסוקי (רם)**

# הרב יהושע יששכר אבעל ז״ל

אַ באַזונדער בכבודיק אָרט האָט פאַרנומען הרב אבעל אין לעבן פון אונזער קהילה. אַ תלמיד חכם און א משכיל און א מאַן פון טאַט איז געווען הרב אבעל. בקיצור, ער איז געווען דער מנהיג פון אונזער קהילה אין פולן זין פון וואָרט.

געקומען איז ער צו אונז פון אָדעס און געבראַכט האָט אים קיין דובאסאר ר׳ יחיאל צעלניק, אליין א משכיל, פון די בכבודיקסטע יידן אין אונזער שטאָט. אין יאָר 1907 איז הרב אבעל געקומען קיין דובאסאר אויף ביידע ־רבנישע אמטן — רב און אב־בית־דין און קאזיאנער ראבינער, אמטן וואָס ער האָט אָנגעהאַלטן ביז דעם טאָג פון זיין פטירה, שבועות תרפ״ה (1925).

די צייט וואָס הרב אבעל האָט אמטירט אין דובאסאר אלס רב און גייסטיקער מנהיג, איז געווען פון די פרוכטבארסטע אין אונזער קהילה לעבן און זיין השפעה אויף יונג און אַלט איז געווען קענטיק אַלע יאָרן וואָס ער איז ביי אונז געזעסן אויפן כסא הרבנות.

ווי געזאָגט האָט ער אין זיך פאַראייניקט לומדות און אַלגעמיינע בילדונג און טיפן וויסן אין חכמת ישראל; זיין גרויסקייט און השפעה האָבן אָבער ארויסגעשטראַלט פון זיין ווארים יידיש הארץ וואָס האָט געשטראַמט מיט אהבת ישראל און מענטשן ליבע. אדאנק זיינע לעקציעס איבער תלמוד, תנ״ך און חכמת ישראל וואָס ער האָט געגעבן פאַר ענגערע קרייזן, און רעפעראטן און רעדעס פאַר ברייטע פאָלקס שיכטן, איז דובאסאר אין זיין צייט געוואָרן א מקום תורה.

באזונדער גרויס איז געווען זיין השפעה אויף דער יוגנט, פאַר וועמען ער האָט געעפנט נייע האָריזאָנטן פאַר מענטש און געזעלשאפט קענטעניש, און אין ערשטער רייע פאַר דער קענטעניש פון יידישן פאָלק, זיין עבר און זיינע אספיראַציעס פאַר דער צוקונפט. ווי א געטרייער פאָטער איז ער תמיד גרייט געווען זיך מוסר נפש זיין פאַר זיין קהילה, און פיל מי האָט ער פארווענדעט אז אין איר זאָל הערשן שלום און פאַר־שטענדעניש.

אַ פאַרצווייגטע און אומערמידליכע טעטיקייט האָט ער אַנטוויקלט נאָכן אויסברוך פון דער רוסישער רעוואָלוציע, אָנהעגענדיק אַן איר פיל האָפנונגען. אויך ער האָט געגלויבט אז מיט דער רעוואָלוציע האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ נייע, גליקליכע תקופה פאַרן רוסישן יידנטום, און גרויס און ביטער איז געווען זיין אַנטוישונג ווען אַלע זיינע האָפנונגען זיינען אויסגערונען אנשטויסנדיק זיך אָן דער נייער ווירקליכקייט.

אין 1917, גלייך נאָכן אויסברוך פון דער פעברואר רעוואָלוציע, איז ער אויסגע־ווײלט געוואָרן אלס דעלעגאַט צו דער זיבעטער ציוניסטישער קאָנפערענץ, וואָס איז אָפגעהאַלטן געוואָרן אין פעטראָגראַד, און צוזאַמען מיט ח. נ. ביאליק, משה קליינמאַן א. א. איז ער באשטימט געוואָרן אין דער קולטור קאָמיסיע. אַהיימקומענדיק פון דער קאָנפערענץ האָט ער פאַר הונדערטער מענטשן געהאַלטן אַ וואונדערפולן רעפעראַט

וועגן דער נייער צייט און די ברייטע מעגליכקייטן וואָס די רעוואָלוציע האָט געעפנט פאַר יידישער נאַציאָנאַלער און קולטור אַרבעט אין רוסלאַנד, און דערציילט וועגן די ברייטצוגיקע פלענער וואָס די ציוניסטישע קאָנפערענץ האָט אָנגעצייכנט אויף די געביטן.

ליידער, אנשטאט צו ווידמען זיין ענערגיע און פעאיקייטן פאר קולטור־דערציערישע ארבעט, וועלכע ער האָט אזוי ליב געהאַט, איז ער געווען געצוואונגען א גאנץ קורצע צייט שפעטער זיך אַריינוואַרפן מיט ברען אין אַ טעטיקייט פון א גאַנץ אנדערן כאראקטער. נאָך דער אָקטאָבער רעוואָלוציע האָט רוסלאַנד ארומגעכאפט אַ בלוטיקער בירגער קריג, באגלייט מיט פאָגראָמען און שחיטות אויף יידן, בעיקר אין אוקראינע.

פאר מיינע אויגן שטייט לעבעדיק דאָס בילד, ווי הרב אבעל לויפט א צעכראסטעטער און פארפלאמטער מיט שטיינער אין די הענט איבער די דובאסארער גאסן און שרייט מיט א לייבן קול: „מי לה׳ אלי!” דאָס איז געווען דער קאמפס־פאַראָל פאַר די דובאסארער יידן זיך אקעגנשטעלן דעם המון פאָגראָמטשיקעס, וואָס האָט געדראָט דער יידישער באפעלקערונג. אין יענער צייט האָבן פיל רוסישע סאָלדאַטן דעזערטירט פונם פראָנט, זיינען אריבער דעם דניעסטער און האָבן זיך פארנומען אָנגרייפן אונזער שטאָט. די טרעוואגע פון הרב אבעל האָט אָפגעראטעוועט די שטאָט פון א גרויסן אומגליק. אין געציילטע מינוטן האָבן זיך ארום אים פארזאמלט הונדערטער יידן באוואָפנט מיט שטעקנס און ווידלעס, א טייל האָבן אויך ארויסגעשלעפט פון ערגעץ וואו רעוואָלווערן און ביקסן, און מיט אובאשרייבליכן ענטוזיאזם און מסירות־נפש איז אָפגעשלאָגן געוואָרן דער אָנגריף פון די אָנפאַלער.

א צייט שפעטער האָב הרב אבעל ניטאַמאָל פיל בייגעטראָגן אפצוראטעווען די שטאָט פון די פעטליורטשיקעס. זיינע פלאַמיקע רעדעס האָבן אונז אדורכגעדרונגען מיט מוט און גלויבן און מיט דעם כוח האָבן מיר זיך אַקעגנגעשטעלט פעטליורעס באנדעס און זיי צושלאגן. ווען די פאָגראָמטשיקעס האָבן זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צו דער שטאָט, האָבן זיך די גלעקער פון אלע קלויסטערס צוקלונגען שלאָגענדיק טרעוואגע. די פויערים וואָס האָבן זיך געפונען אין שטאָט (עס איז צופעליק געווען אַ מאַרק טאָג) האָבן זיך גיך אָפגעטראָגן. די יידישע זעלבסטשוץ איז געווען גרייט צום קאַמף.

זאָל דאָ דערמאנט ווערן אז אויך אַ צאָל קריסטן האָבן זיך אָנגעשלאָסן צו געבן אַ ווידערשטאַנד די כוליגאַנעס. די פעטליורטשיקעס האָבן זיך קאָנצענטרירט אין דער פאָרשטאָט לאָנקע און פון דאָרט האָבן זיי מארשירט אויף דער שטאָט. פון די מאשינגעווער און ביקסן שאָסן האָבן מיר געוואוסט גענוי וואו זיי געפינען זיך. די דיסטאַנץ צווישן די היידאמאקעס און דער שטאָט איז אַלעמאָל געוואָרן קלענער. מיטאַמאָל האָבן זיך די שיסערייען גענומען דערווייטערן ביז זיי זיינען אינגאנצן אַנטשוויגן געוואָרן. וואָס איז געשען? יוסף בארבאראש, א קליין פלינק יידל, אַ געוועזענער סאָלדאַט אין דער רוסישער ארמיי, האָט זיך קריכנדיק אונטערגעגנבעט ביז צום פולעמיאט און מיט דער ווידלע וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט האָט ער אוועקגעלייגט דעם פולעמיאַטשיק. פלינק האָט ער אויסגעדרייט דעם פולעמיאט און אָנגעהויבן שיסן אויף די היידאמא־

קעס. אַ פּאַניק האָט באַהערשט די גרויסע „העלדן" און אין גרויס פּחד זיינען זיי אַנטלאָפן וואו די אויגן האָבן זיי געטראָגן איבערלאָזנדיק פיל הרוגים. מיט גרויס פרייד האָבן דובאסארער יידן געפייערט דעם נצחון איבער די פּאָגראָמשטשיקעס. די פרייד איז אָבער צושטערט געוואָרן צוליבן טויט פון איינעם פון די הגנה גבורים — אברהם — וואָס איז געפאלן פון אַ פאַרבלאָנדזשעטער קויל.

ווי געזאָגט, האָט הרב אבעל בייגעטראָגן צום נצחון אדאנק דעם העלדן גייסט וואָס ער האָט איינגעפלאנצט צווישן די זעלבסטשיצלער.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען צוליב דער יידנפיינליכער פּאָליטיק פון דער צאַרישער רעגירונג איז מיט יעדן טאָג געוואַקסן די צאָל פון די יידישע פליטים, האָט הרב אבעל ענטוויקלט אן אינטענסיווע טעטיקייט אין פליטים קאָמיטעט וואָס האָט זיך אָרגאניזירט אין אונזער שטאָט און ער האָט פיל געטאָן אויף צו פארלייכטערן די נויט פון די עלנטע און פארטריבענע. פיל הילף האָט ער צוגעטראָגן די נויט־באַדערפטיקע, נאָר זיך אליין האָט ער נישט געקענט העלפן. זיין ווייטאק האָט ער געטראָגן שטיל און פארשלאָסן אין זיין הארץ.

איך וועל קיינמאָל נישט פארגעסן זיין באזוך אין אונזער הויז שמחת־תורה תרפ"ב (1921). ווי זיין שטייגער האָט זיין שמועס געטריפט מיט תורה און חכמה. מיטאַמאָל האָט ער אפּגעהאַקט דעם שמועס און אָנגעפאַנגען זינגען מיט א זיסער שטימע ביאליקס „הכניסיני תחת כנפך". ער האָט געזינגען מיט פיל עמאציע און פון זיינע אויגן האָבן זיך געגאָסן ברענענדיקע טרערן. מיר זיינען אויפגעטרייסלט געוואָרן ביז די טיפענישן פון דער נשמה. מיר זיינען געזעסן ווי צוגעקאוועט און נישט געקענט רירן מיט קיין אבר. מיר האָבן געפילט אַז דאָסמאָל האָט דער מאן אויפגעדעקט א טפח פון זיינע ליידן, פון דער טיפער טראגעדיע וואָס ער לעבט איבער נישט אויפדעקנדיק זי פאר קיינעם. אזא „הכניסיני" האָבן מיר נישט געהערט ביז יענעם טאָג און אויך נישט אין די קומענדיקע טעג ביז היינט.

זיין גאנץ לעבן האָב הרב אבעל געפיבערט מין אן אומבאגרעניצטער ליבע צו ציון. טיף און שטארק זיינען געווען זיינע בענקענישן זיך צו באזעצן אין ארץ־ישראל. זיין מזל האָט אים פאראטן און נישט געגעבן די מעגליכקייט צו פארווירקליכן זיין טייערסטן חלום. אין יאָר תרפ"ה (1925) האָט ער אויסגעהויכט זיין נשמה אין עלטער פון קוים 48 יאָר.

**ד. ל. גראַנאָווסקי**



אן איידעלע אריסטאָקראַטישע געשטאַלט, פון וועלכער עס האָט געוויעט אפּשיי און יראת הכבוד איז געווען הרב אבעל. אין זיין פערזענליכקייט האָבן זיך צוזאמענגעגאָסן מענטשן ליבע, ליבע צום פאָלק און א פלאמיקער ענטוזיאזם פאר אונזער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג.

מיט זיין ערלעכקייט און איידלקייט און מיט זיין הארציקן אינטערעסאנטן אופן פון שמועסן, האָט הרב אבעל זיך באַליבט געמאַכט און געוואונען מענטשליכע הערצער.

זיין ברייט און טיף וויסן אין דער אַלטער און נייער העברעאישער ליטעראטור און אין דער אלגעמיין וועלטליכער ליטעראטור, זיין אויסערגעוויינליכע פעאיקייט צו געבן אין זיינע רעדעס און לעקציעס א פאסיקן אויסדרוק אונזערע נאַציאָנאַלע שטרעבונגען, האָבן אים אוועקגעשטעלט אין איין רייע מיט די גרויסע טוער פון דער ציוניסטישער באוועגונג.

פון אַדעס איז ער געקומען צו אינז באקליידן דעם דאָפּלטן אַמט אלס רב און קאזיאנער ראבינער. פון דעם ערשטן טאָג אָבער וואָס ער האָט באטראָטן דובאסאר, האָט ער זיך נישט פארשלאָסן אין די דלת אמות פון דער הלכה און האָט זיין גאנצע צייט און ענערגיע געווידמעט צו דערציען נאַציאָנאַל־ציוניסטיש די יוגנט און אנדערע פאָלקס־שיכטן. זיינע אינהאַלטספולע רעפעראַטן וואָס ער האָט געהאַלטן אין א פאָפּולערער שפראך האָבן תמיד צוגעצויגן מאסן צוהערער.

אַ שטאָלצער און מוטיקער ייד איז ער געווען. אַלס מיטגליד אין שטאָט־ראט פלעג ער ענערגיש און מוטיק קעמפן קעגן יעדן אויסדרוק פון אנטיסעמיטיזם און דיסקרימינאַציע קעגן דער יידישער באפעלקערונג. מיט זיין קאָרעקטקייט און איבערצייגונס כוח פלעג זיך אים כמעט תמיד איינגעבן צונישט מאכן די פלענער און פראָיעקטן וואָס זיינען געווען געווענדעט קעגן די יידישע אינטערעסן.

אלס מיטגליד אין קהילה ראט פלעג ער תמיד פארטיידיקן די אינטערעסן פון די אָרימע ארבעטנדיקע שיכטן.

אן אמת'ער גייסטיקער פירער איז געווען הרב אבעל פאר זיין קהילה. און ביז צום לעצטן טאָג פון זיין לעבן האָט ער נישט אַראָפּגעלאָזט די פאָן וואָס ער האָט אויפגעוויקלט דעם טאָג ווען ער איז געקומען משמש זיין בקודש אין דער יידישער קהילה פון דובאסאר.

יוסף וויסאָקע (רם)

# א. י. גולני ז״ל

**(לזכר המורה והמדריך, שדובוסרי היתה תחנתו האחרונה בגולה לפני עלייתו לארץ)**

זה היה בתקופת הבהלה הגדולה ברוסיה, אחרי התבוסה שארץ הצארים נחלה מידי יפאן ודיכוי המהפכה משנת 1905. התגוררנו עם עוד שש משפחות בכפר מולדובני, 4 ק״מ מדובוסרי. הייתי אז ילד בגיל רך ואני זוכר שערב ערב היינו עוזבים את הבית והולכים ללון אצל גוי, ואילו אבא עם כמה גויים ידידים היו נשארים לשמור על הבית. בוקר אחד נודע לנו, כי בלילה פרצו פורעים לביתו של אחד היהודים בכפר והיכו את ראש המשפחה. לעת צהרים התחילו פתאום להתקהל ברחוב. הגויים היו מבוהלים, משמע שקרה משהו שלא לטובתם. עד מהרה נתבררה סיבת הבהלה: שליח מיוחד מה„סטרוסטה״ (ראש הכפר) בא לאבא וסיפר לו, שמנדלי פטרון מדובוסרי „פלש״ לביתו של ה„סטרוסטה״ ותבע בתוקף למסור לידו את השקצים שהיכו את דודו. בן רגע פשטה השמועה בכפר כולו ומשלחת נשלחה למנדלי לפייס את דעתו, אך הוא באחת: יתנו לידו את הפושעים. סו״ס עלתה בידי המשלחת לשדלו, כי הדרך הטובה ביותר לכל הצדדים היא — השכנת שלום בכפר. יין רב „נשפך״ באותו יום ולפנות ערב ליוו את מנדלי „בתופים ובמחולות״ לביתו. זמן קצר אחרי המקרה הזה עברנו לדובוסרי.

שמחתי שנגור בדובוסרי ואוכל להכיר את גיבוריה המהוללים, שכפרים שלמים של גויים פוחדים מפניהם, אשר מנדלי היה אחד מהם. אלא שתחת להראות לי את הגיבורים הביא אותי אבא לבית-הספר היהודי „די אייבערשטע תלמוד-תורה״ (תלמוד תורה עליונה). לבית-הספר הגענו בשעת ההפסקה. התלמידים שיחקו קבוצות קבוצות במשחקים שונים. בקבוצה אחת התבלט איש מבוגר, משופם, לבוש מכנסים שחורים וחולצה לבנה, מרכיב „פנסנה״. הילדים רצים אחריו והוא בורח, תופשים אותו, מרביצים בו כדור, הוא תופשו ומרביצו חזרה... שאלתי את אבא לפשר הדבר ואבא הסביר לי שהאיש המבוגר הוא המורה והמנהל של בית-הספר והוא גם ראש הגיבורים עליהם שאלתי. גדולה היתה אכזבתי בראותי את ראש הגיבורים, שבדמיוני ראיתים כענקים, והעומד בראשם גבוה מהם משכמו ומעלה — וכאן רואות עיני אדם רגיל משחק עם ילדים בני גילי, לא גבה-קומה ולא רחב-גרם, לבוש חולצה לבנה בלי עניבה ובלי כובע מיוחד, ואין קוראים לו אידל קאטארז׳אַן או לייבעלע דישאַבקע, אלא מין שם מוזר שקשה לבטאו ולהתרגל אליו: **יגולניצר.**

אט אט התרגלתי למורה „המוזר״ והתחלתי לאהוב אותו יחד עם כל התלמידים. הוא היה המורה האהוב בזמן השיעורים, החבר המסור בשעת ההפסקות והמדריך הנאמן בימי החופש והחגים.

מפי אבא שמעתי שבלילות מלמד הוא בני יהודה קשת. פעם הרהבתי עוז וביקשתי את המורה שיספר לנו על פעולותיו שהשתיקה יפה להן. הוא נענה וסיפר לנו על גיבורי ישראל בדורנו ובעיר מולדתנו. ביחוד העלה על נס את מעשי גבורתם של אידל קאַטאַרז׳אַן,

נחום חיים איסר׳ס, מנדלי פאטרון, לייבלי דישובקה ואחרים, שאף על פי שהיו אנשים פשוטים מאוד, אף לא ידעו קרוא וכתוב, הרי היו יהודים גאים, זקופי-קומה, ברי-לבב, מוכנים תמיד למסור נפשם בהגינם על כבוד ישראל. כן היה מרבה לספר לנו על ארץ-ישראל ועל תלמי לבנו ניטעה אהבה עזה לארצנו. בחופשת הקיץ פשטה שמועה, שלשנת הלימודים הבאה יבוא מורה אחר, שכן המורה יגולניצר נוסע לארץ-ישראל.

1937, ואני כבר 14 שנה בארץ. יום אחד, בנסעי באוטובוס לרמת-גן, נפל מבטי על אדם מבוגר מוכר לי. ניגשתי אליו ושאלתיו: האם אתה יגולניצר? והוא ענה לי בשאלה: — האם אתה מדובוסרי? נדמה לי שאביך היה גבוה, בלונדי; תחילה גרתם בכפר, ואם אינני טועה שמך ק. ומיד התחיל לספר לחבריו שישבו עמו על דובוסרי ועל גיבוריה, שהיו כה אהובים עליו.

בהגיע אלינו הידיעה האיומה על השמדתה של קהילת דובוסרי בידי הגרמנים והרומנים, היה גולני בן ה-75 בין הראשונים שעוררו את כל יוצאי דובוסרי באשר הם שם להקים מצבת-זכרון לקדושי העיר ע״י נטיעת חורשה ביער הקדושים של הקהק״ל. עוד משאלה היתה לו: להקים בחורשה בית, שישמש פינת נופש לעוברי-אורח ביער הקדושים.

במלאות עשר שנים להשמדת קהילתנו, בין כסה לעשור תשי״ג, נקראה אסיפת-אבל בה הכרזנו על המפעל שעמד להתגשם אותה שנה. א. י. גולני ישב ראש באותה אסיפה ולאחר תפילת „אל מלא רחמים״ בפי החזן, קם הוא הישיש ובקול חנוק אמר „קדיש״. משנפרדנו מעליו לא ידענו שזו פגישתנו האחרונה.

יוצאי דובוסרי נושאים באהבה וביקר את זכרו של המורה הדגול והידיד הנאמן א. י. גולני.

**ישעיהו קן-תור**

# א. י. גולני (יאגאלניצער) ז״ל

(צום אנדענק פונם לערער און מדריך, וואָס דובאסאר איז געווען זיין לעצטע סטאַציע אין גלות פאַר זיין עלייה קיין ארץ־ישראל).

**1906. אַ יאָר נאָך דער מפלה וואָס דאָס צאַרישע רוסלאנד האָט געכאַפּט פון די יאַפּאַנער און נאָך דער אונטערדריקונג פון דער רעוואָלוציע אין 1905. מיר און נאָך 6 יידישע משפחות האָבן דעמאָלט געוואוינט אין אַ מאָלדאַווישן דאָרף 4 קילאָמעטער פון דובאסאר. איך בין דאַן געווען א קליין יינגל און געדענק אז יעדן אָוונט פלעגן מיר פאַרלאָזן אונזער הויז און גיין נעכטיקן ביי א באקאנטן גוי, בעת מיין פאָטער מיט א פאָר באקאנטע גויים פלעגן בלייבן אכטונג געבן אויף דער שטוב.**

**אַ העלן פרימאָרגן האָט מען אונז מודיע געווען, אז די פארגאנגענע נאכט האָבן פּאָגראָמטשיקעס זיך אריינגעריסן אין איינעם פון די יידישע הייזער אין דאָרף און**

געשלאָגן מכות רצח דעם ראש פון דער משפחה. מיטאָג צייט האָבן מיר באמערקט אין דאָרף אַ געלויף. די גויים זיינען געלאָפן איבערגעשראָקענע, א סימן אז עס איז עפּעס געשען פאר וואָס זיי האָבן מורא. באלד איז קלאָר געוואָרן די סיבה פון דער בהלה וואָס האָט זיי ארומגעכאפּט. א שליח מיוחד געשיקט פון סטאַראָסטע איז געקומען צו מיין פאָטער און אים דערציילט אַז מענדעלע פאַטראָן פון דובאסאר איז „איבערגעפאלן" דעם סטאַראָסטעס הויז און פאָדערט ער געריש מען זאָל אים אויסליפערן די שקצים וועלכע האָבן געשלאַגן זיין פעטער.

אין געציילטע מינוטן איז די נייעס פארשפרייט געוואָרן אין דאָרף און א ספּעציעלע דעלעגאַציע איז געשיקט געוואָרן איבערבעטן מענדעלען. ער אָבער האָט פון גאָרנישט געוואָלט וויסן, „גיט מיר ארויס די פארברעכער און איך וועל זיי אָנלערנען". סוף־סוף האָט זיך איינגעגעבן אים איבערצייגן אז עס איז כדאי פאר אלע צדדים דערליידיקן דעם ענין מיט גוטן. ווייַן האָט זיך געגאָסן יענעם טאָג טייכנווייז און פארנאכט האָט מען מיט פויקן באגלייט מענדעלען אהיים קיין דובאסאר. א קורצע צייט נאָך דער געשעעניש האָבן מיר זיך איבערגעצויגן קיין דובאסאר.

גרויס איז געווען מיין פרייד אַז איך וועל וואוינען אין דובאסאר און וועל האָבן די געלעגנהייט צו קענען די באַרימטע יידישע גבורים, וואָס גאַנצע דערפער פון גויים ציטערן פאר זיי, און איינער פון זיי איז מענדעלע פאַטראָן. מיר איז אָבער באשערט געווען א גרויסע ענטוישונג: אנשטאט דער טאַטע זאָל מיר ווייזן די גיבורים האָט ער מיך אפּגעפירט אין דער „אייבערשטער תלמוד־תורה". אין שולע זיינען מיר אנגעקומען בשעת דער הפסקה. די תלמידים האָבן זיך געשפּילט גרופּנווייז אין פארשידענע שפּילן. אין איין גרופּע האָט זיך בולט אויסגעשיילט א דערוואקסענער מאַן, א באוואָנצעטער, מיט פּענסנע, אָנגעטאָן אין שווארצע הויזן און אַ ווייס העמד. די קינדער לויפן אים נאָך און ער אנטלויפט. זיי כאַפּן אים, „שיסן" אין אים אריין א באַל, ער כאַפּט זי אויף און „שיסט" צוריק... איך האָב געפרעגט דעם טאַטן וואָס טוט דער דערוואקסענער מאַן צווישן די קינדער און ער האָט מיר אויפגעקלערט אז ער איז נישט ווייניקער ווי דער לערער און דירעקטאָר פון דער שולע; און נישט נאָר דאָס אליין, ער איז אויך דער ראש פון די גיבורים וואָס איך האָב אזוי שטאַרק געוואָלט זען.

גרויס איז געווען מיין ענטוישונג זעענדיק דעם דאָזיקן אָנפירער פון די גיבורים וואָס אין מיין פאַנטאַזיע האָב איך זיי מיר פאָרגעשטעלט ווי ריזן און זייער פירער מיט א קאָפּ העכער פון זיי אַלע — און דאָ פלוצים זע איך א גאַנץ געוויינליכן מענטש, וואָס שפּילט זיך מיט קינדער פון מיין עלטער, נישט קיין איבעריק הויכער, נישט קיין ברייט פּלייציקער, נאָר גאָר אָנגעטאָן אין א ווייס העמד אָן א קראוואט און אָן א ספּעציעל היטל, און מען רופט אים נישט יידל קאטארזשאַן און נישט לייבל דישאָוויקע נאָר עפּעס א מין טשודנעם נאָמען וואָס ס'איז שווער ארויסצורעדן — י א ג א ל נ י צ ע ר.

צוביסלאַך האָב איך זיך צוגעוואוינט צום „טשודנעם" לערער און צוגלייך מיט די אנדערע תלמידים האָב איך אים אָנגעהויבן ליב האָבן. בעת די לעקציעס איז ער געווען דער באַליבסטער לערער, בעת די הפסקות איז ער געווען אַן איבערגעגעבענער חבר און אין די פּעריען־טעג און ימים טובים איז ער געווען א געטרייער מדריך.

דעם טאַטן האָב איך געהערט דערציילן, אַז אין די אָוונטן לערנט יגאלניצער דער יוגנט ווי אומצוגיין מיט געווער. איינמאָל האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און געבעטן דעם לערער ער זאָל אונז עפּעס דערציילן וועגן די דאָזיקע ענינים. ער האָט אונז צוליב געטאָן און אונז דערציילט וועגן די יידישע גיבורים פון אונזער צייט און פון אונזער שטאָט. ער האָט זיך באַזונדערס אָפּגעשטעלט אויף די העלדישע מעשים פון יידל קאַטאַרזשאַן, נחום חיים איסר׳ס, מענדעלע פּאַטראָן, לייבעלע דישאָווקע און אַנדערע. אמת, זיי זיינען געווען פּראָסטע מענטשן אָן שטומפּיק אויף דער עברי׳, דאָך זיינען זיי געווען שטאָלצע יידן מיט גלייכע רוקנס, ערלעכע מענטשן גרייט זיך מוסר נפש זיין פאַרן יידישן כבוד. ער פלעג אונז אויך פיל דערציילן וועגן ארץ־ישראל און פאַרפלאַנצט אין אונזערע קינדערשע הערצער א הייסע ליבע צו אונזער לאַנד. בעת די זומער פעריען האָט זיך אין שטאָט פאַרשפּרייט א קלאַנג, אַז צום קומענדיקן לערן־יאָר וועט קומען א נייער לערער, ווייל יאַגאַלניצער פאָרט קיין ארץ־ישראל.

1937. איך בין שוין פון לאַנג א ותיק אין לאַנד (זייט דעם יאָר 1923). אין א געוויסן טאָג פאָרנדיק אין אויטאָבוס קיין רמת־גן, פאַלט מיין בליק אויף אַן עלטערן מאַן וואָס האָט מיר אויסגעזען זייער באַקאַנט. איך האָב זיך נישט געפוילט, בין צו אים צוגעגאַנגען און אים געפרעגט: זייט איר נישט יאַגאַלניצער? יידישליך האָט ער מיר געענטפערט מיט א שאלה: זייט איר נישט פון דובאסאר? אויב איך מאַך נישט קיין טעות איז אייער פאָטער געווען א הויכער בלאָנדער מאַן; צוערשט האָט ער געוואוינט אין אַ דאָרף און אויב איך בין זיך נישט טועה הייסט איר ק. און מיניה וביה האָט ער זיך גענומען דערציילן זיינע חברים וואָס זיינען מיט אים געווען אין אויטאָבוס וועגן דובאסאר און אירע גבורים וואָס ער האָט אַזוי ליב געהאַט.

מיטן אָנקומען פון די איוב בשורות וועגן גרויסן חורבן פון אייראָפּעאישן יידנטום און אומקום פון דער יידישער קהילה אין דובאסאר דורך דייטשע און רומענישע רוצחים, איז דער 75 יעריקער גולני געווען דער ערשטער וואָס האָט אנגערעגט די דובאסארער אפּשטאמיקע צו פאַראייביקן דעם אנדענק פון די דובאסארער קדושים פלאַנצענדיק א וואַלד אויף זייער נאָמען אין יער הקדושים פון קרן־קיימת. נאָך א וואונטש האָט ער געהאַט: אויפשטעלן אין דעם וועלדל א הויז, וואָס זאָל דינען אלס אפּרו־פּלאַץ פאַר באַזוכער אין יער הקדושים.

ווען עס איז געוואָרן 10 יאָר זייט אונזער קהילה איז פאַרניכטעט געוואָרן, עשרת ימי תשובה תשי״ג (1953), האָבן די דובאסארער אין ארץ ישראל גערופן א טרויער פאַרזאַמלונג וואו עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דאָס ווערק וואָס עס איז במשך פון יענעם יאָר דורכגעפירט געוואָרן. גולני איז געווען דער פאָרזיצער פון יענער פאַרזאַמ־לונג און נאכדעם ווי דער חזן האָט געזאָגט „אל מלא רחמים״, איז ער אויפגעשטאַנען און מיט א קול פאַרשטיקט פון טרערן געזאָגט „קדיש״. ווען מיר האָבן זיך געזעגנט האָבן מיר נישט געוואוסט אַז דאָס איז געווען אונזער לעצטע באַגעגעניש מיטן ליבן לערער און געטרייעם פריינד א. י. ג ו ל נ י.

ישעיהו קאַנטאָר

# משה פלדמן ז״ל

הוא נולד בדובוסרי לאביו ר׳ יעקב פלדמן, תורני ומשכיל ועסקן ציבורי ידוע. עודנו נער היגר משה לארה״ב. במלחמת העולם הראשונה התנדב לגדוד העברי. בדובוסרי לא הכרתיו אישית, התודעתי אליו בתל-אביב עם תוב מלחמת העולם הראשונה, בעת שהשתחרר מהצבא וביקש להשתקע בארץ-ישראל בהתישבות, בכפר שעמדו להקים חיילי הגדוד המשוחררים. מסיבות שונות לא יכול היה להגשים את רצונו וחזר לניו-יורק. לימים, עם יסוד מושב-העובדים אביחיל ע״י אנשי הגדוד העברי, היה פלדמן משוחרי הכפר בארצות-הברית.

כל הימים כלתה נפשו לעלות לארץ, אבל כאדם גאה ביקש להיות עצמאי, ולפי שהאמצעים שהיו בידו לא הספיקו לכך, דחה את עלייתו עד ליום בו יוכל להגשים שאיפתו זו. סיבה נוספת, אף היא חשובה מאוד, הניאה אותו מלממש את משאת נפשו, והיא — התפקיד שהטיל על עצמו לדאוג ליהודי דובוסרי בין שתי מלחמות העולם. לשם כך אירגן את יוצאי דובוסרי באמריקה, ייסד „רליף״ וכל השנים דאג כי יהודי דובוסרי הנצרכים יקבלו סיוע מתמיד מאחיהם באמריקה. עם פרוץ מלחמת העולם השניה והשואה שבאה בעקבותיה לא נח משה ולא שקט, הזניח את ענייניו הפרטיים והתמסר לעזרת אחים עד כדי הקרבה עצמית. ביזמתו וביזמת חבריו, ה״ה הרי שיר ולייביש לווין יבל״א, פעל האירגון של יוצאי דובוסרי בארה״ב להתקנת גדר לבית-הקברות היהודי החדש בדובוסרי ולפעולות צדקה והצלה לשרידי קהילתנו. בכל המפעל המסועף הזה היה מ. פ. הרוח החיה, המעורר והמניע. ולא בניו-יורק בלבד פעל והפעיל, אלא גם בשיקאגו ובערים אחרות בארה״ב וכן בארגנטינה שמצויים בהן יוצאי דובוסרי.

לפני 12 שנה, כשצץ הרעיון בין יוצאי דובוסרי בארץ להנציח את קדושי עירנו והסביבה ע״י נטיעת יער על שמם, פניתי לידידי משה פלדמן ולא ארכו הימים והוא נרתם בכל להט נשמתו ומרצו הרב למימוש הדבר. הוא עניין במשימה הזאת את חבריו העסקנים ובעלי האמצעים, והם נטלו את חלק הארי ביצירת האמצעים לנטיעת היער של 10,000 אילנות ע״י הקהק״ל בהרי ירושלים לזכר קדושי קהילת דובוסרי והסביבה.

בשנת 1963 תקפה אותו מחלה קשה והוא נפל למשכב. כמעט חצי שנה נאבק עם המוות. גם בשכבו על ערש דווי לא פסק להתעניין בכל דבר הקשור לקהילת דובוסרי והנצחתה. רק שבועיים לפני מותו כתב אלינו את מכתבו האחרון, בו ביקש פרטים על הכנת ספר הזכרון לזכר קהילתנו, שכה השתוקק להשתתף בו ולסייע להופעתו.

דמותו של משה פלדמן הנערץ משמשת סמל ומופת לאהבת הבריות ולהקרבה למען הזולת.

**ברוך בסין**



יכאב הלב בהעדר אחד מהחבורה של ידידים ומכרים, ושבעתיים יגדל הדאבון אם הנעקר הוא האחד והמיוחד, הארי שבחבורה, שהקדיש את חייו לכלל, שלבו נשרף על מוקד האהבה לזולת, לנזקקים לעזרה. כמהלומה ירדה עלינו הבשורה המרה, כי לא פיללנו שכה מהר יכבה נרו של משה פלדמן, חברנו היקר.

מלא חיים היה, שופע מרץ וצמא מעשים. תמיד מצא כר נרחב לעבודה ציבורית. אין זאת כי ר׳ יעקב פלדמן אביו, המשכיל והנבון, הישר ואוהב הבריות, העוסק בצרכי ציבור באמונה — הוריש את תכונותיו היקרות לבנו משה.

אם כי בנעוריו היגר לארצות-הברית, פיעם לבו תמיד למען ארץ-ישראל, ובמלחמת העולם הראשונה אף נתן ביטוי של ממש לאהבתו את הארץ בהתגייסו לגדוד העברי. בכל נפשו ביקש להשתקע בארץ, אך סיבות רבות ושונות הניעוהו לחזור לאמריקה. ברם, כל ימיו קיים קשר חי עם ארץ-ישראל והיה שותף למפעלים ציבוריים רבים למען הארץ.

אפס גולת הכותרת של פעילותו הציבורית היה אירגון יוצאי דובוסרי בארצות הברית, אשר הוא היה הרוח החיה בו. ביזמתו קם גם אירגון יוצאי עירנו בארגנטינה ורב היה חלקו גם באירגון יוצאי עירנו בארץ.

בשנים שבין שתי מלחמות העולם פעל ללא ליאות לאירגון משלוח חבילות לבני עירנו בברית המועצות ולרבים מעולי דובוסרי בארץ. אך עם תום מלחמת העולם השניה לא היה גבול למסירותו להגיש סעד ועזרה לשרידי עירנו שנשארו בחיים אחרי האסון המחריד.

עבודה כבירה השקיע להנצחת קדושי עירנו על ידי נטיעת יער לזכרם בהרי ירושלים. בהתחלה נלחם יחיד נגד מתנגדי הרעיון הזה ואת מלחמתו ניהל בתקיפות ובמרץ עד שהצליח לשכנע את כל הספקנים והפוסחים על שתי הסעיפים והיער ניטע, רובו ע"י תרומות אנשי עירנו בארה"ב — פרי עבודתו המסורה. במכתביו הרבים ששיגר לארץ הרגשנו את חרדתו להתקדמות המפעל והצלחתו.

כשהתחלנו לטפל בריכוז החומר להוצאת ספר הזכרון, שוב היה משה פלדמן האיש שנכבש מיד לרעיון הזה והוא, יחד עם חבריו יוצאי עירנו, פעל רבות ליצירת האמצעים הכספיים להוצאת הספר. כן צפינו לתרומתו הנכבדה בהערכות ובזכרונות על דובוסרי, ופתאום נתבשרנו על מחלתו שהפילתו על ערש דוי, ממנו שוב לא קם. לא זכה משה פלדמן לחיות בארץ שכה אהב ולא זכה לראות את הקובץ הזה — המפעל האחרון, לו הקדיש אחרית כוחותיו.

פרנס נאמן היה האיש. הוא דאג לזולת ולא לעצמו. בית לא בנה, משפחה לא הקים, הוא מת ערירי, כי כל כולו היה קודש לכלל.

מכתבו האחרון שכתב אלינו, כשהיה כבר מוטל על ערש דוי, היה רווי כמיהה עזה לארץ, אך הוא ידע כי קצו קרוב והוצאת ספר הזכרון לקהילת דובוסרי היתה מעין צוואה אחרונה לכל ידידיו.

ביגון אין קץ זוכרים אנו את היקר באנשים, שנעקר מתוכנו ללא עת.

זכרו ינון בקרבנו לעד.

**ד. ל. גרנובסקי**

# משה פעלדמאן ז״ל



משה פעלדמאַן אַלס סאלדאַט אין יידישן לעגיאן, 1920.

משה פלדמן במדי חייל של הגדוד העברי (1920).

אַ טרויער הילט אונז איין ווען עס גייט אוועק איינער פון דער חברותא פריינד און באקאנטע. פיל גרעסער איז דער ווייטיק און פיל טיפער דער טרויער ווען דער ארויסגעריסענער פון אונזער מיט איז דער איינציקער, דער אויסדער־ווייל־טער, דער ארי שבחבורה, וואָס האָט געהייליקט זיין לעבן דעם כלל, וואס איז פאו ברענט געוואָרן אויפן מז־בח פון ליבע צום צווייטן, צו די באדערפ־טיקע נאָך הילף. ווי א דונער אין אַ העלן טאָג האָט אונז געטראָפן די ביטערע בשו־רה. מיר האָבן גאָרנישט געטראכט אז אזוי גיך וועט זיך אויסלעשן דאָס ליכט פון אונזער טייערן חבר משה פעלדמאן.

פול מיט לעבן איז ער געווען, מיט שפרודלדיקער ענערגיע און דורשט נאָך מעשים. תמיד, אין אלע צייטן האָט ער גע־פונען א ברייט פעלד פאר געזעלשאפטלי־כער ארבעט. ווייזט אויס אז זיין פאָטער, ר׳ יעקב פעלדמאן, דער משכיל און חכם, דער רעכט פארטיקער און אוהב הבריות, וואָס האָט געטריי געדינט דעם כלל — האָט אים איבערגעגעבן בירושה זיינע טייערע אייגנשאפטן.

טראָץ דעם וואָס אין זיין יוגנט האָט ער עמיגרירט קיין אמריקע, האָט אָבער זיין הארץ תמיד געקלאַפט פאר ארץ־ישראל, און בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער עס אויך פראקטיש באוויזן אָנשליסנדיק זיך אן יידישן לעגיאָן. מיט זיין גאנצן הארץ האָט ער געשטרעבט זיך באזעצן אין ארץ־ישראל, נאָר פארשידענע נישט פון אים אפהענגיקע סיבות האָבן אים געצוואונגען זיך אומקערן קיין אמעריקע. זייענדיק דאָרט האָט ער זיין גאנץ לעבן אָנגעהאלטן א לעבעדיקן קשר מיט ארץ־ישראל און אנטייל גענומען אין פיל ווערק פארן לאנד.

זיין געזעלשאפטליך קרוין ווערק איז געווען דאָס אויפשטעלן דעם דובאסארער לאנדסלייט פאריין אין די פאראייניקטע שטאטן און בעת אלע זיינע יאָרן איז ער געווען זיין טרייב קראפט. אדאנק זיין איניציאטיוו האָט זיך געגרינדעט אן ענליכער פאריין אין ארגענטינע און ער האָט אויך פיל געטאָן צו אָרגאניזירן דעם דובאסארער לאנדסלייט ארגון אין ישראל.

צווישןביידע וועלט מלחמות האָט ער אנטוויקלט אן אומדערמידליכע טעטיקייט

צו שיקן שפּייז און קליידער פּעקלאַך אונזערע פאַראָרימטע ברידער אין דובאסאר און אויך פאַר פיל דובאסארער אין ארץ־ישראל, וואָס האָבן זיך געפונען אין א שווערן מאַטעריעלן צושטאַנד גרעניצלאָז און אומדערמידליך איז געווען זיין איבערגעבנקייטביים סוף פון דער צווייטער וועלט מלחמה, ארגאניזירנדיק הילף און שטיצע פאַר די לעבן־געבליבענע פון אונזער שטאָט נאָך דעם גרויסן חורבן.

פיל מי האָט ער אריינגעלייגט צו פאַראייביקן דעם אנדענק פון די דובאסארער קדושים דורך פלאנצן א וואלד אויף זייער נאָמען אין די ירושלימער בערג. אין אָנפאנג האָט ער געדארפט איינער אליין פירן דעם קאמף קעגן די געגנער פון דעם פּלאַן. ער האָט געפירט דעם קאמף מיט מוט און ענערגיע ביז עס איז אים געלונגען צו איבערצייגן אלע צווייפלער און דער וואלד איז געפּלאנצט געוואָרן, בעיקר דורך שפּענדן פון אונזערע לאַנדסלייט אין אַמעריקע. אן ארבעט אין וועלכער ער האָט אריינגעלייגט זיין לייב און לעבן. אין די פיל בריוו וואָס ער האָט דעמאלט געשריבן צו אונז האָט זיך געפילט זיין גרויסע זאָרג פאַרן דערפאָלג פון דעם דאָזיקן הייליקן ווערק.

ווען מיר האַבן אָנגעהויבן צוגרייטן די מאטעריאלן אויף ארויסצוגעבן דאָס געדענק־בוך איז משה פעלדמאַן פארכאפּט געוואָרן פון דאָזיקן געדאנק און צוזאמען מיט זיינע חברים אין אמריקע, אונזערע לאנדסלייט, האָט ער פיל געטאָן אויף צו שאַפן די פאנדן ארויסצוגעבן דאָס בוך. דערווארטנדיק זיין חשובע מיטארבעטונג אין אָפּשאצונגען און זכרונות פון דובאסאר פארן ספר, איז צו אונז אָנגעקומען די טרויעריקע נאַכריכט וועגן זיין קראנקהייט, וואָס האָט אים צעגעשמידט צום בעט ביז צום טאָג פון זיין טויט. נישט באַשערט געווען משה פעלדמאַן צו לעבן אין לאַנד וואָס ער האָט ליב געהאַט און צו זען דאָס דאָזיקע זאמלבוך — זיין לעצט ווערק וועלכן ער האָט געווידמעט זיינע לעצטע כוחות.

א פּרנס נאמן איז ער געווען פאַר זיינע לאנדסלייט. זיין גאנץ לעבן האָט ער געזאָרגט פאַר אנדערע און ווייניקער פון אלץ פאַר זיך. קיין הויז האָט ער נישט אויפגעבויט, קיין משפּחה האָט ער נישט אויפגעשטעלט, געשטאָרבן איז ער איינזאם, ווייל זיין גאנץ לעבן האָט ער געווידמעט דעם כלל.

דעם לעצטן בריוו וואָס ער האָט אונז געשריבן, ליגנדיק שוין אויפן טויטן־בעט, איז געווען דורכגעדרונגען מיט אַ שטאַרקער בענקעניש צו ארץ־ישראל. ער האָט געוואוסט אז זיין סוף איז נאָענט און דאָס ארויסגעבן דאָס געדענק בוך וועגן דער דובאסארער יידישער קהילה איז כמעט ווי א צוואה פאַר אלע זיינע פריינד.

מיט טיפן ווייטיק און טרויער געדענקען מיר דעם טייערן מענטש און חבר משה פעלדמאַן וואָס איז פריצייטיק ארויסגעריסן געוואָרן פון אונזער מיט.

ד .ל. גראַנאָווסקי



געבוירן אין דובאסאר צו זיין פאָטער ר׳ יעקב פעלדמאַן — אַ באַקאַנטער תלמיד חכם, משכיל און געזעלשאפטליכער טוער. נאָך אלס יינגל האָט ער אויסגעוואַנדערט קיין אמעריקע. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אן יידישן

לעגיאָן. אין דובאסאר האָב איך אים נישט געקענט פערזענליך. צום ערשטן מאָל האָב איך זיך מיט אים געטראָפן אין תל־אביב נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, נאָכדעם ווי ער איז באפרייט געוואָרן פון מיליטער און האָט זיך געוואָלט באזעצן אין ארץ־ישראל אין דאָרף וואָס האָט זיך געזאָלט גרינדן פון די געוועזענע לעגיאָנערן. פארשיידענע סיבות האָבן אים געצוואונגען אויפצוגעבן זיין פלאן און ער האָט זיך אומגעקערט קיין ניו־יאָרק. מיט אַ צייט שפעטער, ווען עס האָט זיך געגרינדעט דער מושב־עובדים אביחיל, פון די געוועזענע לעגיאָנערן, איז פעלדמאן געווען פון די איבערגעגעבנסטע פריינד פון דעם דאָרף אין אמעריקע.

זיין גאַנץ לעבן האָט ער געשטרעבט זיך באזעצן אין ארץ־ישראל, ער איז אָבער געווען א שטאָלצער מענטש און ער האָט תמיד געשטרעבט צו זיין זעלבסטשטענדיק, און היות זיינע מאטעריעלע מיטלען זיינען נישט געווען גענוג אויף אויפצושטעלן אן אייגענע עקזיסטענץ דאָ אין לאנד, האָט ער אָפגעלייגט זיין עליה ביז דעם טאָג ווען זיינע מיטלן וועלן גענוגן פאר דעם. א צווייטע סיבה האָט אים אָפגעהאלטן פון עליה, און דאס איז געווען די מיסיע וואָס ער האָט אליין אויף זיך גענומען צו זאָרגן פאר די דובאסארער יידן צווישן די צוויי וועלט־מלחמות. צוליב דעם האָט ער אָרגאניזירט די דובאסארער לאנדסלייט אין אמעריקע, האָט געגרינדעט א רעליעף און במשך דער גאנצער צייט געזאָרגט אז די נויטבאדערפטיקע זאָלן באקומען שטענדיקע הילף פון זייערע אמריקאנער ברידער.

מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט מלחמה און דער חורבן וואָס זי האָט געבראכט אויפן אייראָפּעאישן יידנטום, האָט פעלדמאן זיך ארייגעוואָרפן מיט זיין גאנצן ברען אין דער הילפס־ארבעט. ער האָט פארלאָזט זיינע געשעפטן און זיך איבערגעגעבן דער זאָרג פאר די לעבן־געבליבענע דובאסארער יידן בלב ונפש. ער און זיינע חברים, הערי שער און לייביש לעווין צו לאנגע יאָרן, האָבן אויפגענומען די איניציאטיוו, אז דער דובאסארער לאנדסלייט פאריין אין אמעריקע זאָל שאפן פאָנדן אויפצושטעלן א צוים ארום נייעם יידישן בית־עולם אין דובאסאר (וואו עס ליגן באגראָבן די טויזנטער קדושים אומגעקומענע פון נאצישע רוצחישע הענט), ווי אויך פאר צדקה און רעטונגס צוועקן פאר דער שארית הפליטה פון אונזער קהילה. אין דער דאָזיקער פארצווייגטער אַקציע איז משה פעלדמאן געווען די טרייבקראפט, דער וועקער און דער באוועגער, אז אויך אנדערע זאָלן זיך ארייננווארפן אין דער ארבעט. און נישט נאָר אין ניו־יאָרק האָט ער געטאָן און געמאכט אנדערע טאָן, ער איז אויך געפאָרן קיין שיקאַגאָ און אנדערע שטעט אין אמעריקע, און אין ארגענטינע, וואו עס געפינען זיך דובאסארער לאנדסלייט איז ער געווען און באוואויגן צו טאָן פאר די לעבנסגעבליבענע ברידער.

מיט 12 יאָר צוריק, בעת צווישן די דובאסארער אין ארץ־ישראל איז געבוירן געוואָרן דער געדאנק צו פאראייביקן דעם אנדענק פון די דובאסארער קדושים און נאָענטער סביבה, פלאנצענדיק א וואַלד אויפן באָדן פון קרן־קיימת אויף זייער נאָמען, האָב איך געשריבן מיין פריינד משה פעלדמאן וועגן דאזיקן פלאן. ער האָט זיך באלד איינגעשפאנט מיט זיין גאנצן אייפער און פיבער פון זיין נשמה אין דער דאזיקער

ארבעט או אוועקגעגעבן יעדעס ברעקל ענערגיע וואָס ער האָט פארמאָגט, אז דער פלאַן זאָל פארווירקליכט ווערן. ער האָט פאראינטערעסירט און אריינגעצויגן אין דער דאזיקער ארבעט זיינע באמיטלטע חברים און זיי האָבן פאקטיש אויף זיך גענומען דעם לייבן־חלק אויף צו שאפן די מיטלען צו פארפלאנצן דעם וואלד פון 10.000 ביימער אויפן נאָמען פון דער דובאסארער קהילה און אומגעגנט אין יער הקדושים.



הערי שיר לעבן משה פעלדמאַנס קבר.

הרי שיר ע״י קברו של משה פלדמן.

אין יאָר 1961 איז ער שווער קראנק געוואָרן און כמעט א האלב יאָר איז ער געווען צוגעשמידט צום געלעגער. די גאנצע צייט פון זיין קראנקהייט האָט ער זיך געראַנגלט מיטן טויט. שוין ליגנדיק אויפן קראנקן בעט האָט ער נישט אויפגעהערט זיך אינטע־רעסירן מיט אלץ וואָס איז געווען פארבונדן מיטן פאראייביקן דעם נאָמען פון דובאסארער קה־לה. צוויי וואָכן פאר זיין טויט האָט ער אונז געשריבן זיין לעצטן בריוו און געבעטן פרטים וועגן ספר הזכרון וואָס מיר גרייטן צו צום אנדענק פון אונזער שטאָט. מיט זיין גאנצן וועזן האָט ער געשטרעבט און געהאָפט זיך באטייליגן און צוגרייטן דאָס בוך און העלפן עס ארויסגעבן. ליידער האָט אים דער טויט אוועקגעריסן פאר דער צייט.

משה פעלדמאנס געאכטעטע געשטאלט איז אַ סימבאָל פון מענטשן־ליבע און זעלבסטאָפּפערונג. זאָל זיין ליכטיקער אנדענק זיין א טרייסט פאר אלע וואָס האָבן אים געקענט, געאַכטעט און ליב געהאַט.

ברוך באסין

# יוסף רם (ויסוקי) ז"ל



בין אנשי הסגולה של עירנו נועד מקום מיוחד ליוסף רם-ויסוקי, אשר במשך שנים רבות היה הרוח החיה בפעילות הציונית בדובוסרי וכן עסקן מסור לכל צרכי העיר. הוא היה בין מייסדי „התחיה" ושיתף פעולה עם חיים גרינברג וא. י. גולני בעריכת המצע האידיאולוגי של צעירי-ציון, הידוע בשם „הפרוגרמה הדובוסרית". לא היתה עבודה ציונית בדובוסרי שויסוקי לא היה בה העושה והמעשה, המדרבן והנואם. נואם ועסקן ציוני שבא לעיר — היתה הכתובת הרא-- היה הוא המארגן והמנחה. ביזמתו נבחר הרב אבעל כשליח ציוני לועידה הציונית השבי־עית בפטרוגרד בקיץ 1917.

בימי מלחמת העולם הראשונה, בגבור גל הפליטים היהודיים, עשה יוסף ויסוקי ימים כלילות להגיש סעד ועזרה למאות משפחות שנעקרו ממקומות־הם. צריך היה לדאוג לכלכלתם, לאיכסונם, ואחר כך, עם פרוץ המהפכה והשתלטות הרומנים על בסרביה, להעביר אותם מעבר לדניסטר. גם בפעולה זו, אם כי היו לו עוזרים רבים, היה ויסוקי הרוח החיה, המדריך והמכוון.

בירח הדבש של המהפכה הגדולה, כאשר כל עמי רוסיה, לרבות היהודים, ראו בה פעמי הגאולה, היה ויסוקי הנואם הראשי באסיפת עם המונית, שהשתתפו בה אלפי יהודים ולא יהודים. בכל זאת, עם כל אמונתו שאכן באו זמנים חדשים לארץ הענקית ולעמיה, קרא ליהודים להוסיף ולראות בציונות את הדרך האחת והיחידה לגאולת עמנו.

באותה תקופה נבחר כחבר במועצת העיר, בה ייצג יחד עם הרב אבעל את האוכלוסיה היהודית בדובוסרי. טוב לב היה יוסף ויסוקי ונוח לבריות ותמיד עשה כל שביכלתו לעזור לזולת.

כשהתבצר והלך השלטון הקומוניסטי והיבסקים התחילו להצר את צעדי הציונים ואף לרדוף אותם, נתרבו המאסרים של פעילים ציוניים, פעולה ציונית נאסרה והוכרז חרם על השפה העברית ותרבותה, נוכח ויסוקי כי שוב אין לו מקום תחת המשטר הקומוניסטי והתחיל לחתור להגיע לגדה השניה של הדניסטר. האיר לו מזלו והוא עבר בשלום לבסרביה ואחרי מאמצים רבים הצליח לעלות לארץ־ישראל. בארץ השתקע בירושלים וההנהלה הציונית מינתה אותו למנהל אחד ממשרדיה החשובים. כאשר אנשי עירנו בארץ התארגנו ויזמו הנצחת קדושי דובוסרי ע"י נטיעת חורשה ביער הקדושים, היה יוסף רם אחד החברים הפעילים. הוא נמנה גם עם יוזמי „ספר הזכרון", אך למרבה דאבוננו לא זכה לראות בהופעתו. הוא נפטר ביום ה' תמוז תשכ"א. יהי זכרו ברוך **ד. ל. גרנוכסקי**

# יוסף ראם (וויסאקי) ז״ל

צווישן די אנשי סגולה אין אונזער שטאָט האָט יוסף רם—וויסאקי פארנומען א באזונדער פלאץ אלס שטאט עסקן אין ציוניסטישער פירער. ער איז געווען פון די גרינדער פונם „התחיה" פאראיין, און צוזאמען מיט חיים גרינבערג און א. י. גולני איז ער געווען דער פארפאסער פון דער ערשטער צעירי־ציון פראָגראם, באקאנט אונטערן נאָמען „די דובאסארער פראָגראם". עס איז נישט געווען קיין ציוניסטישע טעטיקייט אין דובאסאר אז וויסאקי זאָל נישט זיין איר אנרעגער און אויספירער. זייענדיק א באגאבטער רעדנער פלעג ער אויפטרעטן אויף אלע גרעסערע און קלענערע ציוניסטישע פארזאמלונגען. איז געקומען א רעדנער אָדער א ציוניסטישער עסקן אין דובאסאר — איז דער ערשטער אדרעס געווען יוסף וויסאקי. אויף זיין איניציאטיוו איז הרב אבעל געשיקט געוואָרן דורך די דובאסארער ציוניסטן צו דער זיבעטער אלרוסישער ציוניסטישער קאָנפערענץ, וואָס איז פארגעקומען אין פעטראָגראד, זומער 1917.

בעת אין דער ערשטער וועלט מלחמה איז דובאסאר פארפלייצט געוואָרן פון כוואליעס פליטים, האָט וויסאקי מיט מסירות נפש זיך אָפגעגעבן מיט זיי און געזאָרגט פאר זייערע עלעמענטאַרע באדערפענישן, ווי שפייז און אַ דאַך איבערן קאָפּ. שפעטער, ווען בעסאַראביע איז באזעצט געוואָרן דורך די רומענער, האָט ער פיל געטאָן זיי אריבערצופירן אויף יענער זייט דניעסטר. אמת, אין דער דאָזיקער וויכטיקער הומאנער טעטיקייט האָט וויסאקי געהאט פיל מיטהעלפער, אָבער ער איז געווען דער מדריך און אָנפירער.

אין האניג חודש פון דער רוסישער רעוואָלוציע, ווען אַלע רוסלענדישע פעלקער, בתוכם דער רוב יידן, האָבן געזען אין דער רעוואָלוציע די טריט פון משיחן, האָט וויסאקי אלס הויפט רעדנער אויף א גרויסן פאלקס־מיטינג, שטאָלץ און מוטיק דערקלערט, אז מיט זיין גאנצן גלויבן אין דער נייער צייט וואָס איז געקומען פארן ריזן לאנד, וועט די יידן פראגע געלייזט ווערן נאָר דורך איין איינציקן וועג — ציוניזם.

אין יענער שטורמישער צייט איז ער אויך אויסגעוויילט געוואָרן אין דובאסארער שטאָט ראט־ וואו צוזאמען מיט הרב אבעל האָט ער פאטראטן די יידישע באפעלקערונג. א גוטהארציקער פון דער נאטור איז יוסף וויסאקי תמיד גרייט געווען צו העלפן לויט זיינע מעגליכקייטן יעדן נויטבאדערפטיקן.

אַז דער קאָמוניסטישער רעזשים האָט זיך פארפעסטיקט אין רוסלאנד און די יעווסעקציע, אלס הערשערין אויף דער יידישער גאס, האָט גענומען רודפן ציוניזם און ציוניסטן, איז פאר וויסאקין מיט יעדן טאָג קלאָרער געוואָרן אז ער האָט מער נישט וואָס צו טאָן ביי דעם דאָזיקן רעזשים, ווייל צונעמען ביי וויסאקין ציוניסטישע ארבעט האָט געהייסן צונעמען ביי אים דעם אינהאלט פון זיין לעבן, און ער האָט גענומען זוכן וועגן ווי זיך ארויסצורייסן פון ראטן־פארבאנד. ער האָט זיך דערשלאָגן קיין בעסאַראביע און נאָך לאנגע מאטערנישן איז אים געלונגען עולה זיין קיין ארץ־ישראל. ער

האָט זיך באזעצט אין ירושלים, וואו ער האָט גלייך באקומען באשעפטיקונג אלס לייטער פון א וויכטיקן ציוניסטישן אמט.

ווען די דובאסארער אין ישראל האָבן זיך אָרגאניזירט, כדי צו פאראייביקן דעם אנדענק פון די דובאסארער קדושים פלאנצנדיק אויף זייער נאָמען א וועלדל אין יער הקדושים אין די ירושלימער בערג, האָט יוסף רם—וויסאקי אקטיוו זיך באטייליקט ביים דורכפירן די דאזיקע איניציאטיוו. ער איז אויך געווען צווישן די איניציאטאָרן ארויס־צוגעבן דאָס דאָזיקע „געדענק־בוך". ליידער האָט אים דער טויט אוועקגעריסן א פאָר יאָר פארן דערשיינען פון דאָזיקן בוך.

ער איז געשטאָרבן י' תמוז תשכ"א. ערע זיין אנדענק.

**ד. ל. גראָנאָווסקי**

# מורנו הדגול גד לייב רכב ז"ל



בעיירתנו הקטה יגורליק חי האיש, בעל הנפש העדינה והטהורה. צמא דעת היה ובעל כוח התמדה כביר. כל ימיו למד בעצמו ולימד אחרים. שיעוריו בתנ"ך ובתולדות ימי עמנו לא רק העשירו את אוצר ידיעותינו, אלא גם, ובעיקר נטעו בלבנו אהבה עזה לשפה העברית, לעמנו ולמולדתנו.

עיירה, שכל צעיריה ידברו עברית וגם יהגו בה, היה לפני למעלה מחמשים שנה חזון בלתי נפרץ. ואת הפלא הזה חולל איש אחד, מורנו הנערץ גד לייב רכב, שהרביץ תורה בתוכנו לשמה, שלא על מנת לקבל פרס.

ולא רק נאה דורש היה ג. ל. רכב, אלא גם נאה מקיים. את תורת הציונות הגשים הלכה למעשה קודם כל הוא עצמו, ובראשית העליה השניה, ב־1906, קם ועלה ארצה. במעשהו זה שימש דוגמה וסלל את הדרך לרבים מתלמידיו.

כיום, בהעלותי את זכרו, נעורה בי ההרגשה כאילו קם ויחי האיש מחדש, ושוב נמצא הוא בכפיפה אחת עם תלמידיו וספריו שכה אהב.

ברגשי תודה והערצה שומרים אנו, תלמידיו, את זכרו היקר.

**פרומה גרנובסקי**



כילידת יגורליק נושאת אני בלבי בהערצה ובהוקרה את זכרו של מורנו גד ליב רכב, שגידל וחינך את הדור שלנו לאהבת ציון והשפה העברית. כידוע, דיבר כל הנוער היהודי ביגורליק עברית תודות למורנו שהרביץ תורה שלא על מנת לקבל פרס. והתורה הציונית שלימדנו היתה מלווה במעשים. על פי השראתו והוראותיו יצאנו, צעירי יגורליק, להפיץ את הרעיון הציוני בין יהודי הסביבה יושבי הכפרים. הכיצד? ע"י מכירת שקלים. אמור אמר לנו גד ליב רכב: בהציעכם שקל ליהודי, אתם מסבירים לו מה טיבו של שקל זה, כלומר, מה טיבו של הרעיון הציוני שהשקל הוא סמלו.

בפעולתנו זו רווינו נחת וגם ספגנו בזיונות. היו יהודים שקיבלונו בסבר פנים יפות וישקלו את השקל, והיו יהודים ששיסו בנו את כלביהם.

יגורליק היתה עיירה קטנטונת וכאשר שרנו „התקוה" שמעו את שירתנו בכל העיירה. היה שם גוי שאף הוא היה שר את „התקוה", וכאשר היה משתכר היה שר „עוד לא אבדה תקותנו" ומיד מוסיף: „זשידי, דאָ פּאַלעסטיני!" (יהודים, לארץ-ישראל!).

יום אחד אמר לנו מורנו, שבתור ציונים צריך כל אחד לענוד מגן-דוד. חיש מהר נמכרו כל המדליונים שהיו בעיירתנו וצריכה הייתי לנסוע לדובוסרי לקנות „מגן דוד". הצורף נחמן היה אנטי-ציוני ואמר לזבנו: „תן לה דוד'ס מאָגן" (ביידיש משחק-מלים שמשמעותו קיבת-דוד).

הבלגתי על עלבוני ושמחתי שאוכל לענוד את המדליון — סמל השתייכותי לתנועה הציונית.

לא עברו ימים מרובים ומורנו הדגול קיים בגופו ובנפשו את תורת הציונות — הוא עלה לארץ ובזה שימש דוגמה לרבים מאתנו. יהי זכרו ברוך.

**לאה רזניק**

# אונזער געאכטעטער לערער — גד לייב ראקאוו ז"ל

אין אונזער קליינעם שטעטל יאגארליק האָט ער געלעבט — דער איידעלער און ריינער מענטש. א גרויסער מתמיד איז ער געווען און א דורשט נאָך וויסן האָט אים באהערשט. זיין גאנץ לעבן האָט ער אליין געלערנט און געלערנט אַנדערע. זיינע תנ"ך לעקציעס און אין יידישער געשיכטע האָבן נישט נאָר באריייכערט דעם אוצר פון אונזערע ידיעות, נאָר האָבן איינגעפלאנצט אין אונזערע הערצער א פלאמיקע ליבע צו דער העברעאישער שפראך, אונזער פאָלק און לאַנד.

אַ שטעטל וואָס איר גאנצע יוגנט זאָל ריידן און אויך טראכטן העברעאיש, איז נישט געווען קיין טאָג טעגליכע דערשיינונג מיט העכער פופציק יאָר צוריק. דאָס דאָזיקע וואונדער האָט געשאפן איין מענטש — אונזער פארערטער לערער גד לייב ראקאוו, וואָס האָט מיט אונז געלערנט תורה לשמה, שלא על מנת לקבל פרס.

און נישט נאָר א נאה דורש איז ער געווען, נאָר אויך א נאה מקיים. די ציוניסטישע תורה וואָס ער האָט אונז געלערנט, האָט ער קודם כל אליין מקיים געווען. אין אָנפאנג פון דער צווייטער עליה, אין יאָר 1906, האָט ער אַליין איבערגעלאָזט און זיך באזעצט אין ארץ־ישראל. מיט דער דאזיקער טאט האָט ער אויסגעטראטן א וועג און געדינט אלס ביישפיל פאר פילע פון זיינע תלמידים.

היינט, אויפברענגענדיק זיין אנדענק, ווייזט זיך מיר אויס אז ער איז אויפגע־שטאנען און לעבט ווייטער צווישן אונז, צווישן זיינע תלמידים און זיינע ביכער וואָס ער האָט אַזוי ליב געהאַט.

מיט געפילן פון טיפער דאנקבארקייט און פארערונג היטן מיר, זיינע תלמידים, אָפּ זיין טייערן אנדענק.

**פרומע גראַנאָווסקי**

# נחום מאטענקא ז״ל



כמעט לעגענדאריש אין די געשטאַלט פון נחום מאַטענקאָ און אויך אויף א לעגענדארישן אופן איז די דאָזיקע פערזענלעכקייט נעלם געוואָרן פאר די אלע וואָס שרייבן ביאָגראפישע ראָמאַנען. ביי אנדערע פעלקער זוכט מען די דאָזיקע ארויסצוהויבן פון דער פארגעסנקייט, ביי אונז אָבער ווערן זיי פארשוואונדן ווי פארלאָשענע שטערן.

נהום מאטענקאָ האָט קיין נייע פלאנעטן אויף איינעם פון די פילצאָליקע הימלען ניט אנטדעקט; האָט קיין „נאָך ניט געזאָגטע ווערטער" ניט געבראכט צום אויסדרוק; האָט קיין נייע שיטות אין אונזער דענקען אָדער אין עקזיסטירנדע קונסטן — ניט ענטוויקלט. ער האָט אָבער זיך ארויסגעהויבן פון דעם דובאסארער „תחום המושב" און אוועקגעשפאנט ווייט אין דער וועלט אריין; אזש בין מאָסקווע דערגאנגען און באוואונדערט אלע וועלכע האָבן זיך צוגעהערט צו דער שטימע פון זיין טאלאנט, וועלכן ער האַט אויסגעטראגן אויף אייגענע הענט.

דער סביבה פון דער קליינשטעטלדיקייט, אין וועלכער ער איז געבוירן און געוואַקסן, האָט געפעלט די שטויסנדיקע כוחות פאר דער ענטוויקלונג פון זיין זינגע־רישן טאלאנט, וועלכער האָט זיך מאניפעסטירט שוין אין זיין קינדהייט. אלס קינד נאָך איז ער אָנגעקומען אלס משוררל ביים דובאסארער שטעטלשן חזן ר' מאָטל און באוואונדערט די מתפללים מיט דער מתיקות פון זיין שטימעלע און ווארעמקייט פון זיין זינגען. ער איז געווען די ברכה מיט וועלכער יונגע מאמעס האָבן זיך געבענטשט...
זיין פאָטער ר' שמואל יוסף, אָדער ווי מ'האָט אים גערופן „יאסי דער גבאי" — ווייל ער איז געווען צווישן די אָנגעזעענע מקורבים ביים רבין ר' דודל טאלנער זצ"ל, און אויך א געוויסע צייט איינער פון זיינע גבאים, און זיין מאמע די „גבאיטע" —ביידע האָבן זיי, ווי עס דערציילן די זקנים פונם שטעטל, דער פאָטער אין דער סביבה פון חסידים און די מאמע צווישן די „נשים צדקניות" און בעתן פארוויגן אירע קינדער — ביידע האָבן זיי געשמ'ט מיט זייער אויסזינגען חסידישע ניגונים, פאָלקס און וויגלידער. אז זיין שטימע און זינגערישע באגאבטקייט האָבן געהאַט זייערע וואָרצלען אין דער משפחה — באווייזט אויך דער פאקט וואָס אָוונט־צייט פלעגן די פארבייגייער זיך אָפשטעלן ביי דער וואוינונג פון זיין שוועסטער צירל, כדי זיך צוהערן צו איר ניגונדיקן פארוויגן איר קינד נחום פעק, וועלכער לעבט יעצט אין ארגענטינע.

ווי אזוי האָט נחום מאטענקא זיך ארויסגעשיילט פון דער משפחה־ליבשאַפט און פון די שטעטלשע באוואונדערער, אָנגעקומען קיין בערדיטשעוו און פארנומען איינעם פון די אָנגעזעענסטע ערטער אין כאָר פון דעם אין יענער צייט באוווסטן חזן, קאָמפּאָזיטאָר און כאָר־דיריגענט ר׳ ניסי־בעלזער? איז דאָס געוועזן מיט דער הסכמה פון זיינע עלטערן, קרובים, שטעטלשע באוואינדערער, אָדער האָט ער געדארפט אויס־קעמפן „די רעכט פאר זיין טאלאנט״? די חזנישע ליטעראטור, מעמואריסטיק און ביאָגראפישע פאָרש־ארבעטן דערציילן אונז גארנישט וועגן דעם. וועגן זיין „ניסי בעלזערישער תקופה״ איז פאראן א קורצע סקיצע אין „מיין לעבנס־געשיכטע״ פון באוואוסטן ארטיסט באָריס טאָמאשעווסקי, וועלכער אָנקומענדיק אלס קינד אין כאָר צו ר׳ ניסי בעלזער האָט ער שוין דאָרט געטראָפן נחום׳ען. אָט וואָס ער דערציילט דאָרט:

„צווישן ר׳ ניסנ׳ס משוררים זיינען דאן געוועזן אייניקע באַגאבטע זינגער. איינער פון זיי איז געוועזן נחום מאטענקא. ער האָט געהאַט א זעלטענע באס־באריטאָן שטימע. ער איז געוועזן א זייער שיינער מאן און ער האָט געטראָגן א צילינדער־הוט און די מאָדערנסטע קליידער. זיינע לאנגע האָר, דער קינסטלער־שטערן און זיין גראציעזע האלטונג האָבן ארויסגערופן גרויס רעספּעקט צו אים. קוקנדיק אויף נחום׳ען האָט מען גיכער געקענט מיינען, אז ער איז אן ארטיסט פון דער קייזערלעכער אָפּערע, ווי א משורר ביי ר׳ ניסי בעלזער. ווען נחום מאטענקא איז אוועק פון ר׳ ניסענען איז ער אָנגענומען געוואָרן אלס חזן אין דער גרויסער אָדעסער שול אויפן אָרט פון בארימטן באכמאן. דער מיליאָנער פּאָליאַקאָוו פון מאָסקווע האָט געהערט ר׳ נחום׳ען דאווענען אין דער אָדעסער שול, איז ער אזוי באגייסטערט געוואָרן פאר זיין זינגען און פאר זיין פערזענליכקייט, אז ער האָט אויפגעבויט א שול ביי זיך אין הויף און צוגענומען נחום׳ען אלס חזן. ער האָט אים געגעבן אַ קאָנטראַקט אויפן גאנצן לעבן״.

די עפּיזאָדישקייט פון אָט דעם דאָזיקן אזוי־זיך־פארבייגייענדיקן אדער פארכאַ־פּנדיקן סיפור המעשה, דערציילט אונז און פארפעלט אפשר דאָס סאמע וויכטיקסטע פון דעם געראנגל פון די אין אים וואקסנדע כוחות צו שלימותדיקייט פון זיין זינגע־רישן טאלאנט, שטים־רייפקייט און חזנישער פערפעקציע. שוין דאָס אליין וואָס אין דער קליידונג האָט ער זיך ארויסגעהויבן פון זיין סביבה — באווייזט אז ער האָט זיך באטראכט ווי איינער „וואָס איז״ אָדער „וועט זיין״, און ווי עס ווייזט אויס האָט ער געחלומט צו זיין אן אפּערע זינגער. אויף צו טראגן א „צילינדערהוט״, זיך קליידן אין „מאָדערנע קליידונג״, טראָגן „לאנגע האָר״ און זיך האלטן „גראציעז״ האָט מען געדארפט האָבן דעם אינערליכן געפיל פון אייגענעם ווערט און אצילות.

שוין דאָס אליין וואָס ער איז אָנגעקומען נאָך באכמאנען באווייזט אז זיין „פּאָלוּוערטיקייטס־געפיל״ איז נישט געווען קיין אויסדרוק פון אויסערלעכער גרויס־האלטעריי, נאָר א צייכן פון אינערלעכער קינסטלערישער באגאבטקייט. און אויך אלס אזא האָט ער געדארפט אימפּאָנירן די באזוכער פון „דער גרויסער אָדעסער שול״, ווארום נאָך באכמאנען האָט מען נישט נאָר געזוכט א שטימלעך און חזניש־ווערטיקן ממלא מקום, נאָר אויך א אינטעלעקטועלע פערזענלעכקייט ווי דאָס איז געווען באכמאן.

און דער מיליאנער פאליאקאוו האָט זיך געקענט דערלויבן פאר ז י י ן שול אין ד ע ר מאָסקווע פון גרויסע זינגעריש־קינסטלערישע פערזענלעכקייטן — אָנצושטעלן דאָס שענסטע און בעסטע פון דעם מין וואָס דאָס רוסישע יידנטום האָט צו יענער צייט פארמאָגט. און ווי עס ווייזט אויס האָט דער דאָזיקער אויסוואל געענטפערט אויף אלע פאָדערונגען פון אָט דער נישט־נאָר פאליאקאווישער, נאָר אויך מאָסקווער, און נישט נאר יידישער, נאָר אויך ניט־יידישער אינטעלעקטועלער סביבה.

דאָס וואַקסן פון נחומ׳ען און דאָס אריבערוואקסן זיין שורשדיקער סביבה — איז א אינטערעסאנטער אָביעקט פאר פסיכאָלאָגישער פאָרשונג און קולטור־היסטאָרישע דערשיינונגען ביי אונזער פאָלק. עס ווילט זיך מיר גלויבן, אז ערגעץ אין די ארכיוון פון דער משפחה פאָליאקאָוו אין פארשטויבטע קעלערס פון די „גדולי העדה״ פון דער מאָסקווער קהילה פון יענער צייט; ערגעץ אין נישט פארעפנטלעכטע מעמוארן־כתב־ידן פון זינגער, ארטיסטן, געזעלשאפטלעכע טוער, וועלכע זיינען געשטאַנען אין נאָענטע באציאונגען מיט נחום מאטענקא — זיינען פאראן איינצלהייטן וועגן דער אויספארמירונג און אויסגעשטאלטונג פון זיין זינגערישער, חזנישער און אינטעלעקטועלער פערזענלעכקייט.

אינטערעסאנט אַז אפילו אליהו זאלודקאווסקען, דעם שרייבער פון ווערטפולן בוך „קולטור־טרעגער פון דער יידישער ליטורגיע״ (1930, אמעריקע) זיינען ניט באוואוסט געווען די פרטים פון באָריס טאָמאשעווסקי, און ער באגנוגנט זיך מיט דריי און א האלבער שורה (זייט 209) וועגן נחום מאטענקא: „ניסיס בארימטער באס נחום מאטענקא, וועלכער איז שפעטער געווען חזן פון פאליאקאווס שול אין מאָסקווע, האָט פארמאָגט אַ פענאָמענאַלע באס־שטימע, איז געווען א גרויסער גבור און א זעלטן שיינע פערזאָן. געשטאָרבן אין 1894״. און „די געשיכטע פון חזנות״, ארויסגעגעבן צום 30 יעריקן יובילעאום פון „אגודת החזנים דאמריקה וקנדה״ אין 1924־טן יאָר, אין איר צושריפט צום בילד פון נחומ׳ען קומט אָפּ מיט עטלעכע ווערטער: „נחום מאטענקא, דער בארימטער באַס־באריטאָן פון ניסי בעלזער, געווען חזן אין מאסקווע, געשטאַרבן אויף א טראגישן אופן״ — דאָס איז אַלץ!

אבער אויך אין דעם ביסל זיינען פאראן צוויי פרטים וועלכע וואָלטן זייער וויכטיק געווען פאר דער נחום מאטענקא־לעגענדע באשרייבונג: „איז געווען א גרויסער גבור״ און „געשטאָרבן אויף א טראגישן אופן״. אָט די דאָזיקע צוויי אנטפלעקונגען קענען אויסברייטערן די קאנווע פון אָט דער דאָזיקער געשטאַלט. צווישן די געבליבענע קרובים פון דער מאטענקא משפחה (נחום פעק — ארגענטינע, און דוד לייב גראַנאווסקי — ישראל) ווערט דערציילט, אז א מיטגליד פון דער רוסישער קייזערלעכער משפחה, אַ פרינצעסין, האָט זיך נאָך זיין קאָנצערט פארליבט ווי עס ווייזט אויס ניט נאָר אין זיין זינגען, נאָר אויך אין זיין מענערלעכער שיינקייט. אומעטום וואו ער איז געווען, איז זי אויסגעוואַקסן און געזוכט זיין נאָענטקייט. און נאָר א וואונק פון די „העכערע הערשנדיקע אינסטאנצן״ האָבן אים דערווייטערט פון מאָסקווע און ער איז צוריקגעקומען קיין אָדעס. נישט אויפגעקלערט פאר דער משפחה איז געבליבן די פראגע ווער האָט אריינגעטאָן סם אין דעם אים דערלאנגטן עסן. אלס רעזולטאט פון

דער פארסמונג איז ער פאראליזירט געוואָרן. אלס גרויסער גבור האָט ער טיילווייז בייגעקומען די קראנקהייט און האָט ווידער זיך צעזונגען אויף אַלע אָקטאַוון פון זיין טאַלאַנט... די סודותפולע האַנט האָט אָבער ווידער פארסמט זיין גוף...

די אַלטע מאַמע זיינע האָט אים ארומגעפירט פון איין קור־אָרט אין צווייטן, און אין איטאליע האָט איר זון נחום מאטענקא, דער געקושטער פון אלע מוזעס, אויסגע־הויכט זיין נשמה.

**משה ביק**

# יחיאל צלניק ז״ל



יש אדם שהחג והחול מטביעים כל אחד את חותמם עליו. בבוא החג פושט הוא יחד עם בגדי החול גם את ארשת פניו של ימות החול ולובש פנים חדשים, פני חג; ואילו יש אדם שגם החג אין בכוחו להפיג את מרירותו ולהקל את עול דאגותיו. ברם, יש סוג שלישי של בני אדם, יחידי סגולה, שגם בימות החול שרויה בהם נשמה יתרה והיא מלווה אותה גם בשעה של שמחה, גם ח״ו בשעה של צער. אנשים אלה מתהלכים על פני האדמה כחולמים, על העולם יסתכלו תמיד דרך משקפים ורודים והאופטימיות הטבועה בדמם מקלה על סבלותיהם ומעניקה להם כוח להתגבר על מכשולים, יהיו הם רבים וקשים כאשר יהיו.

על סוג נדיר זה של אופטימיסטים נמנה בן עירנו יחיאל צלניק ז״ל. סוחר אמיד היה ר׳ יחיאל צלניק, אב ל־10 בנים ובנות, ציוני נלהב ואת אהבתו לציון ולחלוציות הוריש ליוצאי חלציו. עוד לפני מלחמת העולם הראשונה שלח אחד מבניו ללמוד בגימנסיה הרצליה, ובהווסד הקיבוץ קרית ענבים נמנה עם מיסדיו. בערוב ימיו זכה גם הוא לחיות בארץ־ישראל ולעסוק בעבודה חלוצית כאחד הצעירים. הוא לא היסס להשליך מאחורי גוו את עברו בגולה וכאן בארץ התחיל מבראשית. בזמן הראשון גר עם אשתו באוהל דל, שאת יריעותיו תפר מסמרטוטים, ושכרווח לו קמעה בנה לו בית במו ידיו בשכ׳ מונטפיורי בת״א. את פרנסתו מצא תחילה כשותף במכולת ואח״כ בהקמת צריפים.

בזכרוני רואה אני אותו רץ עם שני סלים בידיו מתל-נורדאו אל שוק הכרמל ולפעמים אף למרכז המסחרי, וחוזר עמם מלאים וכבדים, פניו אדומים ומיוזעים מרוב מאמץ, אבל חייכניים וקורנים מאושר. טוב לב היה ואת ביתו הצנוע בשכונת מונטיפיורי ידע להתחלק



**משפחת יחיאל צלניק. באמצע יחיאל ורעיתו גיטל**
**יחיאל צעלניקס משפחה. אינדערמיט — יחיאל און זיין פרוי גיטל**

עם אדם שהתידד עמו באניה בנסיעה לארץ. ימים רבים ישב אצלו אותו ידיד ללא שכר-דירה.

חובב חזנות היה ולעולם לא אשכח את ביקורו אצל אבי ז״ל, בשכבו על ערש דווי, והוא יחיאל, שר לפניו ניגוני חזנות כדי להשכיח מלבו, ולו לשעה קלה, את יסוריו.

יהי ברוך זכרו של בן עירנו היקר — יחיאל צלניק.

**ברוך בסין**

ידיד נפש היה לי בעירנו — יחיאל צלניק. הוא היה בעל חנות האריגים הגדולה ביותר בדובוסרי. גם משפחה ענפה היתה לו — זכה להרבה בנים ובנות. היה יהודי מסורתי וציוני ותיק. היה חובב שירה והוא עצמו ידע לשיר. תמיד היה מפזם ניגון חזני. נמנה על מעריציו של החזן הנודע פנחס מינקובסקי. כל עת שהיה חוזר מנסיעה לאודיסה לרגל עסקיו, היה מביא עמו זמר חזני חדש.

יום אחד הודיעני כי הוא שולח אחד מבניו לארץ-ישראל. זאת תהיה התחלה טובה — אמר — אחריו יבוא המשך. בנו היה ממייסדי קבוצת קרית-ענבים ועד היום הוא חבר בה. תקוותו של צלניק נתקיימה. לימים עלו הוא ובניו לארץ. בבואו לארץ קנה בית קטן בתל-אביב, בשכונת מונטיפיורי, בו ישב. קיווה ידידי לחיות בשלווה בארץ, לאחר שמשאת חייו נתמלאה, אך איתרע מזלו ולא האריך ימים. לפני מותו ביקש כי יחצבו לו קבר בקרית-ענבים ושם הובא למנוחת עולם. על ידו ישנה שנת עולמים גם אשתו. ינוחו בשלום על משכבם.

**יוסף רם (וויסוקי) ז״ל**

# יחיאל צעלניק ז״ל

פאראן מענטשן וואָס דער יום־טוב און דער אינדערוואָכן דריקן אויס יעדער איינער זיין חותם אויף זיי. אז עס קומט יום־טוב טוען זיי אויס צוזאַמען מיט זייערע וואָכעדיקע בגדים זייער וואָכעדיק פּנים און טוען אָן א ניי פנים, א יום־טוב׳דיקס. אקעגן זיי איז פאראן אנאנדער טיפ מענטש, וואָס אויף דער יום־טוב איז נישט בכוח אויסצואווערפן זיין ביטערניש און אויף דעם טאָג אראָפּנעמען דעם עול דאגות פון זיינע אקסל. און עס איז פאראן א דריטער טיפ מענטש, וואָס געהערט צו די יחידי סגולה, וואָס נישט נאָר שבת און יום־טוב, נאָר אויך אינדערוואָכן רוט אין אים א נשמה יתירה, וואָס באגלייט אים סיי אין מאָמענטן פון שמחה, סיי חס וחלילה אין מאָמענטן פון טרויער. דאָס זיינען מענטשן טרוימער, וואָס באטראכטן די וועלט דורך ראָזעווע ברילן און זייער נאטירליכער אָפּטימיזם פארלייכטערט זייערע ליידן און גיט זיי כוח איבערצוטראָגן מיט א שמייכל די גרעסטע און שווערסטע שטערונגען.

צו דעם דאָזיקן דריטן סאָרט אָפּטימיסטן האָט געהערט אונזער בן עיר יחיאל צעלניק ז״ל.

אין דובאסאר איז ער געווען א רייכער סוחר, אַ פאָטער פון א פארצווייגטער פאמיליע (ער האָט געהאַט 10 זון און טעכטער), א פארברענטער ציוניסט. נאָך פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער געשיקט איינעם פון זיינע זין לערנען אין גימנאזיע הרצליה. ער איז אויך געווען צווישן די גרינדער פון קיבוץ קרית ענבים. אויף דער עלטער האָט ער זוכה געווען צו פארווירקליכן זיין שטרעבונג, זיך באזעצט אין ארץ־ישראל און געלעבט און געארבעט ווי א חלוץ. קומענדיק אין לאַנד האָט ער געוואוינט מיט זיין פרוי אין אן אריםביידל, וואָס ער האָט עס אליין אויפגעבויט פון אלטע שמאַטעס. שפּעטער האָט ער מיט זיינע אייגענע הענט זיך אויפגעבויט א שטיבל אין שכונת מאָנטעפיאָרע אין תל־אביב. פרנסה האָט ער געצויגן אין אָנפאנג אלס שותף צו א שפייז קרעמל און שפּעטער ביים אויפּשטעלן צריפים (הילצערנע הייזלאך).

לעבעדיק שטייט פאר מיינע אויגן דאָס בילד ווי יחיאל צעלניק לויפט מיט צוויי קוישן פון תל־נאָרדוי צום שוק־הכרמל, אומקערנדיק זיך מיט זיי פולע און שווערע. זיין פנים איז רויט און פארשוויצט פון גרויס אנשטרענגונג און זיינע אויגן לייכטן מיט א גליקזעליקן שמייכל. א גוטער מענטש איז געווען יחיאל צעלניק און אין זיין באשיידן שטיבל אין שכונת מאָנטעפיאָרע האָט ער אריינגענומען אלס לאקאטאר זיינעם א שיפס־ברודער, מיט וועמען ער האָט זיך באפריינדעט פאָרנדיק קיין ארץ־ישראל, אָן א גראָשן דירה געלט.

ער האָט ליב געהאַט חזנות. קיינמאָל וועל איך נישט פארגעסן זיין באזוך ביי מיין פאָטער, ווען ער איז שוין געלעגן אויפן טויטן בעט, און ער, יחיאל, האָט פאר אים געזונגען חזנישע ניגונים, כדי אים מאכן פארגעסן זיינע יסורים. א טייערער ייד איז ער געווען. ערע זיין אנדענק.

**ברוך באַסין**



א הארץ־פריינד האָב איך געהאַט אין אונזער שטאָט — יחיאל צעלניק. ער איז געווען דער אייגנטימער פונם גרעסטן געשעפט אין דובאסאר. זיין משפחה איז געווען א פארצווייגטע, גאָט האָט אים געבענטשט מיט פיל זין און טעכטער. ער איז געווען א טראדיציאָנעלער ייד און אן איבערגעגעבענער ציוניסט. ער איז געווען א ליבהאָבער פון געזאנג און פלעג תמיד אונטערברומען א חזנישן ניגון. דעם בארימטן חזן פנחס מינקאווסקי האָט ער ממש פאַרערט און יעדעס מאָל ווען ער פלעג זיך אומקערן פון א נסיעה קיין אָדעס וועגן זיינע געשעפטן, פלעג ער מיטברייגגען א נייעם חזנישן ניגון.

אין אַ העלן פרימאָרגן האָט ער מיר מודיע געווען אז ער שיקט איינעם פון זיינע זין קיי ארץ־ישראל. „דאָס וועט זיין א גוטער אָנפאנג — האָט ער געזאָגט — נאָך אים וועלן קומען די אנדערע״. דער דאָזיקער זון איז פון די גרינדער פון דער קבוצה קרית־ענבים וואו ער געפינט זיך ביז היינט. צעלניקס האָפנונג איז מקויים געוואָרן. מיט א צייט שפעטער האָט ער מיט די אנדערע זין זיינע זיך באזעצט אין ארץ־ישראל.

קומענדיק אין לאנד האָט ער געקויפט א קליינע שטוב אין תל־אביב אין שכונת מאָנטעפיאָרע. געהאַפט האָט מיין פריינד אויסצולעבן אין שלוה זיינע יאָרן אין אייגענעם לאַנד. ליידער האָט ער נישט זוכה געווען צו געניסן לאנג פון ישיבת ארץ־ישראל. פאר זיין טויט האָט ער געבעטן מען זאָל אים מקבר זיין אין קרית־ענבים. זיין בקשה איז אויסגעפילט געוואָרן און דאָרט איז ער געקומען צו אייביקער רו צוזאמען מיט זיין פרוי. זאָל זיי ביידן זיס זיין די ערד פון ארץ־ישראל.

**י. דונאיעווסקי ז״ל**

# פנחס ולאה בסין ז״ל



עדיני נפש ואצילי רוח, ציונים ומשכילים, הקימו לאה ופנחס בסין בית יהודי-ציוני לתפארת. וברוח זו חינכו את ילדיהם (בן ושתי בנות) משחר ילדותם. ביתם היה בית ועד לחכמים ולדורשי ציון. לעתים קרובות היו פעילי הציונים מתאספים בביתם לדיונים ולמסיבות. לא היה כמעט אורח-מרצה בעל שעור קומה שלא נתקבל בכבוד רב ע״י משפחת בסין. כאשר בדרכו לקישינוב, לרגל הפרעות שפרצו בה באביב 1903, עבר ביאליק בדובוסרי ושעות אחדות התארח בבית בסין, הכרנו אנחנו, פרחי הציונים בדובוסרי, טובה ללאה ולפנחס על ההזדמנות שנתנו לנו לבלות שעות מספר במחיצתו של המשורר הגדול וליהנות מדברי חכמתו שפיכו כמעין המתגבר.

לאה בסין לקחה גם חלק פעיל במפעלים ציוניים שונים ובמגביות לטובת מוסדות מקומיים.

עלו לארץ-ישראל בשנת 1926.

ישמשו דברים אלה כזר פרחים על קברם.

**יוסף רם (וויסוקי)**

# פנחס און לאה באסין ז"ל

זיי זיינען געווען איידל־לייט און גייסטיקע אריסטאָקראַטן, געטרייע ציוניסטן און משכילים. לאה און פנחס באסין האָבן אויפגעבויט אין דובאסאר א וואונדערפול יידיש־ציוניסטיש הויז. אין דעם גייסט האָבן זיי דערצויגן זייערע קינדער (איין זון און צוויי טעכטער) פון זייער פריעסטער קינדהייט. זייער הויז האָבן זיי פארוואנדלט אין א בית ועד פאר ציוניסטן און חכמים. אָפט פלעגן זיך ביי זיי פארזאמלען די ארטיקע ציוניסטישע טוער, שמועסן וועגן ציוניסטישע ענינים אָדער פייערן נאציאָנאַלע געשעענישן. עס איז כמעט נישט געווען דער פאַל אז אַ גאַסט־רעדנער פון פארנעם זאָל באזוכן דובאסאר און נישט אויפגענומען ווערן מיט פיל כבוד ביי די באסינס אין שטוב.

מיר, די יונגע ציוניסטישע טוער, זיינען באזונדער דאנקבאר געווען לאה און פנחס באסין, וואָס האָבן אונז געגעבן אַ געלעגנהייט צו פארברענגען אַ פאָר שעה מיטן נאַציאָנאַלן משורר ח. נ. ביאליק, וואָס בעת זיין רייזע קיין קישינעוו אין פארבינדונג מיטן פאָגראָם וואָס איז דאָרט אויסגעבראָכן פרילינג 1903, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ פאָר שעה אין דובאסאר און איינגעשטאַנען ביי די באסינס. א גרויסע און פריידיקע איבערלעבונג איז פאר אונז געווען דאָס זיין צוזאַמען מיטן גרויסן דיכטער און טרינקען מיט דורשט זיינע קלוגע רייד, וואָס האָבן זיך געגאָסן ווי פון אַ שפרודלדיקן קוואל.

לאה באסין איז אויך געווען טעטיק אין פארשידענע ציוניסטישע אַקציעס און קאמפיינען פאר די ארטיקע אינסטיטוציעס.

זיי האָבן זיך באזעצט אין ארץ־ישראל אין יאָר 1926.

זאָלן די דאָזיקע שורות דינען ווי א קראנץ בלומען אויף זייער קבר.

**יוסף וויסאָקע (רם) ז"ל**

# יוסף בן־עמי ז"ל



איש העליה השניה היה יוסף. הגיע לארץ שנים אחדות לפני מלחמת העולם הראשונה וכרוב העולים-החלוצים של הימים ההם נלחם את מלחמת הפועל העברי לעבודה ונתנסה בנסיונות רבים.

איש המעשה היה יוסף, בעל תבונת כפים. מלאכות רבות ידע ולבקיאותו הרבה בכל ענפי המשק יצאו מוניטין.

בפרוץ מלחמת העולם הראשונה גרנו בבאר-יעקב. המנוע של באר המים קולקל והימים ימי חירום ואי-אפשר היה להשיג בעל מקצוע שיתקן את המנוע, ולו נמצא לא היה במה לשלם לו. יוסף לא התעצל, טיפל במשאבה ותיקן אותה. גם פחמי אבן לא היו בנמצא באותה עת. מה עשה יוסף? הלך וכרת את חורשת האקליפטוסים הקטנה שלנו ובעצם ידיו הפך את העצים לפחמים.

בשנת תרפ"א עלינו עם הראשונים לנהלל. יוסף היה בקיא במלאכת הבנין והיה יד ימינו של המהנדס הראשי בבניית הרפתות שקדמו לבניית הבתים. שנים לאחר מכן בנה את בית-הספר ואת בית-העם בנהלל. גם בית-הכנסת בנהלל היה מעשה ידיו, מן המסד ועד הטפחות תיכננו הוא. הוא גם שימש גבאי בו עד סוף ימיו.

כאמור היה יוסף אדם רב תושיה. הוא המציא שיטה לבניית לולים על שטח מוגבל והדריך את חברי הכפר בבניית לוליהם על פי שיטתו, שהיתה יעילה וזולה. כן המציא דגם חדש למדגרה, שנתקבלה כמעט בכל ישובי ההתישבות העובדת.

על פי יזמתו ותחת הדרכתו יושרו הואדיות והערוצים שחרצו הגשמים הזועפים בשדות, ובזה תרם תרומה חשובה לטיוב השדות והכשרתם לעיבוד חקלאי. כן יזם כי האשפתות בערים לא יישרפו סתם, אלא ייהפכו לזבלים לדישון שדות החקלאים.

זאת היתה דרכו כל ימי שבתו בארץ. חרוץ, שקדן, בעל תושיה והבנה רבה במלאכה ובחקלאות. הוסיף נדבך חשוב לבנין כפרו ולחקלאות העובדת בארץ כולה.

יהי זכרו ברוך.

נהלל — חנה בן-עמי

# מיכאל שטינברג ז"ל

הולך תמים, פועל צדק ודובר אמת היה האיש. נולד בדובוסרי בשנת 1876. מילדותו נמשך לנפחות. באותם הימים לא שפר חלקם של נערים חניכים בכל מלאכה שהיא, שכן בעלי-המלאכה היו מנצלים את הנערים וכופים עליהם עבודות בית שונות, ללא כל קשר לאומנות אותה באו ללמוד. אין לתמוה איפוא, שמעטים היו הנערים שהחזיקו מעמד כל השנים שנדרשו כדי ללמוד את המקצוע על בוריו. לא כן מיכאל שטיינברג, שתודות להתמדתו, סבלנותו וכשרונותיו הגיע לדרגה מקצועית גבוהה ובסביבה כולה נתפרסם שמו כנפח-אומן.



מיכאל ומסיה שטינברג

מיכאל און מאסיא שטיינבערג

באותה התקופה לא נמנתה הנפחות על האומנויות המכובדות ביותר והעוסקים בה „שובצו" באחת הדרגות הנמוכות של הסולם החברתי. לא כן היה מעמדו של מיכאל הנפח. תמימותו, יושרו ונועם הליכותיו הקנו לו ידידים טובים ונאמנים בכל שכבות החברה, בין יהודים ובין שאינם בני ברית. ולא עוד, אלא הנפחות לא עמדה לו למכשול כשהגיע לפרקו, ומסיה, בת למשפחה מכובדת בדובוסרי, התאהבה בו ונישאה לו לאשה והשנים הקימו בית למופת.

כשמשפחתי נאלצה לעזוב בשנת 1907 את הכפר בו התגוררנו ועברנו העירה, באנו לגור לביתו של מיכאל הנפח. הורי היו מאושרים לדור בכפיפה אחת עם בני הזוג החביבים מיכאל ומסיה.

כבן 25 היה מיכאל כשעזב את דובוסרי ועבר לגור בריבניצה, כ-50 ק"מ מעירנו. זמן רב אחרי עזבם את עירנו היו ידידים ומכרים משיחים על אודותם בחיבה ובהוקרה. זוכרני שגם אכרי הסביבה היו באים אלינו לשאול לשלומו של מיכאל ומביעים צער על שעזב את המקום. גם בשבתו בריבניצה רכש לו מיכאל ידידים רבים ומעמד מכובד בתוך האוכלוסיה היהודית והלא יהודית כאחת.

בשנת 1925 עלו מיכאל ומסיה לארץ-ישראל. קדמו לבואם ארבעת בניהם. ביתנו בראשון-לציון היה תחנתם הראשונה. כבר למחרת בואו תיכנן מיכאל סידור בית-מלאכה בחצר שגרנו בה. אמר ועשה. בשבת הראשונה לעלייתו התאספו בראשון-לציון כל יוצאי דובוסרי וריבניצה לקדם את פני מיכאל ומסיה לרגל עלייתם לארץ. זה היה מיפגש רווי חוויות. תושבי ראשון שכנינו לא יכלו להבין מה טעם חולקים כבוד כזה לעולה חדש, שבסך הכל עומד להתפרנס מנפחות, אלא שסגולתו להתחבב על הבריות פתרה מהר את החידה. לא עברו ימים מרובים ומיכאל התפרסם לא רק כאומן מעולה, אלא גם כאיש טוב

וישר ושמו הלך לפניו. אציל רוח היה מיכאל. יחסו לאשתו היה רווי כבוד והוקרה. את בניו חינך לאהבת העבודה ולא היה גבול לאשרו לחיות בארץ יחד עם כל בני משפחתו.

מגיל 13 ועד סוף ימיו היו הפטיש והסדן מלוויו הנאמנים. „העבודה היא חיינו" לא היתה לגביו סיסמה גרידא, אלא תוכן חיים. כשהלכה אשתו לעולמה נתרופף הפטיש בידיו, משל יבש מעין היותו. ואכן זמן קצר לאחר מותה הלך הוא בעקבותיה. בן 75 היה במותו. מיכאל ומסיה — הנאהבים והנעימים, בחייהם ובמותם לא נפרדו.

כבוד לזכרם.

**י. קן-תור**

# משה פיארמן ז״ל

כרעם ביום בהיר ירדה על ראשנו הבשורה המדהימה על מותו הפתאומי של משה פייארמן. לא יאומן כי יסופר. הרי רק ב-5 באוגוסט 1964 נפגשתי אתו ובשיחה רווית סיפוק ועליצות סיפר לי על רשמיו מועידת „האיחוד העולמי" שהתקיימה בבית-ברל ומהתרשמויותיו וחוויותיו העמוקות מביקורו האחרון בארץ, שלא ראה אותה זה שלוש שנים, מאז הקונגרס הציוני הכ״ה, בה השתתף כציר מטעם מפלגת פועלי-ציון בויניפג (קנדה). למחרת, 6 באוגוסט, ליווינוהו לשדה התעופה בלוד בדרכו חזרה לביתו. בעצם יום שובו לויניפג (שהיה יום ששי) מסר דו״ח לחברי מפלגתו על הועידה ויומיים לאחר מכן, ביום 9.8.64, כבר לא היה בין החיים.

אומרים חז״ל: „כל המוריד דמעות על אדם ישר, הקב״ה סופרן ומניחן בבית גנזיו". מאמר זה כאילו נאמר מלכתחילה על משה פייארמן. טהר-רוח היה האיש, ישר-דרך ורב פעלים; אוהב הבריות, חבר טוב ומסור, עוסק בצרכי ציבור באמונה ומשרת נאמן לתנועת הפועלים העברית בגולה ובארץ.

בעודו ילד נתיתם מאביו ויחד עם אמו ואחיו עבר לגור בעירנו. מאז, במשך 55 שנים, נתקשרנו בחבלי אהבה ורעות, שלא נפסקה עד ליומו האחרון. אבידה קשה מותו של משה לציבור היהודי בקנדה, לתנועת העבודה הציונית, ליוצאי דובוסרי באמריקה ובארצות אחרות, אך כפולה ומכופלת האבידה לי אישית — כי מאז ימי ה„חדר" היה משה חברי הטוב והאהוב ביותר, ומהמהלומה שירדה על ראשי לא התאוששתי עד היום.

מנעוריו קשר משה את גורלו עם תנועת העבודה הציונית, ועוד בשנות 19—1918, בעת שכנופיות פורעים השתוללו באוקראינה, היה הוא בין יוזמי הקבוצה הראשונה של עובדי אדמה בדרום רוסיה כהכנה לעליה לארץ ומראשוני מגשימיה. לימים, כאשר היגר לקנדה, היתה דרכו למושבה היהודית מונטפיורה בססקטשוון, כהמשך לדרך בה התחיל ברוסיה, אשר אותה קיוה להגשים בארץ.

בקנדה התבלט משה עד מהרה כעסקן ציבורי מסור וכאיש הגות. לאחר יום עבודה מפרכת משך בעט סופרים ובעתונות היהודית המקומית דן בשאלות עבודת האדמה, הרעיון הציוני ותנועת הפועלים. בויניפג כיהן שנים רבות כמזכיר תנועת הפועלים היהודיים, התמסר לעבודה ציונית, לקרן הקיימת ולקרן היסוד, למגבית ההסתדרות ולפעולות תרבות בקהילה היהודית. הוא כיהן גם כיו"ר הועד הפועל של „נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד" ובשנים האחרונות היה מזכירו ומנהלו הכלכלי של בית-הספר „תלמוד תורה".

בעל מידות תרומיות היה משה ואהבת הבריות היתה טבועה בדמו. לא יפלא איפוא, שעם תום מלחמת העולם השניה נוסף לו לתפקידיו המרובים עוד אחד — לאחד משפחות אשר בעקב המלחמה איבדו את הקשר ביניהן. הוא התעניין, חיפש כתובות, הגיש עזרה לניצולים והקל מצוקתם של רבים.

בביקורו האחרון בארץ רקם תכנית להגשים את שאיפתו הישנה נושנה — לעלות ולהשתקע בארץ. הקדימוהו בניו ובנותיו, שהתישבו במושב בחבל לכיש, ומשאלתו היתה להתאחד אתם בארץ.

כשנפרדתי ממנו בלוד נאנח ואמר: „מי יודע אם ומתי נתראה שוב?" אין זאת כי לבו ניבא שסופו קרוב. בנכר מת משה ולא זכה להגשים את חלום נעוריו, והוא רק בן ס"ה.

זכרו ינון בין כל אוהביו ומוקיריו.

**ד. ל. גרנובסקי**

# משה פייערמאן ז״ל



ווי אַ דונער אין אַ העלן זומער טאָג האָט אונז געטראָפן די איוב בשורה אז משה פייערמאן איז מער נישט צווישן די לעבעדיקע. עס איז שווער צו באגרייפן, דער מוח קען עס נישט פארנעמען. ערשט נעכטן, דעם 5־טן אווגוסט 1964, האָב איך זיך מיט אים געטראָפן, און אַ מונטערער, אַ פריילאכער, האָט ער זיך מיט מיר געטיילט מיט זיינע איינדרוקן פון דער וועלט קאָנפערענץ פונם „איחוד עולמי״ וואָס איז אָפּ־געהאַלטן געוואָרן אין „בית בערל״, און גערעדט מיט באַגייסטערונג וועגן דעם לאנד וואָס ער האָט באזוכט נאָך דריי יאָר אָפּוועזנהייט, זייט דעם 25־טן ציוניסטישן קאָנגרעס, וואו ער איז געווען אַ דעלעגאַט אין נאָמען פון וויני־פעגער פועלי־ציון. אופצומאָרגנס, דעם 6־טן אויגוסט, האָבן מיר אים באגלייט צום לופט־פאָרט אין לוד און זיך געזעגנט מיט דער האָפנונג אַז בקרוב וועט ער זיך קומען באַזעצן אין ישראל. דעם 7־טן אויגוסט (אַ פרייטיק), קומענדיק אהיים, האָט ער נאָך דעמזעלבן אַוונט אָפּגעגעבן פאר די חברים פון זיין פארטיי א באריכט וועגן דער איחוד קאָנפערענץ, און צוויי טעג שפּעטער, זונטיק דעם 9־טן, איז ער שוין נישט געווען צווישן די לעבעדיקע.

אונזערע חכמים ז״ל זאָגן: „כל המוריד דמעות על אדם ישר, הקב״ה סופרן ומניחן בבית גנזיו״ (ווער עס באוויינט א כשרן מענטש, ציילט הקב״ה די טרערן און באהאלט זיי אין זיין שאצקאמער). דער דאָזיקער מאמר איז ווי אָנגעמאָסטן אויף משה פייערמאן. ער איז געווען אן אוצר פון מידות טובות, א קוואַל פון גוטסקייט, ליבע און פריינדשאפט צו העלפן יעדן מענטש. א גוטער און געטרייער חבר איז ער געווען, די געזעלשאפט האָט ער געדינט באמונה, זיין גאנץ לעבן האָט ער געטריי געדינט די יידישע ארבעטער באוועגונג אין ארץ־ישראל און אין גלות.

נאָך זייענדיק א קינד איז אים געשטאָרבן דער פאָטער און צוזאמען מיט זיין מוטער און ברידער איז ער געקומען וואוינען אין דובאסאר. פון דעמאלט, במשך 55 יאָר, האָט אונז פארבונדן א טיפע פריינדשאפט, וואָס איז נישט איבערגעריסן געוואָרן ביזן

טאָג פון זיין טויט. זיין טויט איז א שווערער פארלוסט פאר דער יידישער געזעלשאַפט אין קאנאדע, פאר דער ציוניסטישער ארבעטער באוועגונג, פאר די דובאסארער, אומעטום וואו זיי געפינען זיך; פאר מיר פערזענליך אָבער איז משה׳ס טויט א טאָפּלטער פארלוסט און א טיפער ווייטיק. נאָך פון די „חדר" יאָרן איז ער געווען מיין בעסטער און באַליבסטער חבר און ביז היינט בין איך דערשיטערט פונם גרויסן קלאַפּ.

פון זיינע פריע יוגנט יאָרן האָט משה פארבונדן זיין גורל מיט דער ציוניסטישער ארבעטער באוועגונג, און נאָך אין די יאָרן 19—1918, בעת אין אוקראַינע האָבן געבור־שעוועט די פאָגראָמשטשיקעס, איז ער געווען פון די איניציאַטאָרן און פארווירקליכער פון דער ערשטער ערד ארבעטער קבוצה וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין דרום־רוסלאַנד, אלס צוגרייטונג פאר ארץ־ישראל. שפעטער, ווען ער האָט עמיגרירט קיין קאנאדע, איז זיין וועג ווידער געווען ערד אַרבעט. ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער יידישער קאָלאָניע מאָנטעפיאָרע אין סאסקעטשעוואן, אלס המשך פון זיין וועג אין רוסלאנד, האָפנדיק אים פארצוזעצן אין ארץ־ישראל.

אין קאנאדע איז משה באלד באקאַנט געוואָרן אַלס אַ ערליכער געזעלשאפטליכער עסקן. נאָך אַ שווערן ארבעטס־טאָג פלעג ער נעמען די פעדער און באהאנדלען אין דער ארטיקער פרעסע פארשידענע פראָבלעמען, פארבונדענע מיט ערד ארבעט, ציוניזם און אַרבעטער באוועגונג. אין וויניפעג איז ער יאָרן לאַנג געווען דער סעקרעטאר פון דער יידישער ארבעטער באוועגונג, אַ איבערגעגעבענער ציוניסטישער טוער, אַ זאַמלער און פראָפּאַגאַנדירער פארן קרן קימת און קרן היסוד, הסתדרות קאמפיין, ווי אויך אַן אַקטיווער קולטור טוער. ער איז אויך געווען פאָרזיצער אין זיין שטאָט פון „נאַציאָנאַלן ארבעטער פארבאנד". אין די לעצטע יאָרן איז ער געווען סעקרעטער און עקאָנאָמישער לייטער פון דער „תלמוד תורה" אין וויניפעג.

נאָך דער צווייטער וועלט מלחמה איז צו זיינע פילע אקטיוויטעטן צוגעקומען נאָך איינע: דער גרויסער אומגליק האָט צעשיידט אסך פאמיליעס, צוריסן משפחות. משה האָט געזוכט אַדרעסן, אריינגעלייגט פיל כוח און מי צו פאראייניקן אָפּגעריסענע משפחה מיטגלידער, אָפטמאָל זיי געשטיצט און פארגרינגערט זייער שווערע מאַטעריעלע לאַגע.

בעת זיין לעצטן באַזוך אין ישראל, טראכטנדיק ערנסט זיך באזעצן אין לאנד, האָט ער מיר בעתן געזעגנען זיך אויפן פלי פלאַץ אין לוד געזאָגט: „ווער ווייסט ווען און צו מיר וועלן זיך בכלל נאָכאַמאָל זען". ער האָט געהאַט אַ פאָרגעפיל אַז זיין טאָג איז נאָענט. מיר האָבן ביידע געלאָזן אַ טרער און זיך שטיל געזעגנט.

אין דער פרעמד איז משה געשטאָרבן. ער האָט נישט זוכה געווען צו פארווירקליכן זיין יוגנט טרוים. אין דער עלטער פון 65 יאָר איז משה פון אונז אַוועקגעריסן געוואָרן.

ערע זיין אנדענק.

**ד. ל. גראַנאָווסקי**



משה פייערמאן איז געקומען קיין וויניפעג ארום 1921 מיט אַ גרויסן סטאַזש פון ציוניסטישע טעטיקייטן אין זיין שטעטל דובאסאר און אַדעס. ער איז שוין אפילו געווען א חבר אין צענטראל קאָמיטעט פון אַדעסער פועלי־ציון. קיין וויניפעג איז ער געקומען מיט אַ פולן חלוצישן ברען און אין די ערשטע חדשים, נאָך איידער ער האָט זיך איינגעבירגערט אין לאַנד, האָט ער שוין געגרינדעט א פועלי־ציון אָרגאַניזאַציע, באַלד נאָכדעם א יידישן קולטור פאראיין. אין פארלויף פון איין יאָר איז ער געוואָרן איינער פון די אקטיוויסטע טוער פון דער אויבנדערמאנטער פועלי־ציון באוועגונג.

טיף אין האַרצן אָבער איז דאָס ניט געווען דאָס סאַמע וויכטיקסטע אין זיין לעבן. ער איז דורך און דורך געווען א חלוץ און זיין שטרעבונג איז געווען אָנהויבן א חלוציש לעבן אויך דאָ אין קאנאדע. אין מערב קאַנאַדע זיינען געווען יידישע קאָלאָניעס מיט פארמערס, אָבער משה פייערמאן האָט נאָר געוואָלט א קאָלעקטיוו לעבן, קריגן חלוצישע הכשרה און ניט נאָך פאר זיך אַליין, נאָר טאַקע שאפן די ערשטע חלוצישע גרופן אין מערב קאנאדע מיטן ציל עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. עס האָט זיך אים איינגעגעבן אין איין יאָר פאראינטערעסירן א 12 חברים זיינע און א פיינע גרופע איז אַרויסגעפאָרן אין דער הירש־קאָלאָניע (דרום סאסקעטשעוואן). דאָרט האָבן זיי אָנגעהויבן פירן אן אמת חלוציש לעבן, אָבער ניט אויף לאנג. ניט אלע האָבן געהאַט זיין אידעאַליסטישן צוגאנג. אַ צאָל האָבן ניט געקענט דורכמאַכן אָט דעם שווערן האָרעפאשנעם וועג. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן צעפאָרן און משה, א שטאַרק ענטוישטער, האָט געמוזט אויפגעבן דעם געדאנק פון א קאָלעקטיווער פאָרבערייטונג צו ארץ־ישראל.

ער האָט נישט אויפגעגעבן דעם געדאַנק פון אן ארבעטס פארמער לעבן און ער מיט אַ פּאָר געבליבענע חברים, וואָס האָבן אים נאָך אביסל דערמוטיקט, זיינען אַוועקגעפאָרן פון דרום סאסקעטשעוואן אין א צווייטער יידישער קאָלאָניע, אין אלבערטא, אין דער באקאנטער דאן מאָנטעפיאָרע קאָלאָניע. אויך דאָרט איז די לאגע ניט געווען קיין גלענצענדע. שווערע צייטן האָבן דאן דורכגעמאַכט אַלע פאַרמערס און ספעציעל די יידישע, און משה פייערמאן, אין דער צייט שוין א פארהייראטער, אביסל אונטער דער ווירקונג פון זיין פרוי, וואָס האָט אלס גרויס שטאָטישע זיך ניט געקענט צוגעוואוינען צום דאָרפס לעבן, האָט געמוזט אויפגעבן זיין חלוצישן אידעאַל און זיך נעמען, ווי אַלע ניי געקומענע יידן אין קאַנאַדע, צו פּעדלערייַ און דערנאָך ווערן א „סטארקיפער" ערגעץ וואו אין אַ פאַרוואָרפענעם קאַנאַדער שטעטעלע.

אומעטום אָבער וואו ער איז געווען איז ארץ־ישראל געווען זיין ציל אין לעבן. אין 1935 איז ער מיט זיין משפחה ארויסגעפאָרן קיין ארץ־ישראל. ער האָט זיך אַביסל אונטערגעמוטשעט, אין קיבוץ האָט מען ניט געוואָלט לעבן, און נאָך צוויי שווערע יאָר האָבן זיי: ער, די פרוי ליזע און זייערע צוויי טעכטער, בתיה און שרה, זיך צוריקגעקערט קיין וויניפעג און אָנגעהויבן פון דאסניי זיך איינבירגערן אין לאנד.

נאָך עטלעכע יאָר פון זיין אין געשעפט — און זייער ניט דערפאָלגרייך — האָט אים די ציוניסטישע ארבעטער באוועגונג אנפארטרויט דעם פאראנטוואָרטלעכן אמט פון עקזעקוטיוו דירעקטאָר פון דער פארצווייגטער טעטיקייט אין וויניפעג. זינט דאן איז ער געווען מיט לייב און לעבן איבערגעגעבן צו ארץ־ישראל טעטיקייט, צו דער קולטורעלער דערציערישער ארבעט אין שטאָט. 8 יאָר איז ער געווען אויף דעם פאָסטן. די לעצטע 10 יאָר איז ער געווען דער עקזעקוטיוו סעקרעטאר פון וויניפיגער גוט באוואוסטער תלמוד־תורה, וואו עס לערנען ארום 700 קינדער. די ארבעט האָט אים פינאנציעל פארזיכערט זיין לעבן, אָבער זיין נשמה און זיין גאַנצער געדאַנקען גאַנג איז געווען פארבונדן מיט ארץ־ישראל. ער איז אויך געווען אקטיוו אין דער ציוניסטישער ארבעטער באוועגונג בין דער לעצטער מינוט. ער האָט נאָך זוכה געווען צו זיין אַ דעלעגאַט פון קאַנאַדער באוועגונג צו דער וועלט־קאָנפערענץ פון איחוד־עולמי, וואָס איז פאָרגעקומען אין חודש יולי 1964.

פון ישראל איז ער געקומען פרייטיק, דעם 7־טן אווגוסט 1964, א באגייסטערטער. זיין טאָכטער בתיה, וואָס לעבט שוין אין ישראל א 12 יאָר, איז גוט איינגעבירגערט אין לאנד מיט א פייַנער פאַמיליע און זיין געדאַנק איז געווען זיך באזעצן גאָר אינגיכן אין ישראל. פלוצים אָבער איז ער זונטיק, דעם 9־טן אוגוסט, צוויי טעג נאָך זיין קומען, פון אונז אלעמען אומדערווארטעט ארויסגעריסן געוואָרן.

ערע זיין אנדענק.

וויניפעג, קאנאדע — נח וויטמאַן

# ברוך ספיבק ז"ל



ברוך נולד בדובוסרי להוריו אברהם ודבשה ספיבק ביום א' דחנוכה תרפ"ב (1921). בגיל שלוש עלה עם הוריו לארץ. את שנות ילדותו הראשונות בילה בנהלל ובעלות הוריו עם הרא-שונים לעמק חפר, היה בין הילדים הראשונים בכפר-ויתקן. ברוך היה הבכור והגדול בין ילדי הכפר ולרוב היה בודד משום חוסר חברה מת-אימה לו בגילו. עובדה זו והלבטים הקשים שעברו על אנשי המקום כחלוצים-כובשים רא-שונים של ואדי-חוארת, הטביעו את חותמם על נפשו הרכה והעדינה ופניו הפיקו רצינות שלא לפי גילו הצעיר.

זכה ברוך ובתור בכור ילדי כפר־ויתקין נפל בגורלו להיות גיבור המאורע ההתישבותי הגדול בכפר, הוא הגרלת המגרשים לחברים. הועדה לחלוקת המגרשים עבדה קשה כל היום ורק סמוך לחצות סיימה את עבודתה. אז הוצע על־ידי מישהו שאת פתקאות ההגרלה יוציא מתוך הקלפי בכור ילדי הכפר. אברהם אביו הלך והעיר אותו משנתו וקורי שינה עודם על עפעפיו הביאו אביו על זרועותיו לקלפי. בידים רועדות כשבת-צחוק מרחפת על פניו, עמד על הספסל והכריז כל מספר שהוציא מתוך הקלפי. מידיו קיבלו חברי כפר-ויתקין את מגרשיהם.

כשגמר את בית-הספר העממי בכפר המשיך את לימודיו בבית-הספר החקלאי כדורי להשתלם בחקלאות. הוא ראה בכך הדרך הטבעית של בן כפר כהכנה לחייו העתידים.

צנוע היה ברוך בהליכותיו ומכונס בתוך עצמו. כשפרצה מלחמת העולם השניה וצעירי הישוב נקראו להתגייס למלחמה בצורר היהודים, היה הוא בין הראשונים אשר נענה לצו השעה ולצו מצפונו היהודי. ארבע שנים שירת בצבא הבריטי, בחטיבה העברית, התחבב על חבריו בשל עדינותו, נדיבות לבו ונכונותו תמיד להגיש עזרה לחבר. גם בצבא לא שכח את צור מחצבתו והיה מפעילי מארגני החיילים להתישבות.

בהיותו בצבא הקים בית בישראל. נשא אשה וציפה ליום בו תיתם המלחמה ויחזור לכפרו כמתישב עצמאי. בשנת שירותו האחרונה בצבא חלה במחלה, אשר הרופאים לא יכלו לעמוד על טיבה. הוא נשא את כאבו בדומיה ובגבורה מתוך אמונה שיתגבר על מחלתו וישוב לאיתנו. מלא תכניות היה בשובו לכפר בדבר התישבותו בו. נסע לבדיקות

כבית-החולים כדי לשוב אחרי ימים אחדים לכפר ולהתחיל בבנין משקו. אך הגורל התאכזר לו. הוא נכנס לבית-החולים ולא ירד מערש חליו. המחלה הממארת שתקפתו בצבא שמה קץ לחייו והוא רק בן כ״ג.

ברוך נפטר בט״ז אלול תש״ה (1945) והובא למנוחות בכפרו — כפר-ויתקין.

# מרים בן־עמי ז״ל

(בת ברל דודניק — המלמד)



מרים, מראשונות העליה השלישית, עלתה לארץ בשנת 1921. יפת־תואר היתה ונעימת הליכות ולבבה לב זהב. כמעט ארבעים שנה חיתה בארץ (נפטרה בשנת 1960) וכל השנים האלה היו מלוות סבל רב. איתרע מזלה ובנה יחידה, המחונן בכשרונות וגדולות ניבאו לו — חלה בילדותו וכתוצאה ממחלתו נשאר בעל מום. כל שנותיה עבדה מרים קשה, מעל לכוחותיה, כדי שתוכל לשאת בריפוי בנה. ואם כי המר עמה הגורל, ידעה מרים להסתיר את מר לבה מעין זר וחיוך מלבב טובת לב היתה מרים. נכונותה לעזור לקריב ולרחוק יצאו לה מוניטין בין אנשי עירנו ואחרים. ביתה היה פתוח לכל נצרך ולבה לכל דואב.

צנוע היה הבית, אך מעולם לא הרגשת את עצמך מיותר או מכביד בצל קורתה. משבאת לביתה לא יצאת מבלי לסעוד את לבך, ואם זקוק היית ללינה — מעולם לא היה צר המקום.

מעולם לא הכרת על פניה שהיא סובלת ממחסור תמידי. תמיד סמכה על עצמה ולא פנתה לעזרה ולו בשעות הקשות ביותר בחייה.

אשת חיל, חלוצה, חברה מסורה היתה מרים. היתה ואיננה...

י. קן־תור

# רופאים יהודים בדובוסרי

## ד״ר קרסנוביץ ז״ל

היא היה רופא מנוסה, מעורב עם הבריות, חביב על התושבים. הוא שימש גם רב מטעם וכל עניני הקהילה הרשמיים היו מסורים לידו. אע״פ שנקרא **רב** לא היה אדוק במצוות. הוא גם לא היה לאומי, אבל עשה טובות רבות ליהודים רבים בנצלו את קשריו ההדוקים עם אנשי הרשות. הוא היה בן בית אצלם, אכל מפתם והתרועע עמהם. מעמדו המיוחד כאדם קרוב לרשות נוצל לטובת הכלל והפרט.

## ד״ר אלטמן ז״ל

הוא לא היה יליד עירנו, מקישינוב בא לגור אתנו. מדלת העם היה מוצאו, בן לחייט לתיקונים, וזכה ללמוד באוניברסיטה בזכות אביו ששירת כחייל בצבאו של ניקולאי הראשון. בשעותיו הפנויות מלימודיו בגימנסיה ובאוניברסיטה שקד על לימודים עבריים, לרבות תורניים.

ד״ר אלטמן היה איש גלמוד, לא בא בחברת רעים ולא התערב בעניני הציבור. להוציא את הביקורים אצל חוליו, מעולם לא ראו אותו בחוץ. גם השקפת חייו היתה יוצאת דופן. הוא היה קיצוני בלאומיותו ובדתיותו, קיצוניות שהסביר אותה בצורה מיוחדת לו. הוא היה אומר: האנושות כולה דומה לצבא גדול סדור על חטיבותיו, גדודיו ופלוגותיו, וכשם שכל חטיבה מוכרת ע״י מדיה המיוחדים לה, כך כל אומה במשפחת העמים הגדולה. וכשם שאין רשות לחייל הפרט לשנות את מדיו, גם כשהם צרים עליו ולוחצים אותו, אחרת תתפורר החטיבה ותהיה לעדר, כך אין רשותו של עם לשנות את צביונו. הדת היהודית הם המדים של האומה היהודית, וכל עוד אין לעמנו מוסד לאומי ודתי עליון מוסמך לשנות ולתקן את הצריך תיקון, חייב כל יהודי, כחייל בתוך החטיבה היהודית, לשמור על מדיו כמות שהם. מחובתנו הלאומית לשמור על הדת, כי בלעדיה אין לנו קיום בין הגויים.

קצת תמהוני היה ד״ר אלטמן, אבל הוא היה חייל נאמן לחטיבתו ולעמו. זמן רב לא חי בתוכנו, כי הוא נקטף במבחר שנותיו. יהי זכרו ברוך.

**י. דוניבסקי ז״ל**

# יידישע דאקטוירים אין דובאסאר

## ד״ר קראסנאוויעץ ז״ל

ער איז געווען א דאָקטאָר מיט אסך מעדיציניש וויסן און פראקטיק. ער איז מיט יעדן געווען היימיש און די באפעלקערונג האָט אים ליב געהאַט. ער איז אויך געווען קאזיאנער ראבינער און אין זיינע הענט האָבן זיך געפונען אלע אָפיציעלע געמיינדע ענינים. טראָץ דעם וואָס ער איז געווען אַ „ראבינער״, איז ער געווען ווייט פון פרומ־קייט. ער איז אויך נישט געווען נאַציאָנאַל געשטימט, אָבער ער פלעגט יידן טאָן פיל טובות אויסנוצנדיק זיינע באַציאונגען מיט די רעגירונג־קרייזן. ער איז געווען אַן אייגענער ביי זיי, פלעג עסן זייערע מאכלים און זיך חבר'ן מיט זיי. זיין ספעציעלער מעמד אַלס נאָענטער מענטש צו די באַהערדן איז פיל אויסגענוצט געוואָרן לטובת הכלל והפרט.

## ד״ר אלטמאן ז״ל

ער איז נישט געווען קיין געבירטיקער פון אונזער שטאט. ער איז צו אונז געקומען פון קישינעוו. געשטאמט האָט ער פון אן אָרימער משפחה. זיין פאָטער איז געווען א שניידער א לאטוטניק. אדאנק דעם וואָס זיין פאָטער איז געווען אַ „ניקאָלאַיעווסקער סאלדאַט״ האָט ער געקענט אָנקומען אין אוניווערסיטעט אוסער דער קוואָטע. נאָך אַלס תלמיד אין גימנאַזיע און שפעטער אין אוניווערזיטעט פלעג ער די פרייע שעה'ן ווידמען יידישע לימודים, צווישן זיי לימודי קודש.

דר. אלטמאן איז געווען אַן אויסערסט איינזאַמער מענטש. ער האָט נישט געהאַט קיין חברים. ער פלעג נישט קומען אין געזעלשאַפט און זיך נישט געמישט אין קהל ענינים. אחוץ די באזוכן וואָס ער פלעג מאַכן ביי זיינע קראנקע האָט מען אים קיינמאָל נישט געזען אין גאַס. אויך זיין לעבנס אנשויאונג איז געווען אייגנארטיק־מאָדנע. ער איז געווען נאַציאָנאַל און רעליגיעז פאַנאַטיש. זיין עקסטרעמע פאַנאַטישקייט פלעג ער דערקלערן אויף זיין אייגנאַרטיקן אופן: די מענטשהייט איז געגליכן צו אַ גרויסער אַרמיי, וואָס איז אָרגאַניזירט לויט דיוויזיעס, בריגאַדעס און גאָנטעס, און אַזוי ווי יעדע דיוויזיע דערקענט מען לויט איר באזונדערן אוניפאָרם, אזוי אויך די מענטשהייט וואָס איז צוטיילט אויף פעלקער. אזוי ווי אין מיליטער קען אַ סאָלדאַט פון איין אָפטיי־לונג נישט אריבערגיין אין אַן אַנדערער אָפטיילונג און קען נישט איבערבייטן זיין אוניפאָרם, אפילו ווען ער איז ענג אויף אים און דריקט אים, ווייל אין געגנטייל וועט זיך דער גאַנצער קאָרפוס צעפאלן און ווערן א סטאַדע פון סאָלדאַטן, אזוי קען אויך קיין פאָלק נישט אויסטאָן זיין אוניפאָרם. ד. ה. זיין אייגנאַרט. די יידישע רעליגיע איז די אוניפאָרם פון אונזער פאָלק, און כל זמן מיר פאַרמאָגן נישט קיין נאַציאָנאל־רעליגיעזע

הויכע אינסטאַנץ מיט דער געהעריקער אויטאָריטעט דורכצופירן די ענדערונגען וואָס די צייט פאָדערט, איז מחויב יעדער ייד אלס סאָלדאַט אין יידישן קאַרפּוס אָפּצוהיטן זיין אוניפאָרם. עס איז אונזער נאציאָנאַלער חוב אָפּצוהיטן די יידישע רעליגיע, ווייל אָן איר וועלן מיר נישט האָבן קיין קיום צווישן די פעלקער.

אַ שטיקל „טשודאק" איז ער געווען דער דר. אלטמאן, אָבער ער איז געווען אַ טרייער סאָלדאַט אין זיין דיוויזיע און צו זיין פאָלק. לאַנג האָט ער צווישן אונז נישט געלעבט. ער איז געשטאָרבן אין זיינע בעסטע יאָרן. ערע זיין אנדענק.

**י. דונאיעווסקי ז"ל**

# הערשל ציוניסט ז"ל

זה היה שמו בפי כל יודעיו ומכריו. שתקן היה האיש, ענוותן ובעל מזג טוב. על סבלות היתה פרנסתו. בימות החורף הקצרים, כשהגשמים והשלגים היו מרובים ועבודה היתה מועטה, לא הלך הערשל כריב עמיתיו לבתי-מרזח לשחק בקלפים ולהשתכר, אלא שם פעמיו אל אגודת „צעירי ציון". שם, בין הנוער הציוני מצא מרגוע לנפשו הצמאה ומנוח לגופו העייף.

מדלת העם היה הערשל ומשחר ילדותו נרתם לעבודה פיזית קשה. אין תימה כי היה משולל כל השכלה. אבל בעל לב חם ורגיש היה והאוירה ששררה באגודת „צעירי ציון" וההרצאות והנאומים ששמע בקשב רב, החדירוהו רגשי אהבה לציון ואמונה עזה בהתגשמותו של הרעיון הציוני. בכל להט נפשו התמימה התמסר לכל עבודה ציונית שהוטלה עליו והוציאה לפועל בהתמדה ובנאמנות. מרצה כי בא לעיר והיה צורך לסייע לו בסידורו, היה הערשל מקבל עליו את הדבר; נשף שערך הנוער הציוני, שוב היה הערשל מי שהטיל על עצמו את כל הסידורים הטכניים, גם אם היה כרוך הדבר בהפסד יום עבודה שעליה פרנסתו. בשום אופן לא היה מוכן להחמיץ מצווה ציונית שבאה לידו. ואם אנחנו, שידענו את מצבו החמרי, היינו מציעים לו תמורה כספית בעד יום העבודה, היה מסרב בהחלטיות ואומר: „עבודה זו עבודת קודש היא וזה שכרי".

כל ימיו נכסף הערשל להגשים את חלומו ולעלות לארץ ובכוחה של תקוה זו החזיק מעמד שנים רבות בגלות הדוויה, אך מזלו לא האיר דרכו והוא נספה מידי חלאת המין האנושי, ששמו קץ לחייו ולחלומותיו כאחד.

ישמשו טורים אלה מצבת זכרון לנפש תמימה ומסורה לציון, שלא זכתה לחונן עפרה.

**יוסף רם (וויסוקי) ז"ל**

# הערשל ציוניסט ז״ל

אונטער דעם נאָמען האָבן אים געקענט אַלע זיינע פריינד און באַקאַנטע. א שווייגער איז געווען הערשל, אן עניו, בעזעלט מיט אַ ווארים יידיש הארץ. טרעגעריי איז געווען זיין פרנסה. אין די קורצע ווינטער טעג, בעת עס האָט גערעגנט און געשנייט און ארבעט איז געווען בצמצום, פלעג הערשל נישט גיין ווי אַנדערע טרעגער אין שענק זיך אנשיכורן און שפילן קאָרטן, נאָר זיינע פיס פלעגן אים פירן אין פאַריין פון די צעירי־ציון. דאָרטן, צווישן דער ציוניסטישער יוגנט, האָט ער געזעטיקט זיין דורשטיקע נשמה און געפונען רו פאר זיין מידן קערפער.

הערשל האָט געשטאַמט פון די אָרימסטע פאָלקס־שיכטן און זייט זיין פריער קינדהייט האָט ער זיך איינגעשפאַנט אין שווערער פיזישער ארבעט. עס איז נישט קיין וואונדער אז הערשל האָט כמעט גאָרנישט געלערנט. ער איז אָבער געווען באשאנקען מיט אַ וואַרים פילבאר הארץ און דער גייסט וואָס האָט געהערשט ביי די צעירי־ציון און די רעפעראטן וואָס ער האָט זיך צו זיי צוגעהערט אויפמערקזאַם, האָבן אין אים איינגעפאַלנצט אַ שטאַרקע ליבע צו ארץ־ישראל און א טיפן גלויבן אין דער פארווירקלעכונג פון ציוניסטישן געדאַנק.

מיטן גאַנצן ברען פון זיין נאאיווער נשמה פלעג ער טאָן יעדע ציוניסטישע ארבעט וואָס מען האָט אויף אים ארויפגעלייגט, און פלעג זי אויספירן געטריי און מיט התמדה. איז אַ רעדנער געקומען אין שטאָט און מען האָט אים געדאַרפט העלפן זיך איינאָרדנען, פלעג הערשל אויף זיך נעמען די מיסיע; האָט די ציוניסטישע יוגנט איינגעאָרדנט אַן אָוונט, פלעג הערשל טאָן אַלע שווערע ארבעטן, אויך ווען ער האָט געדאַרפט צוליב דעם פארלירן א טאָג אַרבעט, וואָס פון איר האָט ער זיך מפרנס געווען. האָט זיך אונטערגערוקט א ציוניסטישע מצווה — האָט ער זי קיינמאָל נישט פארנאכ־לעסיקט. וויסנדיק זיין מאטעריעלן מצב פלעגן מיר צומאָל אים וועלן באצאָלן פאר א פארלוירענעם ארבעטס־טאָג, הערשל אָבער פלעג קיינמאָל נישט וועלן נעמען קיין פרוטה. ער פלעג אונז זאָגן: „דאָס איז א הייליקע ארבעט און דאָס איז מיין שכר״.

זיין גאַנץ לעבן האָט זיין הארץ געלעכצט צו פארווירקליכן זיין חלום זיך צו באזעצן אין ארץ־ישראל. מיטן כוח פון דער דאָזיקער אמונה און האָפנונג האָט ער איבערגעטראָגן פיל יסורים אין שווערן גלות, ליידער האָט אָבער זיין מזל נישט באלויכטן זיין וועג און ער איז אומגעקומען דורך דער נאַציישער בעסטיע, וואָס האָט פארשניטן זיין לעבן און זיינע חלומות.

זאָלן די דאָזיקע שורות דינען אלס מצבה דעם אנדענק פון דעם הארציקן תמימות־דיקן ציון איבערגעבענעם הערשל, וואָס האָט נישט געהאַט די זכיה צו באטרעטן איר באָדן.

**יוסף וויסאָקע (רם)**

# זליג „דער פארבער" ז"ל

הימים ימי האביב של העבודה הציונית ברוסיה, שבחלקה היתה ליגלית ובחלקה בלתי ליגלית. כידוע נוהלה העבודה הציונית ברוסיה בחמישה מרכזים. אחד מהם היה בקישינוב בראשותו של ד"ר ברנשטיין-כהן. דובוסרי היתה בשיפוטה של קישינוב. בעירנו היתה אגודה ציונית פעילה. בין מבקריה התמידיים באסיפותיה היה יהודי פשוט בשם זליג „דער פארבער" (הצבע). אין אני יודע משום מה קראו לו „דער פארבער", כי כפי שאני זוכר אותו היה סוחר קטן בתבואה באחד מפרברי העיר. זליג זה הפך לשם דבר בעירנו. יהודי יקר היה זליג ובלבו יקדה אש לוהטת לציון.

יום אחד נכנס אלי זליג ובתור חבר ועד האגודה הציונית פנה אלי בזו הלשון: בקשה לי אליך. אני רוצה להיות פעיל באגודתנו, אבל יהודי פשוט אני ואינני רואה את עצמי ראוי לשום פעולה מלבד שמשות בועד. אני מוכן למלא כל שליחות ושמשות שהועד יטיל עלי, כי עז רצוני לתרום חלקי, ולו הדל ביותר, לרעיון הציוני. הסכמתי ברצון לבקשתו וזמן רב היה זליג ממלא באמונה את התפקיד שנטל לעצמו.

חלפו השנים ואני יצאתי לגור באודיסה. שנים לא ראיתי את זליג והוא כמעט נשכח מלבי. והנה בוקר אחד ואני יושב במשרדי, נפתחת הדלת וזליג נכנס. הפעם הופיע מצוחצח, מסורק למשעי, מלובש בגדי שבת. פניו צוהלים.

— מה בפיך, זליג יקירי — פניתי אליו בשאלה.

— באתי להפרד ולקבל ממך ברכת הדרך.

— לאן אתה נוסע, זליג?

— מה פירוש לאן? — ענה בצחוק — לאן יסע יהודי? לארץ-ישראל.

— האם לבדך אתה נוסע? — שאלתיו.

— לא. כולנו בזקנינו ובנעורינו עולים ארצה. אשתי נוסעת אתי וחמשת בני.

הופתעתי. זליג הבין לרוחי והוסיף:

— מה אתה מתפלא? לא עשיתי חשבונות רבים. יום אחד קמתי ומכרתי את מטלטלי, נפרדתי מבני עירנו, ועיניך הרואות: אני נוסע לארץ-ישראל. ואם תשאלני: ומה בדבר הוצאות הדרך? בה! זה כלל לא מדאיג אותי. כלום אתה וציונים אחרים תתנו לאניה להפליג וזליג ובני ביתו ישארו באודיסה?

זליג לא טעה בחשבון. הוא לא נשאר באודיסה. לימים הגיעו אלי שמועות שהוא ובני ביתו הגיעו בשלום לארץ, השתקעו בה והוא שמח בחלקו.

**י. דוניבסקי ז"ל**

# זעליג „דער פארבער" ז"ל

געוועזן איז עס אין פרילינג פון דער ציוניסטישער טעטיקייט אין רוסלאנד, וואָס טיילווייז איז זי געווען לעגאל און טיילווייז אומלעגאל. ווי באקאנט איז די ציוניסטישע ארבעט אין רוסלאנד געפירט געווארן דורך פינף צענטערן. איינער פון די צענטערן האָט זיך געפונען אין קישינעוו אונטער דער אָנפירערשאַפט פון דר. בערנשטיין־כהן. דובאסאר איז געווען אונטער דער קישינעווער יוריסדיקציע. אין אונזער שטאָט האָט פונקציאָנירט אַן אַקטיווע ציוניסטישע אגודה. צווישן די שטענדיקע באזוכער אויף די ציוניסטישע פארזאמלונגען איז געווען איינער א פשוטער ייד — זעליג דער פארבער. פאַרוואָס מען האָט אים גערופן „פארבער" ווייס איך נישט. לויט איך געדענק איז ער גאָר געווען א קליינער תבואה סוחר. דער דאָזיקער זעליג איז געווען א שם דבר אין דובאסאר. א טייערער ייד איז געווען זעליג און אין זיין האַרץ האָט געברענט אַ ליבע צו ארץ־ישראל.

אין אַ געוויסן טאָג קומט צו מיר אריין זעליג און ווענדט זיך צו מיר בזה הלשון: „איך האָב צו אייך א ביטע. איך וויל זיין אַקטיוו אין אונזער אגודה, אין בין אָבער אַ פּראָסטער מענטש און זע זיך נישט ראוי פאר קיין שום ציוניסטישער ארבעט, אויסער זיין א שמש אין ועד. איך בין גרייט צו טאָן יעדע ארבעט און אויספירן יעדע שליחות וואָס דער ועד וועט אויף מיר ארויפלייגן. מיט מיין גאנצער נשמה וויל איך בייטראָגן מיין חלק, ווי באשיידן ער זאָל נישט זיין, פארן ציוניסטישן געדאַנק". איך האָב מיט צופרידנקייט אָנגענומען זיין בקשה און זייט יענעם טאָג פלעג זעליג אויספילן געטריי יעדע ארבעט וואָס מען האָט אויף אים ארויפגעלייגט.

יאָרן זיינען פארפלויגן. איך בין אַוועק וואוינען אין אָדעס און יאָרן האָב איך נישט געזען זעליגן און נישט געהערט פון אים. ביז א געוויסן פרימאָרגן זיצנדיק ביי זיך אין אָפיס עפנט זיך אויף די טיר און עס קומט אריין זעליג. דאָס מאָל איז ער אריינ־געקומען אַן אויסגעפּוצטער אין שבת'דיקע בגדים, א פארקעמטער מיט א צעשטראלט פנים.

— וואָס האָסטו עפּעס צו דערציילן גוטס? — ווענד איך זיך צו זעליגן מיט א פראגע.

—־ איך בין זיך געקומען געזעגנען און אויך באקומען אייער ברכה.

— אווּאו פאָרסטו, זעליג?

— וואָס הייסט אווּאו? — ענטפערט ער לאַכנדיק — וואו פאָרט א ייד? קיין ארץ־ישראל.

— פאָרסט אליין?

— ניין, מיר פאָרן אַלע. בזקנינו ובנעורינו... מיין ווייב פאָרט און מיינע פינף זין.

איך בין געווען פארוואונדערט. זעליג האָט פארשטאנען מיין פארוואונדערונג און האָט צוגעגעבן:

— וואָס וואונדערט איר אייך? איך האָב נישט געמאַכט קיין גרויסע חשבונות. אין אַ געוויסן פרימאָרגן האָב איך זיך אויפגעהויבן, האָב פארקויפט מיין ביסל אָרימקייט, זיך געזעגנט מיט דער שטאָט און דאָס איז עס... איך פאָר קיין ארץ־ישראל. און אויב איר וועט מיך פרעגן: און וואָס איז מכוח הוצאות הדרך־? באַ! דאָס באַזאָרגט מיר שוין גאָרנישט. וואָסזשע, איר און אַנדערע ציוניסטן וועלן לאָזן דער שיף אוועקפאָרן און זעליג און זיינע בני־בית וועלן בלייבן אין אַדעס?

זעליג האָט נישט געמאַכט קיין טעות אין חשבון. ער איז נישט געבליבן אין אַדעס. מיט אַ צייט שפּעטער האָב איך אָפּגענומען גרוסן, אז זעליג מיט זיין משפחה זיינען בשלום אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל, האָבן זיך מער ווייניקער איינגעאָרדנט און ער איז צופרידן וואָס ער האָט פאַרווירקליכט די ליבע צו ציון.

י. דונאיעווסקי ז"ל

# דוד פוחיס ז"ל



עם בואי לארץ, בראשית שנות העשרים, באתי באחת השבתות להתארח אצל בן יגורליק, דוד פוחיס, איש העליה השניה וחבר עין־גנים. מטרה כפולה הביאה אותי לביתו: א) לבקר בן סביבה; ב) לקבל ממנו שיעור והדרכה בחקלאות, שכן לרבים וטובים היה ד. פוחיס מורה־דרך בחקלאות ובעבודה מעשית.

עוד לפני היות עקרונות מושב־העובדים ותקנותיו כתובים וקבועים במסגרת חיים, קיים אותם...

פרדס של 10 דונם היה לו, והעבודה בו מרובה וכלה עשה במו ידיו: „עידור גדול" בסוף הקטיף, גיזום, הכנת בורות, השקאה וכו'. עם קרב הקטיף הכין את ה„בייקה" שלו, קטף במו ידיו את הפרי והביאו ל„בית האריזה" שלו; בעצמו בירר, עטף והכין את הארגזים ואחר האריזה הוביל את הפרי ל„אגודת פרדס". נוסף לפרדס היו לו פרה, עז ולול עם שמונים מטילות, ובכולן טיפל בעצמו, לרבות מכירת התוצרת.

כך מילא האיש אחר העקרון של **עבודה עצמית** — היסוד הראשון של מושב-העובדים.

נוהג היה לעזור לכל מבקש — מי בהלוואה ומי בערבות. ומי מהחלוצים לא היה

זקוק אז לעזרה? לא אחת פרע מכספו הלוואות שהיה ערב להן ואף לימד זכות על הלווים שלא עמדו בהתחייבותם. אם אינם משלמים — היה אומר — ודאי אין להם ממה לשלם. ואילו להדדיות לא זכה אף בימים הקשים ביותר שהגיעוהו. אז שכחוהו כל אלה שעמם גמל חסדים לאין ספור. הוא היה בין הנותנים ולא בין המקבלים.

כך מילא האיש אחר העקרון של עזרה הדדית — היסוד השני של מושב־העובדים.

לא איש אידיאולוגיה היה דוד פוחיס. הוא לא כתב עקרונות, הוא חצבם מלבו וחקק אותם באת ובטוריה על אדמתו. כי על כן העקרונות שעל פיהם חי נבעו ממהותו ומישותו. בעבודתו ובאורח חייו עיצב את דמותו — דמות אכר עברי עובד אדמתו, איש האמת והיושר.

איש תם וישר היה, צנוע ועניו, ולאחר שהלך לעולמו לא טרח איש להנציח את זכרו. ישמשו טורים מעטים אלה נר צנוע לחייו ולפעלו של אדם, אשר גילם דור של בונים ומגשימים, ששימש את המולדת ורעיון התחיה בתום לבב ושלא על מנת לקבל פרס. יהיה זכרו ברוך.

ישעיהו קן־תור

## יצחק פוחיס ז״ל



נולד בפתח־תקוה בשנת 1925 להוריו דוד וחיה, ממייסדי המושב עין־גנים. למד בביה״ס העממי בעין־גנים, המשיך את לימודיו בביה״ס ע״ש אחד־העם בפתח־תקוה. שנתיים שירת בנוטרות וב-1943 נכנס ללמוד הוראה בסמינר ע״ש לווינסקי. ב־1944 גמר את חוק הלימודים בסמינר ונתקבל כמורה בבית־ספר ערב לנוער עובד בפתח־תקוה וכמדריך במגרשי המשחקים המקומיים. עבר לירושלים להשתלמות באוני־ברסיטה העברית והמשיך לעבוד בהוראה בבית־הספר לנוער עובד בירושלים.

היה פעיל בהגנה מגיל 14 והגיע לדרגת מפקד. היה ממייסדי הירחון „השלום", לזכר שלום שטרייט ז״ל, ומעורכיו — ליצירות נוער. היה משורר וכתב שירים רבים בכשרון רב. ביום כ״ח כסלו תש״ח (11.12.1947) פקד על שיירה שיצאה להביא אספקה ללוחמים ב„כפר עציון" בהר חברון. על אם הדרך התנפלו על השיירה קבוצות פורעים ערביים. יצחק נלחם בגבורה ונפל בקרב.

### אֶחָד מִן הַשּׁיָרָה

לזכר חבר שנפל

אִילָנוֹת צְעִירִים בַּמּוֹלֶדֶת,
הַרְכִּינוּ לָאָרֶץ רֹאשְׁכֶם.
אִילָנוֹת יְקָרְכֶם בַּמּוֹלֶדֶת,
נִגְדַּע הַתָּמִיר שֶׁבָּכֶם.

דֹּמּוּ אַל רֶטֶט, הֲדָרוֹת יְרֻקּוֹת —
הַכּוֹרֵת הַשָּׁפָל בִּגְבוּלְכֶם!
יָד בְּזוּיָה הִתְנַשְּׂלָה אֶל הַטֹּהַר
הֵנִיפָה גַּרְזֶן עַל קָדוֹשׁ. —

הִיא תִיבַשׁ, זֹאת הַיָּד הַמְגֹאֶלֶת
לֹא יִשְׁקֹט הַכְּאֵב הֶעָמֹק...

דֹּמּוּ, רֵעִים! הוּא אֵינֶנּוּ...
הוּא לָנֶצַח לְכָאן לֹא יָשׁוּב:
רְאוּ, כַּחֲשֵׁכָה הָעוֹלָה וְגוֹבֶרֶת
עוֹד לוֹהֵט זִיק צִוּוֹ הַגָּדוֹל...

יצחק פוחיס ז״ל

# צבי הירש טאָלטשינסקי ז״ל



דעם 14־טן דעצעמבער 1964, פאַרנדיק אין זיין אויטאָ, איז פלוצים געשטאָרבן הירש (הע־רי) טולטשינסקי אין עלטער פון 65 יאָר.

זיין פלוצימדיקער טויט האָט געמאַכט אַ פיינליכן איינדרוק אין וויניפעג, ספּעציעל אין גרויסן קרייז אייגענע און פריינט וואו הערי איז שטאַרק באליבט געווען.

ער איז געווען משה פייערמאנס א שטיף ברודער, ביידע אין זעלבן עלטער, און פון 5 יאָר זיינען זיי אויפגעצויגן געוואָרן אין שטעטל דובאסאר. ביידע האָבן איינגעזאַפּט אין זיך פונם „חדר״ אַן יידישקייט און ליבע צום יידישן פאָלק און ארץ־ישראל.

אין 1922 איז ער געקומען מיט זיינע עלטערן אין קאַנאַדע און צוזאַמען מיט זיין ברודער משה האָט ער זיך פארנומען מיט לאנדווירטשאַפט אין סאסקאטשעוואן אין אלבערטא. צוריקקומענדיק קיין וויניפעג האָט ער זיך ארייננגעוואָרפן אין מסחר, וואו ער האָט מצליח געווען און איז געוואָרן אַן אַנגעזעענער געשעפטסמאַן.

הערי איז אלע יאָרן פארבליבן א געטרייער ציוניסט, געווען אקטיוו אין נאַציאָנאַלן ארבעטער פארבאנד, זיך באשטייערט פאר אלע יידישע צוועקן מיט א ברייטער האנט. די לעצטע יאָרן האָט ער געפלאַנט זיך באזעצן אין ישראל. ליידער האָט דער טויט איבערגעריסן זיין פרוכטבאר לעבן, איינהילנדיק אין טרויער פיל פריינט און באקאנטע.

א ליבער, האַרציקער, שטילער ייד איז געווען צבי טולטשינסקי און יעדער וואָס איז געקומען מיט אים אין בארירונג האָט אים ליב געהאַט.

ערע זיין אנדענק.

ד. ל. גראַנאָווסקי

# צבי טולצ׳ינסקי ז״ל

עוד לא התאוששנו מההלומה הכבדה על מותו ללא עת של משה פייארמן, והנה נתבשרנו על מותו הפתאומי של אחיו חורגו צבי טולצ׳ינסקי.

שני אחים, צנתרי זהב, נאהבים ונעימים, ישרי דרך, דורשי טוב, פעילים ומסורים לרעיון הציוני, נכונים תמיד לבוא לעזרת הזולת — נעקרו מתוך שורותינו כשהם עדיין במלוא אונם ויכלתם.

צבי, כאחיו משה, חונך על ברכי היהדות ואהבת ארץ-ישראל ומנעוריו שאף לעלות ארצה כחלוץ — עובד אדמה. לרגל נסיבות שונות היגר לקנדה, ויחד עם אחיו התמסר לחקלאות במושבה היהודית בססקצ׳בן. מגמתו היתה הכשרה בעבודת האדמה למען העליה לארץ-ישראל, אך הארעי הפך לקבע. אחר זמן מה עזב את המושבה והתישב בויניפג העיר, התמסר לעסקים וגם הצליח בהם. כל ימיו היה מסור לרעיון הציוני ובעיר מגוריו הטה שכמו לכל פעולה ציונית ויהודית-ציבורית. כאשר ביקר ב-1961 בארץ אמר לי, שבשובו לקנדה יתחיל לצמצם את עסקיו ויעלה ארצה. לא כך רצה הגורל. יהודי נאמן, אדם יקר, חבר מסור נקטף והוא רק בן 65.

**ד. ל. גראנאָווסקי**

# מנדל זלצר ז״ל



סוחר גדול היה בענף הטבק, ובכל זאת היה כל ימיו מחוסר אמצעים. בחיי יום יום נהג כאחד העשירים, היה נדבן ביד רחבה, ניצרך כי יפנה אליו, מעולם לא השיב פניו ריקם.

קול ערב היה לו וגדול היה כוחו בשירה וזמרה, על כן היה בא לכל חתונה של עניים לשמח חתן וכלה והמחותנים. בעל תפילה מפורסם היה ובתי־כנסת רבים שחרו לשמוע את קול תפילתו. אבל מנדל לא אבה לעשות מתפילתו קרדום לחפור בה וחרף הפניות והשידולים של בתי־כנסת מפורסמים שיתפלל אצלם בימים הנוראים, בחר תמיד באותו בית־כנסת שמצבו החמרי היה דחוק ביותר, ובו השמיע את תפילתו בציבור חינם אין כסף.

את בנותיו לא השיא חלילה בלי נדוניה ראויה לשמה, אלא שהחתן לפני כניסתו לחופה ידע כי למחרת עליו להחזיר לחמיו את הסכום שקיבל, שעל כן לא כספו היה זה, כי אם גמ״ח שלקח אצל ידיד, למען ידעו הבריות כי מנדל זלצר פוסק לבנותיו נדוניה ביד רחבה.

משהגיע לגיל שיבה שותקה מחצית גופו וגם לקה בכוח דיבורו. בקושי התהלך ברחוב ובשארית כוחותיו השתדל לקיים את רוחו הטובה. כל אדם שפגש בדרכו ברך אותו לשלום, ובלעג על מצבו היה שואל: „אולי ידוע לך היכן מנדל זלצר?״

כזה היה האיש מנדל. גם בצר לו לא נשבר רוחו.

כבוד לזכרו.

**ישעיהו קן־תור**

# מענדל זעלצער ז״ל

א גרויסער טאבאק סוחר איז ער געווען, און דאָך נישט פארמעגליך. אין טאָג־טעגליכן לעבן האָט ער זיך געפירט גביריש, האָט געגעבן א נדבה מיט א ברייטער האנט; א נצרך אז ער האָט זיך געווענדעט צו אים, איז ער קיינמאָל נישט ארויסגעגאנגען מיט ליידיקן.

א זיסע אנגענעמע שטימע האָט ער פארמאָגט און פלעג זייער שיין זינגען. דערפאר פלעג ער זיין א גאסט אויף יעדער ארימער חתונה און מיט זיין געזאנג פלעג ער משמח זיין חתן־כלה און די מחותנים. ער איז געווען בארימט אלס בעל־תפילה און פיל שולן פלעגן אים בעטן ער זאָל ביי זיי דאווענען. מענדל אָבער פלעג קיינמאָל נישט דאווענען פאר געלט; ער פלעג אָפּזאָגן די גרויסע און בארימטע שולן און פלעג דאווענען ימים־נוראים אין דער שול וואָס האָט זיך געפונען אין א שווערע פינאנציעלער לאגע, כדי איר ארויסצוהעלפן מיט זיין תפילה בציבור.

זיינע טעכטער האָבן חלילה נישט חתונה געהאט אָן א שיינעם נדן, נאָר וואָס — פארן גיין צו דער חופה האָט דער חתן געוואוסט אז אויף צומאָרגנס דאַרף ער דעם שווער אומקערן דעם נדן, וואָס דער שווער האָט געבאָרגט אלס גמילות־חסד ביי א פריינד. פאר דער וועלט אָבער האָט מענדל זעלצער געגעבן זיינע טעכטער צו דער חתונה א שיינעם נדן.

אויף דער עלטער איז ער פאראליזירט געוואָרן אויף אַ האַלבן גוף און עס איז אים אָנגעקומען שווער צו ריידן. ער פלעג שטאמלען. מיט גרויס מי פלעג ער ארויסגיין אין גאס און מיט די לעצטע כוחות האָט ער זיך אנגעשטרענגט אויפצוהאלטן א פריילאכע שטימונג. יעדן מענטש וואָס ער פלעג באגעגענען פלעג ער אים אויף קאטאוועס א פרעג טאָן: „האָסט אפשר באגעגנט מענדל זעלצער?״ ער פלעג לאכן פון זיין אייגענעם גורל.

אזא איז ער געווען מענדל זעלצער. אויך אין די שווערסטע צייטן איז זיין גייסט נישט געבראכן געוואָרן.

ערע זיין אנדענק.

י. קאנטאָר

# קלמן לעווינשטיין ז״ל



געקומען קיין קאנאדע פון רוסלאנד אין יאָר 1920. די ערשטע יאָרן געוואוינט אין מאָנטרעאל. שפּעטער האָט ער זיך באזעצט אין וויניפּעג, וואו ער האָט געוואוינט און אקטואירט ביז צום סוף פון זיין לעבן. אלע יאָרן געווען אקטיוו אין דער פּועלי ציון פּארטיי, געווען א מיטגליד אין דער עקזעקוטיווע פון „פּרץ פאָלקס שול״, אין נאַציאָנאַלן ארבעטער פארבאנד, קאנאדער יידישן קאָנגרעס און אנדערע אינסטיטוציעס. אומעטום וואו ער האָט אקטואירט האָט ער געטאָן זיין ארבעט בשלמות און געטריי. צניעות און באשיידנקייט, אייגנשאַפטן מיט וועלכע ער האָט זיך אויסגעצייכנט, האָבן אים באליבט געמאַכט אין אַלע קרייזן וואו ער האָט אקטואירט. ט׳ באלול תשכ״ג אז ער אוועקגערסן געוואָרן פון זיין פאמיליע און חברים.

**חבל על דאבדין.**

ל ז כ ר ם

צו זייער אייביקן

אנדענק

## נפטרו בארגנטינה
## געשטארבן אין ארגענטינע



רחל איצקאוויטש
(פאַרצייכנט דורך איר זון משה און פרוי ראסאַ איצקאוויטש)



זאב בענדערסקי
(פאַרצייכנט דורך דער טאכטער כומע און מאַן לעאָן רובין)



שרה בענדערסקי
(פאַרצייכנט דורך דער טאכטער כומע און מאַן לעאָן רובין)



צבי בערסודסקי
(פאַרצייכנט דורך זיין שוועסטער זשעניע זעלצער)



מאַרקאס בענדערסקי
(פאַרצייכנט דורך זיין שוועסטער כומע און שוואגער לעאָן רובין)



פערל בערמאַן דע בענדערסקי
(פאַרצייכנט דורך דעם שוואגער און שוועגערין לעאָן און כומע רובין)



דינה גענשעגגאָ־ין
(פאַרצייכנט דורך אירע קינדער : שמחה, פעסי, צבי און אברהם)



דוד און חנה ווינאקור
(פאַרצייכנט דורך זייער טאכטער רבקה וו. דע סאמאילאָף)



יוסף מאנעס האַלפערן
(פאַרצייכנט דורך זיין ברודער אלכסנדר האַלפערן)

**נפטרו בארגנטינה**
**געשטאָרבן אין אַרגענטינע**



צבי זעלצער
(פאַרצייכנט דורך זיין
פרוי זשעני און
פאַמיליע)



קלמן זעלצער
(פטרצייכנט דורך זיין
טאכטער חנה ז. דע
מעלמאַן און פאַמיליע)



צבי יערוזאלימסקי
גרינדער פון
דובאסאַרער פאַראיין
אין אַרגענטינע
(פאַרצייכנט דורך זיין
פרוי שרה)



עזריאל כהן (קאגאן)
(פאַרצייכנט דורך זיין
פרוי העניע לאה און זון
([illegible])



יוסף סאַמאילאף
(פאַרצייכנט דורך זיין
זון חיים און פאַמיליע)



שלמה סאַמאילאף
(פאַרצייכנט דורך זיין
פרוי ריווע און קינדער)



טייבל ווינאקור
דע סאַמאילאף
(פאַרצייכנט דורך איר
טאכטער עליסא)



לייקע פאלינסקי
(פאַרצייכנט דורך איר
טאכטער גיטל און
פאַמיליע)



וועלוול פאלינסקי
(פאַרצייכנט דורך דער
טאכטער גיטל און
פאַמיליע)

## נפטרו בארגנטינה
## געשטארבן אין ארגענטינע



מרדכי ראשקאוואן
(סוסלעוו)
פארצייכנט דורך זיין
י גאלדע) (דובאסאר)



הירש און ציפע שטיינבערג
(פארצייכנט דורך זייער זון לעאן און פאמיליע)



רבקה קיפניס-זעלצער און אירע טעכטער
אסתר, מלכה און עטי
(פארצייכנט דורך חנה און וועלוול זעלצער און
פאמיליעס)

## נפטרו בארה״ב וקנדה
## געשטארבן אין אמעריקע און קאנאדע



די מוטער פון לייביש
לואי לעווין (אמעריקע)



אברהם (אייבי) סאבאל
(ניו-יארק)



יוסף קיפניס
פילאדעלפיע (אמעריקע)



יהודה און חוה ספיטניק (קאנאדע)
(פארצייכנט דורך זייער טאכטער
רייזל לעווינשטיין)



פנחס ספיטניק
(וויניפעג — קאנאדע)
(פארצייכנט דורך זיין
שוועסטער
רייזל לעווינשטיין)



דוד טולטשינסקי און פרוי (קאנאדע)

## נפטרו בארגנטינה

## געשטאָרבן אין אַרגענטינע

**חיים שמואל ניסענזאָן און פרוי דאָבריש**

(פאַרצייכנט דורך זייערע קינדער שמעון, משה,
אפרים און פאַמיליעס)

**מענדל און אסתר קאשניצקי**

(פאַרצייכנט דורך זייער איינקל בערל פינקל)

**ישראל קאשניצקי**

(פאַרצייכנט דורך זייער זון בערל פינקל)

**ישראל יעקב רעמפל און פרוי חוה**

(פאַרצייכנט דורך זייער טאָכטער סימע סויבלמאַן)

**מנחם מענדל־זאב זעלצער און פרוי פייגע ראניע**

(פאַרצייכנט דורך זייער טאָכטער זינא זעלצער)

**אברהם און יהודית קאצעפמאַן**

(פאַרצייכנט דורך זייער זון שמעריל קאצעפמאַן)

**אהרן (אורקע) קינער און פרוי שיינדל**

(פאַרצייכנט דורך זייער זון משה קינער)

נפטרו בישראל
געשטארבן אין ישראל



ישעיהו און פערל דונאיעווסקי



דוד חכמאוויטש



יונה־טאניץ קן־ת־י



בת שבע חכמאוויטש



דוד ספיטניק



שרה ספיטניק



מענדל מלנ.ר



ציפורה פרייבערג־דודניק



חיים ראקאוו

